# יאָר

# 1666—תכ״ו

(שבתי צבי אין סטאַמבול)



# אימאוויטש

ניו־יאָרק, 1946

# ערשטער קאַפּיטל

## א.

ביי יחזקאל שוסטער אין הויז האָט זיך געשפּירט אַן אָנגעזעצטע און טומלדיקע יום־טוב׳דיקייט. ס׳האָט געשמעקט מיט פריש געבאַקענע חלה און טשערניטשקע, ס׳האָט זיך אַרום אויך געטראָגן דער זיסער ריח פון צוקער־געבעקס און צימערינג, און ס׳האָט זיך גערודערט ווי פאַר אַ חתונה: שכנים און קרובים זיינען געקומען און געגאַנגען, און יעדער באַזונדער איז אויף זיין שטייגער געווען נייגעריק אָנצוקוקן יחזקאל׳ס יונגע און שיינע פלימעניצע, וואָס איז געקומען פון לאַנד פּוילן קיין סטאַמבול נאָך אַ לאַנגע און שווערע נסיעה.

דאָס גאַנצע הויז איז לכבוד דעם „ליבן־גאַסט" געווען שבת׳דיק צוגעראַמט און פאַרפּוצט מיט אויסגעוואַשענע, געקווייטלטע פאָר־האַנגען, מיט ניי געקויפטע בילדער. די קישנס זיינען אָנגעצויגן געוואָרן מיט ווייסע ציכלאַך. די דיל באַשאָטן מיט זאַמד. דער וואַרשטאַט פאַרדעקט מיט אַ שאַרף פאַרביק טוך, און דער לאַנגער הילצערנער טיש, אַרום וועלכן די געסט זיינען געזעסן איז געווען פאַרשטעלט מיט כיבוד: אייגן געמאַכטער ראָזשינקעס־ווייַן, געקאָכטע באָב און אַרבעס, לעקאַך, טאָרט, האַרבוז קערלאַך, כאַלוואַ און נאָך אַנדערע טערקישע מאַכלים און נאַשערייען.

יחזקאל שוסטער. אַ וואוקסיק מיטליאָריק מאַן, מיט ברייטע כח אָנווייזנדיקע אַקסלען און גרויסע מאַזאָלעוואַטע הענט און פיס איז געווען וואויל אויפגעראַמט: אַלעמען מקבל־פּנים געווען מיט אַ האַרציקן „ברוך־הבא", גערעדט עפּעס גוטע און ווייכע רייד, וואָס זיינען דאַכט זיך געווען ניט אין כאַראַקטער מיט זיין מגושמ׳דיק געשטעל. יעדן באַזונדער האָט ער געענטפערט, יעדן עפּעס אריינ־געזאָגט, און יעדן מיט פולן מויל צוריק געבענטשט:

— מיט ליב זאָלסטו לעבן... זאָלן מיר דערלעבן צו זען ישועות ונחמות אויף אידן... נו, זעץ זיך צום טיש... און דו, ירוחם, וואָס לאָזטו זיך בעטן?.. יע. אייערנעכטן אָנגעקומען... נו, נו, מיט ליב זאָלסטו לעבן... מ׳זאָל דערלעבן גיין אויף שמחות איינע צו די אַנדערע... נו, וואָס זאָגסטו, איטשע, אַ שיין מיידל,

האַ ?... אַ דו טריפה׳נע ביין, דיר האָט זיך פאַרגענזלט... זעץ זיך, יודל...

דער יונגער און שיינער פּלימעניצע האָט יחזקאל אויפגענומען מיט דער היימישער קרוב׳שאַפט און האַרציגקייט, וואָס איז אַזוי שייך פאַר אידן, דערהויפּט אין פרעמדן לאַנד. ער איז מיט לייב און לעבן געווען פאַרטאָן מיטן ליבן גאַסט, און אין דערזעלביקער צייט האָט אים אָבער, איין גאָט ווייסט פאַרוואָס, געפעלט יענע התפעלות און אמת׳ע יום־טוב׳דיקייט, וואָס וואָלטן זיכער געווען מער ווי געננוג, ווען ער וואָלט אין דער שטיל בייזיך אין האַרצן ניט חושד געווען, אַז מיטן ברודער׳ס טאָכטער׳ס קומען איז עפּעס אין גאַנצן ניט גלאַט. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז די פּלימעניצע איז געקומען פון פּוילן אין דער טערקישער מלוכה־שטאָט צוליבן אומגעזונטן שבתי־צבי טומל, וואָס האָט זיך נאָך אים נאָכגעשלעפּט ווי אַ שוימיקער שפּור נאָך אַ שיף.

זיין ווייב האָדע, גוט און פרום, פאַרהאָרעוועט, געװויגט תמיד צו זיין אויף זיין זייט אַפילו דעמאָלט, ווען זי האָט געהאַט אַ חשד, אַז ער איז אומגערעכט, איז אויף איר שטייגער געווען צופרידן מיטן גאַסט און צו יחזקאל׳ן אין אויפמונטערנדיקן טאָן גערעדט:

— אַ פאַרשוין אַ מיידל, אַ ליכטיקער פּנים, לויטער ווי די זון.

אָבער יחזקאל האָט זיך ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין די ווייבערשע רייד און ווי ניט ניחא׳דיק אַרויסגעוואָרטשעט:

— פוסטע רייד, ניטאָ וואָס צו הערן.

ברוך, דער שוסטער־געזעל, אַ וואוילער יונג מיט אַ געדיכטער קודרע שוואַרצע וואָליקע האָר, אַ ביסל קאַסאָקע, איז געווען מיט יחזקאל׳ס פּלימעניצעס קומען, אויפגערעגט, נייגעריק און צופרידן. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּגעבן קיין קלאָרן חשבון, נאָר ער האָט עפּעס געפילט, אַז אין שטוב מיט איר קומען איז געוואָרן אַנדערש, און ער אַליין איז דערפון געוואָרן מער אויפגעלעבט און מער זינגנדיק, און דער האַמער האָט גאָר מיט אַ באַזונדער טעם און כוונה כסדר געקלאַפּט אין טאַקט פון זיינע לעבעדיק געזונגענע לידער.

— אַ מויד ווי אַ צימעס, — האָט ער דערנאָך איבערגעגעבן זיין איינדרוק וועגן מיידל יאָשקען דעם שניידער־געזעל, דערביי האָט ער מעשה כוואַט צוגעוואונקען מיטן אויג: — איך זאָג דיר, יאָשקע, איינס אין סטאַמבול!..

שפרה, דער גאַסט אַליין, האָט זיך די ערשטע פּאָר טעג געפילט ווי נאָר וואָס אַרויסגעקומען פון אַ שווערן שלאָף: אַלץ ניט אין פּלאַץ, אַלץ אַזוי צעצויגן, ניט קלאָר און עפּעס אַזוי צומישט, זי האָט די גאַנצע צייט געטראָגן אַ מינע אויפן פאַרטראַכטן יונגן פּנים פון אַרויסקריכן פון אַ פינסטערן אָרט אין אַ זייער ליכטיקן, און ס'איז געווען ווי זי וואָלט פרעגן: וואו בין איך אין ערגעץ אין דער וועלט? עפּעס אַלץ איז אַזוי טשיקאַווע, פרעמד און טומלדיק ווי אויף אַ יאַריד: פרעמדע מענטשן, אַנדערע אַנטואַכץ, אַנדערע הייזער, אַן אַנדער לשון, — ווייט ניט אַזוי ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. זי איז געווען פאַרטראַכט און שווייגנדיק, ניט אַרויסגעוויזן קיין נייגעריקייט, ניט גענומען אַ וועלכן ס'איז אַנטייל אין דעם וואָס איז אַרום איר פאָרגעקומען. — „אַ רענדל אַ וואָרט". — ווי ברוך דער גאָזעל האָט איינמאָל געזאָגט צו האָדען, וואָס אויף דעם האָט האָדע מיט מוטערלאַכן, טרייסטנדיקן טאָן באַמערקט: — „מ'קאָן זי ניט פאַר אומגוט נעמען. עפּעס אַ קליינקייט אַזאַ נסיעה. וועט קומען אַביסל צוזיך, וועט זיך אָפּדיכן, וועט זיין אַלץ אַנדערש"...

יחזקאל'ס שאַרף אויג האָט אָבער אַנטדעקט הינטער שפרה'ס פאַרטראַכטקייט און פאַרשלאָפנקייט אַן אומרו, וואָס קאָן יעדער ווײַלע זיך אַרויסשלאָגן פון אויבן און האָט צו זיך אַליין געזאָגט: „מיט דער מויד איז עפּעס ניט גאָר גלאַטיק".

ס'האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס שפרה האַלט זיך אַזוי שטייף קעגן ברוך דעם גאָזעל און זיינע חברים, — אַלע בעל־מלאכות. הגם ער וואָלט אויך ניט געוואָלט, אַז זי זאָל ווערן צופיל "מחותן" מיט זיי, אַז זיי זאָלן דערנאָך וועגן איר קאָנען טראַכטן און ריידן „גאָט־ווייסט־וואָס". — אָבער אַזוי גאוה'דיק, אַזוי שטאָלץ און פרעמד, — דאָס איז געווען אין גאַנצן קעגן אים און זיין שטאַנד.

נאָך בעסער, ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אָט די אַזוי פאַרשלאָפענע, ווערט זייער וואַכיק און פול מיט לעבן און נייגעריגקייט, ווען ס'רעדט זיך וועגן שבתי־צבי, — ווייל אין צייט, וואָס די גאַנצע סטאַמבולער אידישע קהילה איז געגאַנגען „אויף רעדלאַך" מיט שבתי־צבי און אַלע האָבן זיך שוין געגרייט אויפן גרויסן טאָג פון דער גאולה, איז ער יחזקאל שוסטער געווען איינער פון די איינציקע, וועלכער איז אַן מורא אָפן און העזה'דיק אַרויסגע־

טראָטן אין אַלע עפנטלאַכע פּלעצער קעגן אָט דעם פאַלשן משיח. ער, יחזקאל שוסטער, מיט אַ געזונט אַנטוויקלטן חוש פאַר זיין מלאכה און שטאַנד, איז תמיד געווען קריגעריש געשטימט קעגן די אַלע, וואָס זיינען דורך אומאָרנטלאַכע מיטלען געקומען צו עשירות און במילא תקיפות. ער איז תמיד געווען פול צאָרן אויף די פרנסים און אַלע קהל'ס־לייט, געווען פון די אומדערמידלאַכע קעמפער אין זיין שול, געהאַט שאַרפע צוזאַמענשטויסן, דאָס רוב, מיט די מער באַלעבאַטישע מענטשן פון שול.

חוץ דעם, וואָס ער האָט זיך שנאה'דיק באַצויגן צו שבתי־צבי, ווי צו אייגעם, וועגן וועמען ער האָט זיך אָנגעהערט אַזויפיל ניט קיין שיינע זאַכן, האָט ער אים נאָך באַזונדערס פיינט געהאַט דערפאַר וואָס זיינע געטרייסטע חסידים זיינען געווען דאָס רוב מענטשן פון אַ וועלט קעגן וועלכער ער האָט פון קינדווייס אָן געטראָגן אַ האַס. און די זיינען געווען די אַלערליי סאָרטן סוחרים'לאַך, מעקלער, פאַקטאָרס, קרעמער, חלפנים, וואָכערניקעס, קהל'ס־לייט, דרייקעפּ און סתם ליידיקגייער: אַלע אַזוינע מענטשן, וועמען ס'לעבט זיך גוט ניט אַרבעטנדיק, ניט אַזוי ווי ער און די איבעריקע בעל־מלאכות, וואָס אַרבעטן פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט און צום סוף פעלט אויס יעדער וואָך אויף שבת. ער האָט פון תמיד אין זייער שול אָנגעפירט מלחמות מיט די פאַר־קאָכטע שבתי־צבי'ניקעס, און גאַנץ אָפט געווען פאַרמישט אין אַזוינע קריגערייען, אַז ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט וועט ער מאַכן גוטן נוץ פון זיינע שטאַרקע, מאַזאָלעוואַטע הענט.

שפרה, וועמען יחזקאל האָט ווי אַ פעטער גענומען אונטער זיין השגחה, איז דערווייל אַרומגעגאַנגען ווי אונטער אַ וואַסער. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז ווי קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט איר ניט אָנגעגאַנגען. געווען שווייגעדיק, געקוקט אויף אַלץ און אַלעמען מיט גרויסע, אויף איין אָרט שטייענדיקע, אויגן, געהאַט אויפן שיינעם פנים אַן אויסדרוק, פון חידוש'ן זיך. זי האָט אַפילו געהאָלפן דער מומע האָדע'ן באַלעבאַטעווען אין הויז: אויפגעגנייט נייע ציכן, זיך פאַרנומען אויסנייען אַ „מזרח" מיט רויטע און בלויע בלאָטשקע, זיך גע'עוסק'ט מיט פאַרהאַנגלאַך און האַנטאַכער, אָבער ס'איז געווען אָן חשק און טעם, ווייל זי האָט דאָס טוענדיק, וועגן וואָס אַנדערש געטראַכט, און וועגן וואָס זי האָט געטראַכט

איז געווען אַזוי ווייט און פרעמד, אַז זי האָט אַליין פאַרזיך קלאָר געזען דעם תהום וואָס שיידט איר אָפּ פון דעם, און דאָס האָט געריבט פון איר די גאַנצע לעבעדיקייט און נייגעריקייט.

ס'האָט אויך ווייניק וואָס געהאָלפן, וואָס ברוך דער גזלן האָט אָנגעווענדט אַלערליי שטיק און קונצן זי אויפצומונטערן, זי איז געבליבן ווי פריער אַ צוריקגעצויגענע און שווייגנדיקע, ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטענעם אינטערעס אין אַרומיקן לעבן, אָבער דערפאַר געוואָרן וואַכיק און אָנגעצויגן, ווען ס'האָט זיך גערעדט וועגן שבתי־צבי: אויסגעשטעלט די אויגן, אָנגעשפּיצט די אויערן, און אין האַרצן האָט זיך וואָס גערירט.

ברוך דער גזלן האָט זיך געפלייסט, געבריה'ט, דערציילט פאַרשיידענע מעשיות, וואו ער האָט אַלעמאָל געשפּילט די העלדנ־ראָליע. דערציילט האָט ער עס וואוילעריש און געקוקט מיט די קאַסאָקע אויגן אין אַלע זייטן, דערהויפּט אויף שפרה'ן, זיך באַרימט ווי ער האָט זיך „אַנומאָלט" געשלאָגן מיט דריי טערקן און זיי אַלעמען צושלאָגן ווי „ווייניקע עפּעל", און ווי איינמאָל אין אַ פינצטערער נאַכט זיינען אים אויפן בריק באַפאַלן אַ פּאָר „גזלנים" און געמאָנט זיין „געלט אָדער זיין לעבן", — און וואָס ער האָט זיי געגעבן איז געווען אַ גרויסער „פייג", — און דערביי אַריינ־געטאָן דעם גראָבן פינגער צווישן צייג־און־מיטלסטן פינגער און העפטיק געשאָקלט די אויפגענומענע האַנט מיט אַ מינע פון אַ זיגער.

ער האָט אויך אויסגעזונגען זיין גאַנצן שפּייכלער לידער און אַרויסגעוויזן זיין קענטעניש אין געזאַנג. ער האָט אַפילו געזונגען טערקישע לידער און ניגונים, געלאָזט שפרה'ן אָנצוהערן, אַז ער האָט אַ סך מיידלאַך, אָבער ס'האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. שפרה האָט זיך געריטלט, געהאַט אַ געפיל פון אַ ניטגוטקייט אונטער דער לאָפּעטקע און מורא געהאַט, אַז ער זאָל צו איר ניט צושטיין.

איינמאָל, ווען ברוך איז געווען גוט אויפגעלייגט און געזונגען אַ טערקיש ליבע־ליד, און יחזקאל איז גראָד ביים וואַרשטאַט ניט געווען, האָט ער זי מעשה כוואַט אַ נעם געטאָן ביי די בריסט. זי איז געוואָרן אַ פאַרציטערטע. אַ בלעזלדיק שטראָם האָט דורכ־געשאָסן איר לייב און אַ הייסע רויטקייט האָט באַפאַרבט איר פּנים. אַ געשריי האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון איר האַלז, אָבער געבליבן שטעקן אין מיטען, ווי פאַרהאַלטן אָן אַ שטיק אָנוואוקס,

געבליבן פאַרשטיינערט — אָן לשון, שטום געקוקט, געפילט ווי ס'ברענט דאָס פנים, געהאַט אַ פיינלאַכע נאָגעניש און אַ געפיל אַז עפּעס פרעמדס, קלעפּיקס האָבן פאַרשוועכט דאָס, וואָס זי האָט אי פאַרזיך אי פאַר אימעצן אַנדערש, געהאַלטן אַזוי אָפּגעהיט. טרערן האָבן געשטיקט איר האַלז און האָט נאָר צום סוף געקאָנט אַרויסריידן:

— בושה מאָגט איר האָבן!

ברוך האָט זיך דערנאָך באַקלאָגט פאַרן שניידער געזעל יאָשקע:

— אַ גאַנצע יחסנ'טע, לאָזט זיך ניט אַ טאָפּ טאָן.

יחזקאל'ן איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק זי צו פאַר'שדכנ'ען מיט איטשע „ליטוואַק", פאַר ווען ער האָט ביי זיך געכאָוועט אַ גוט געפיל, אַפילו ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַ „לערנער", איינער אָן אַ מלאכה אין האַנט.

איטשע „ליטוואַק" איז געווען פון די אַרומוואַנדערנדיקע „לערנער" און האָט שוין פון אַ פּאָר יאָר געהויזט בשלום אין זייער קלויז. ער איז געווען אַ מאַן אַרום דרייסיק, שיין געוואַקסן מיט אַן איידעלן פנים און טיף געזעצטע אויגן, וואָס האָבן אַזוי פאַרטראַכט און מילד געקוקט אויף אַלץ, וואָס איז נאָר אין זייער וועג געווען. געוויסע לייט אין שול, וואָס ווייסן פון אַלץ, האָבן עדות געזאָגט, אַז ער איז אַ גרויסער „לערנער" און אַזוי אגב־אורחא אויך אַריינגעוואָרפן אַ וואונק, אַז ער איז אויך פאַרקאַפּט אין די חכמות פון די אומות העולם. איטשע „ליטוואַק", ווי מ'האָט אים גערופן (ווייל דאָס איינציקע וואָס מ'האָט פון אים געוואוסט איז געווען, אַז ער קומט פון ערגעץ אין ליטאָ), האָט זיך תמיד געהאַלטן אָן אַ זייט, ניט אַרויסגעוויזן די מינדסטענע נייגעריקייט, זיך ניט געמישט אין די שמועסן, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען בין־מנחה־ומעריב, ניט אַנטייל גענומען אין די אינטערעסן פון שול, קיינמאָל וועגן זיך אַ וואָרט, געווען זייער פריינטלאַך ווען מ'האָט זיך צו אים געווענדט, געווען גרייט צו טאָן וואָס מ'האָט פון אים פאַרלאַנגט. געלעבט האָט ער אויף ברויט און וואַסער, און כמעט ווי אָן חשק אָנגענומען די איינלאַדונגען אויף אַ שבת, אָדער אויף אַ יום־טוב. אַלע אין שול האָבן זיך צו אים פריינטלאַך באַצויגן, און יחזקאל, וואָס איז געווען שאַרף אויסגעשפּראָכן קעגן אַלע „ליידיק־גייער" און „באַנק־קוועטשער" האָט איטשע'ן אויף זיין שטייגער ליב געהאַט

און תמיד וועגן אים גערעדט ווי וועגן אַן „אייגענעם מענטשן".

יחזקאל האָט זיך אַלץ וואָס ווייטער מער איינגעוואוינט מיטן געדאַנק צו פֿאַר'קנס'ן דאָס פּאָרל, געגומען זוכן אַ וועג ווי אַזוי אַרום די „קאָץ זאָל קומען איבערן וואַסער", און דערווייל ביי יעדער מינדעסטער געלעגנהייט, אַזוי אגב־אורחא, געלאָזט פֿאַלן גוטע ווערטער וועגן איטשע „ליטוואַק", דערהויפּט ווען שפרה איז דערביי געווען.

— אַ וואוילגעלערנטער, אַ מענטש אַ זייד, פּשוט אָן אַ גאָל, — פֿלעגט ער אַלעמאָל אויסלאָזן.

ברוך דער געזעל האָט בשום־אופן ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן, וואָס יחזקאל לויבט אַזוי איטשע „ליטוואַק" פֿאַר שפרה'ן אין די אויגן. ביי אים איז איטשע עפּעס געווען אַ שלימ'מזל'דיקער "באַנק־קוועטשער", איינער פֿון וועלכן מ'קאָן אָפּלאַכן, מיט וועלכן מ'קאָן זיך רייצן און טרייבן שפּאַס, קורץ — גאָר קיין זכר ניט. און ווען יחזקאל פֿלעגט אַזוי ריידן וועגן אים, האָט'ס אים פֿאַרדראָסן, און דערשפּירט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, ניט אַזוי „פֿויגלדיק" און איז דאַרום תמיד אין אַזוינע פֿאַלן אַריינגעפֿאַלן מיט גראָבע באַמערקונגען וועגן „אויסגעוויקסטן הערינג". יחזקאל אָבער פֿלעגט אים שטרענג אָפּשניידן:

—מיש זיך ניט, ניט דיין באָבעס עסק!

איינמאָל האָט יחזקאל געפֿרעגט האָדע'ן:

— וואָס זאָגסטו עפּעס וועגן איטשע „ליטוואַק"?..

האָדע האָט אים אַזוי תמימות'דיק אָנגעקוקט, פֿאַרשטאַנען וואָס ער איז אויסן, און שטיל געזאָגט:

— וואָס ווייסט אַ אידענע צו זאָגן.

— וואָס זאָגסטו עפּעס וועגן אַ שידוך מיט אים און שפרה'ן?

האָדע האָט געוואָלט אַרויסזאָגן וואָס זי טראַכט וועגן דעם, וואָס דאָס וואָלט געהייסן, אַז זי איז ניט אַזוי איי־איי, אָבער זי האָט זיך באַטראַכט און נאָר געזאָגט:

— כ'ווייס?... וואָס קאָן מען וויסן.. אויב ס'איז באַשערט...

— באַשערט! באַשערט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און פֿאַרשטאַנען, אַז האָדע איז ניט אַזוי איי־איי ווי ער, און האָט מער וועגן דעם ניט גערעדט

דערווייל האָט זיך אין דער סטאַמבולער אידישער געמיינדע

שטאַרק געטומלט און גערודערט מיטן אָנקום פון שבתי־צבי. אַ טייל פון דער סטאַמבולער אידישער באַפעלקערונג די פּרנסים און רבנים זיינען נאָך אַלץ געווען שטאַרק אויסגעשפּראָכן קעגן שבתי־צבי און זיינע אָנהענגער, אָבער דער גרעסטער טייל פון פאָלק זיינען געווען מיט אים און אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל. אברהם היכיני און די צוויי „נייע נביאים" ר' משה סערוויל און ר' מרדכי החסיד האָבן איינגעלייגט וועלטן. זיי האָבן אַרויסגעשיקט געפעלשטע בריוו, פלאַמענדיקע קול־קורא'ס צו אַלע אידישע קהילות אין דער וועלט. זיין בעל־יועץ און פאַרטרויטער שמואל פרימא און אברהם היכיני האָבן אומערמידלאַך געאַרבעט צווישן די איינגעגלויבטע אויף אַזאַ שטייגער, אַז אַלע האָבן פשוט געשפּירט די עקבות־המשיח און די באַלדיקע גאולה. ס'האָט זיך געשאַפן אַ מאָדנע לאַגע, און אַלץ איז מיטאַמאָל אויפגעמישט געוואָרן, און קיינער האָט זיך ניט געקאָנט קלאָר מאַכן וואָס ס'קומט אין דער אמת'ן פאַר. די פאַנטאַזיע־אָנגעצונדענע חסידים האָבן אין אַלע גאַסן, באַזאַרן און שולן פאַרקונדיקט דעם גרויסן טאָג פון דער גאולה, דערציילט די גרויסע וואונדער און ניסים פון דעם מלך־המשיח שבתי־צבי ירום הודו. אַזוי אַרום איז די משיח־מהומה געשטיגן מיט יעדן טאָג. בריוו און שליחות זיינען, דורך מויל און פעדער פון שבתי־צבי'ס בעל־סוד שמואל פרימא און „נביא" נתן פון עזה, געקומען צו די אידן פון סטאַמבול און גאָר דער וועלט. אין די בריוו צו די פאַר־שיידענע קהילות איז דערציילט געוואָרן וועגן זיין פייערלאַכן אַריינפאָר אין מלוכה־שטאָט, ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאָרן אין סולטאַנ'ס הויף רייטנדיק אויף אַ לייב, און דער סולטאַן האָט זיך מיט אים דערפרייט און אים אָנגעטאָן אַ קרוין אויפן קאָפּ, ווי ס'פּאַסט פאַרן אידישן מלך. אין די בריוו האָט זיך מיט זיכערקייט גערעדט ווי די גאולה קלאַפּט אין טיר און אָט, גאָר אין גיכן וועלן די אידן אין דער גאָרער וועלט אויסגעלייזט ווערן.

אין סטאַמבול האָט יעדער ניי אָנקומענדיקער טאָג געבראַכט נייע אויפרעגונג. דער טומל, אַן אומגעזונטער, אנשטעקנדיקער, האָט פאַרכאַפּט אַלע אידישע הייזער. מענטשן זיינען פשוט געקראָכן פון הויט. דער אַלטער ר' משה סערוויל האָט געשפּרונגען ווי אַ באָק אין די גאַסן און געשריען מיט באַנומענע קולות, אַרויסגעלאָזט אַזוינע קבלה'שע נעמען און אויסרופן, — און זיין מויל האָט געשוימט.

אומעטום, וואו מ'איז געגאַנגען און געשטאַנען, האָט מען געהערט ריידן וועגן פאַרקויפן הייזער און „מסחרים" צו די „ישמעאלים", מ'האָט דערציילט, אַז די אידישע קהילות פון האַמבורג, פּראַג און ליוואָרנא האָבן שוין אויסגעוואַנדערט, און אַלע זיינען אָנגעגריפן געוואָרן מיטן גייסט צו נעמען די שטעקנס אין די הענט און די פעקלאַך אויף די פּלייצעס — און אין וועג צו ירושלים.

יחזקאל איז פון דעם אַלעם געווען אויסמענטש, ער איז די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען אַ צעזאָרענער, געווען אויפגערעגט און גרייט מיט יעדן באַזונדער זיך וועגן דעם צו קריגן. איינמאָל איז זיין כעס אַזוי ווייט געשטיגן, אַז ער האָט זיך פאַר'גנב'עט ביינאַכט אין זייער שול און אָפּגעריסן פון פּרוכת די אותיות ש"צ. אויף מאָרגן האָט זיך אין שול אויפגעהויבן אַ מהומה און מ'האָט געזוכט דעם שולדיקן. ס'האָט געהאַלטן, אַז ער זאָל מודיע זיין „בפני כל עם ועדה", אַז ער האָט'ס געטאָן, אָבער אַזוי ווי קיינער האָט ניט חושד געווען די שול־מענטשן האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן און גע־טראַכט: זאָלן זיי זיך טומלען, און אין דער שטיל געשמייכלט.

יחזקאל האָט באמונה שלמה געגלויבט אין ביאת־המשיח, אָבער ניט אין דעם, אַז שבתי־צבי איז דער משיח, און זיין פאָרשטעלונג וועגן דעם משיח איז געווען פונקט דער היפוך וואָס ס'האָט פאָרגעשטעלט שבתי־צבי. דער משיח דאַרף קודם־כל זיין אַ מאַן, — אַ גיבור־מלחמה, אַזאַ, וואָס איז באַזעסן מיט אַ קערפּערלאַכער גבורה. אַזאַ, וואָס וועט קאָנען מיטן שווערד אונטערדריקן מלוכות, קאָנען אָנפירן חיילות. און שבתי־צבי האָט אין גאַנצן בטול געמאַכט אָט די פאָרשטעלונג: עפּעס אַ שוואַכער, פאַרווייבערשטער מאַן — אַ נואף, אַ מענטש אָן רצון, לאָזט זיך פירן פאַר דער נאָז פון אַזעלכע פאַרשוינען ווי שמואל פּרימא און נתן פון עזה, און ביי זיך באַשלאָסן אַז אַזאַ קאָן ניט זיין דער משיח, וועלכן ער דערמאָנט יעדן טאָג אין דאַווענען, און דאַרום געגומען אָנפירן אַ מלחמה קעגן שבתי־צבי און זיינע חסידים, און וואו ער איז געשטאַנען און געגאַנגען איז אים אויסגעקומען זיך צו אַרומקריגן. איינמאָל איז געוואָרן אַן איינגעלאָף ווי צו אַ שרפה, ווען יחזקאל האָט זיך אויפן קול צושריען אויף גאָטע דעם שוסטער ביי לייבע דעם פעל־קרעמער אין קלייט, און איינמאָל אין אַן אָוונט איז שיר ניט געקומען צו אַ שאַרפער קריגעריי ביי אים אין הויז צווישן אים און זיין שכן פינע דער מעלקרעמער.

יחזקאל, ווי שטענדיק ווען דער ענין איז געווען שבתי־צבי, האָט מיט רוגזה גע׳טענה׳ט אַז ער איז אַ משיח־השקר, אַן עוכר ישראל, אַ נואף און זיין בעל־סוד און יועץ שמואל פרימא איז אַ „גאַטס־גנב", ווּעמען ער וואָלט אַפילו ניט אָנגעטרויט אַן אַלטע גוי׳ע, און דעם „נביא" פון עזה, דעם ארץ־ישראל איד, וואָלט ער אַפילו ניט אָנגעשטעלט פאַר אַ שמייסער אין זייער באָד, פאַר מורא ער זאָל די רוקנס ניט צעקרימען.

פינע דער מעל־קרעמער, אַ איד אַ זאַיאַדע, מיט אַ שפּיציק בערדל און נאָז, האָט מיט אַ בכיונ׳דיקער געדולד קאַלט און אַזוי לאַגאָדנע גע׳טענה׳ט, אַז שבתי־צבי איז דער אמת׳ער משיח און גואל, אַראָפּגעשיקט מן השמים אויסצולייזן דאָס פאָלק ישראל פון פינצטערן גלות, און שמואל פרימא וואָלט אַפילו געקאָנט זיין אַ פאַרטרויטער מיניסטער ביים גרויסן פראַנצויזישן מלך לודוויק דער פערצנטער, און אַז ס׳איז ברי, אַז נאָך היינטיקן יאָר תכ"ו איז דאָס גאולה יאָר און וועגן דעם טאַקי איז דאָ אַ רמז אין זהר־הקדוש.

יחזקאל, אַביסל צערייצט האָט אויף דעם מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן געענטפערט:

— הערסט, פינע, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — דרייסט אַ קאָפּ, ווייסט ניט וואָס דו רעדסט. קוק מיך אָן, אָט ווי דו זעסט בין איך אַ פשוט׳ער איד — אַ בעל־מלאכה, איך ווייס ניט פון קיין חכמות, פון רמזים אין זהר און פונדעסטוועגן ווייס איך בעסער פון דיר... וואָס מיר קונצן?... איך זאָג אַזוי: איר זייט אַ באַנדע „גאַטס־גנבים", און אויב שבתי־צבי איז דער גואל, דער מלך־המשיח און שמואל׳קע איז זיין „בעל־יועץ", נתנ׳קע זיין „נביא", וויל איך, יחזקאל שוסטער, ליבערשט בלייבן אין גלות. — פאַר־שטייסט אַצינד, פינע?!...

פינע האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, אויפגעצויגן דאָס מויל און דערנאָך אַזוי חוזק׳דיק אַרויסגעזאָגט:

— וואָס איז פאַראַן צו פאַרשטיין.

אַזוי אַרום: אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און יחזקאל האָט גענומען פאַרלירן דאָס געדולד, גענומען העפטיקער קלאַפּן מיטן האַמער און זיין קול האָט קריגעריש געקלונגען:

— הער וואָס איך וועל דיר זאָגן, פינע? — און האָט אַוועקגעלייגט דעם האַמער אויפן וואַרשטאַט, אים שאַרף אָנגעקוקט,

געהאַט אַ פאַרלאַנג עפּעס שטאַרק אַריינצוזאָגן, אַז ס'זאָל אים ווייטאָן. ער האָט גערעדט: — הערסט, ביזט דאָך אַ גאַנצער קנאַקער דאָרטן ביי דער חברה, זאָג איך דיר, אַז מיר דאַכט זיך, אַז דו מיט דער גאַנצער כאפּטע זיינען אסור ווערט וואָס די ערד טראָגט אייך. איר זייט אַלע ערגער פון משומדים. אַ משומד טשעפּעט קיינעם ניט. איינמאָל זיך גע'שמד'ט און פטור — אַראָפּ פון מאַרק!.. אָבער איר?.. איר'ט פאַרפירן אין אַזאַ בלאָטע אַז מ'וועט ניט קאָנען אַרויסקריכן!...

פינע האָט מיט אַ דין שמייכל און שפּיציקע אויגן געקוקט אַזוי צו'להכעיס'דיק אויפן צערייצטן יחזקאל און ווי ניט אים מיינט מען פאַוואָלע גערעדט:

— ע, ר' יחזקאל, איר ווערט אין כעס... אַביסל געלאַסענער, אַזוי איבערגעלייגט, ווי ס'שטייט: דברי חכמים מנחת נשמעים, — אַזוי פאַוואָלע, צו וואָס זיך קאָכן, פרעג איך אייך?.. אַצינד ר' יחזקאל איז די זאַך אַזוי. איר'ט דאָך אַליין צוגעבן, אַז אידן דאַרפן האָבן אַ משיח. וואָזשע ניין? איי וואָס — זיי האָבן ניט?!.. איז טאַקי ניט גוט. ווער זאָגט, אַז ס'איז גוט? אָבער צוגעבן וועט איר דאָך אָבער אַז זיי דאַרפן יע, טאָ ווי באַלד אַזוי טאָ זאָגט זשע מיר פאַרוואָס ניט שבתי־צבי? אדרבה?...

און פינע האָט מיט אַ באַזונדער הנאה שפּיציק געקוקט יחזקאל'ן אין די אויגן.

יחזקאל האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר שווערגעברעמטע אויגן און נאָר אַרויסגעזאָגט:

— וואָס?! טאָ פאַרוואָס קאָן איך ניט זיין דער משיח? אויב מיר דאַרפן אַ משיח זאָל ער זיין דער משיח?!.. טאָ פאַרוואָס טאַקי ניט איך?

פינע האָט אַ מאַך געטאָן די האַנט און אַזוי פול באַדייט גע־שמייכלט און געזאָגט:

— אָ, איר רעדט נאַרישקייטן, ר' יחזקאל.

יחזקאל האָט זיך אָנגעצונדן, אַ הויב געטאָן פון טאַבורעט און אַרויסגעשאָסן:

— אָט דער נואף, אָט דער ליידאַק, — ער אַ משיח?! אַזוי לאַנג זאָלן מיינע שונאים און אַלע שונאי־ציון קרייבקען, ווי לאַנג ער וועט ניט זיין דער משיח!... ביזט חסר־דעה, פינע...

פינע האָט געהויבן די אויגן, געקוועטשט מיט די אַקסלען און אַזוי קאַלטבלוטיק גערעדט:

— איר רעדט, ר' יחזקאל, איר זאָלט אויף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן ווי... כ'ווייס אַליין ניט ווי...

יחזקאל האָט פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט, זיך אַזוי אַרומגעראַמט ווי צו האָבן געגנוג פּלאַץ און אַזוי אָנגעקוקט פינע'ן מיט אַן אויסדרוק אויפן שטריכיקן פנים, וואָס האָט ווי גערעדט: לאָמיך הערן וואָס ער וועט זאָגן: ווי ווער? — זעענדיק, אַז פינע האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעהאַקט, האָט ער אים צוגעהאָלפן אַרויסצו־ציען פון אים מיט דעם וואָס ער האָט פאַרגעזעצט: ווי, ווי...

— ווי גאָר קיין איד ניט, — האָט פינע אַרויסגעזאָגט ניט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן.

יחזקאל'ן איז געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן, גענומען צוריק דעם האַמער און ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— אַזוי ווי גאָר קיין איד ניט. איך בין ניט קיין איד... איך בין ניט קיין איד. טאָ ווער־זשע איז אַ איד?...

האָדע דערשפּירנדיק דאָס אָנקום פון אַ מחלוקה האָט זיך פון דער ווייטן אַריינגעמישט:

— יחזקאל, גוואַלד געשריען וואָס דאַרפסטו זיך אַזוי ערגערן? וואָס גייט'ס דיך אָן מער ווי אַלעמען? אַ דאגה... וואָס קומט אַרויס דערפון?!... און איר, ר' פינע, אויך... איך פאַרשטיי אייך ניט, מ'זאָגט ווייבער...

יחזקאל האָט זי ווייטער ניט געלאָזט גיין, ער האָט שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— מיש זיך ניט!... ניט דיין באָבעס עסק!... הערסט?...

שפרה איז געשטאַנען אויף יענעם זייט אַלקער און זיך צוגע־הערט מיט איין אויער, און דער אויסדרוק פון פנים האָט עדות געזאָגט, אַז זי איז באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין דעם שמועס. הגם זי איז אין האַרצן געווען קעגן פעטער, וואָס ס'איז געווען שייך שבתי־צבי'ן, פונדעסטוועגן האָט זי אויפן אָרט פיינט געקראָגן דעם שכן פינע פאַר זיין שפּיציקן שמייכל, און האָט געוואָלט, אַז ער זאָל פון פעטער כאַפּן אַ מפּלה, ס'וואָלט איר זייער הנאה געטאָן. זי איז אַרויס פון אַלקער.

יחזקאל האָט אויפגעכאַפּט דעם אויסדרוק פון איר פנים, און

ס׳האָט אים אַ שלאָג געטאָן, אַז איר האַרץ גלוסט נאָך שבתי־צבי, און די מחשבה וועגן מוטערטראַכט פאַרבינדונג צווישן זיי האָט אים ווי אַ בליץ געטראָפן. זיין לייב איז געוואָרן פול מיט קריכענדיקן און בלעזעלדיקן שוידער, און אַ קלעפּיקער בושה־געפיל האָט אים אַרומגעכאַפּט.

יחזקאל האָט ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— וואָס פעלט אים? וואָס פעלט זיי? ווען זיי וואָלטן האָבן דעם אָרימאַנס קאָפּווייטאָק וואָלטן זיי ניט געפּראַוועט די שטיק, וואָלטן זיך ניט געשפּילט אין משיח׳ס. וואָס פעלט זיי? ווי פערד, וואָס שטייען שטענדיק אויף האָבער. קיין דאגת־פּרנסה האָבן זיי ניט, — אָט בושעווען זיי!... פּראַוּוען דעם קרבן־פּסח האָט זיך אים פאַרוואָלט. ווען אָבער זייערע קעפּ וואָלטן זיי געדאַרט ווי אונז, ווי אַזוי אַריינצוברענגען דעם פּסח אין שטוב, וואָלט זיי ניט געלעגן אין קאָפּ פּראַוּוען די שטיק מיטן קרבן־פּסח...

פּינע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געקנאַקט מיט דער צונג און געזאָגט:

— טאַ, טאַ, טאַ, אַזוי גאָר?... מהואו אַלץ אַזוינע עוולות! גאָט זאָל שומר און מציל זיין, — טאַ, טאַ, טאַ...

יחזקאל האָט רוגזה׳דיק אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער:

— וואָס זאָגסטו צו אים? — גאָרנישט!... ביי אים איז׳ס אַ שפּילכל... הערסט, פּינע, לאָמיך אויף טשיקאַוועס זען צי מ׳וועט מאַכן דעם שבת "הנותן תשועה" פאַר "אים" ביי אונז אין שול... מ׳וועט אָן קעפּ אַוועק!...

פּינע האָט מיט אַ דין שמייכל אויף די ליפּן גערעדט:

— ר׳ יחזקאל עסט זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, אַזאַ שטיק גאָלד זאָלן מיר ביידע האָבן, וואָס פאַראַ שטיק "הנותן תשועה" מ׳וועט אים מאַכן...

— אַזוי זאָגסטו?! אדרבה, איך וואָלט׳ס וועלן זען!

האָדע האָט זיך ווידער אַריינגעמישט:

— פּינע, איך בעט דיר, זאָל זיין גענוג. איר מוזט זיך דאָס רק האַמפּערן? שטענדיק דיזעלביקע מעשה... ס׳ווערט זיי גאָרניט נמאס!...

שפּעטער איז געקומען פּינע׳ס ווייב שרה־באַשע, אַ פאַרהאָרעוועטע, אָבער מיט אַ מינע פון אַן עקרת־הבית, און האָט זיך ווי

אַלעמאָל פאַר האָדע׳ן גענומען באַקלאָגן אויף איר פּינצטערער מערכה. זי האָט מיט אַ פאַרזאָרגטן פּנים גערעדט:

— וואָס זאָל איך אייך דערציילן, האָדע, וואָס איך שטיי פון אים אויס... אָט אַזוי רייסט ער זיך מיט אַלעמען אַרום און ס׳פּלאַצט מיר די גאַל צען מאָל אַ טאָג. איך ווייס ניט וואָס מ׳טוט. זיך אַריינגענומען אַ שגעון אין קאָפּ און כאָטש פּלאַץ! ער פאַר־פינצטערט מיר דאָס לעבן. וואָס האָט ער דערפון?... אַן אמת׳ע קליפּה... אייערנעכטן האָט ער זיך אַרומגעריסן מיט ראובֿ׳ע דעם בעקער, איך האָב געמיינט מ׳וועט אָן קעפּ אַוועק. ווי צוויי הענער — אַזאַ דזשיראַקע. יענער מיינט איר איז בעסער? אויך ווי אַ גאַלעגוטסקער האָן, — נאָר זיך רייסן. איך האָב געמיינט, אַז זיי זיינען פון זינען אַרונטער... ס׳איז ניט אויסצוהאַלטן. אַז איך לעב בין איך שטאַרקער פון אייזן... לאָזט די קראָם אויף מיר און לויפט אַוועק זינגען און טאַנצן מיט די גאולה׳ניקעס... און זאָג אים אַ וואָרט ווערט ער אָנגעצונדן...

האָדע האָט זי מיטגעפילט און פון איר זייט זיך באַקלאָגט:

— און וואָס מיינסטו איז מיינער — בעסער מיינסטו? איך האָב פון אים אויך אויסגעריסענע יאָרן... אָט אַזוי, ווי מ׳קומט זיך נאָר אויף אַזוי באַלד אַ קריגעריי, מ׳קאָן משוגע ווערן...

יחזקאל האָט דערנאָך געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער האָט זיך פאַר פינע׳ן געכוואַסטעוועט, אַז ער וועט ניט דערלאָזן צו מאַכן „הנותן־תשועה" פאַר שבתי־צבֿי ביי זיי אין שול. ס׳האָט אים די חרטה געפּלאָגט וואָס ער האָט זיך אַזוי אויסגערעדט. אַצינד וועט ער שוין מוזן האַלטן זיין צוזאָג. און ווי אַזוי וועט ער עס קאָנען? איינער אַליין. זאָגן און טאָן זיינען צוויי באַזונדערע זאַכן. ס׳טוט זיך ניט אַזוי לייכט ווי ס׳רעדט זיך. ער וועט זיך שוין דאַרפן זען מיט עטלעכע מענטשן, זיי דאַרפן איינריידן, אַז מ׳זאָל ניט לאָזן מאַכן „הנותן־תשועה". — ער האָט אין קאָפּ איבערגע־ציילט די יעניקע וואָס וועלן מעגלאַך זיין מיט אים, און איז געבליבן אומצופרידן: ניטאָ מיט וועמען צו גיין צום טיש. דער איינציקער איז יודעל דער בעל־עגלה, אָבער וואָס וועלן זיי ביידע קאָנען אויפטאָן?

ס׳איז אים געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן, און געטראַכט, אַז ער וועט׳ס אַליין מוזן טאָן.

ב.

שבת פאַרטאָג האָט זיך יחזקאל ראַפּטאָם אויפגעכאַפּט, גלייך ווי אַ באַזונדער פרוזשינע וואָלט זיך אָפּגעלאָזט, אים אַ שטויס געטאָן, אַז ער זאָל זיך אויפוועקן. ער האָט פאַרשלאָפן געקוקט אַזוי מאָדנע אויף די קליינע גרויע שויבן, געווען צומישט, קלאָר ניט געוואוסט וואָס ס'איז מיט אים. — און וואָס פאַראַ טאָג איז היינט?

ס'האָט זיך אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ, פרייטיק, שבת און זיך גענומען דערמאָנען: — ס'איז שבת, און ס'איז אים גרינגער און פרייער געוואָרן אויפן האַרצן.

אַ שטיקל צייט איז ער געלעגן, שטאַרק געקוקט אויף די גרוי־ווערנדיקע שויבן, געהאַט דאָס געפיל, אַז היינט איז עפּעס אַנדערש, און בשום־אופן אויף דער רגע ניט געקאָנט אָנכאַפּן פאַרוואָס ס'איז היינט עפּעס אַנדערש. דער קאָפּ איז נאָך געווען פול מיט די אָנגעפּלוידערטע חלום־בילדער, וואָס האָבן אַזוי געדיכט און אומגעלומפּערט אָנגעפּילט זיין שלאָף: עפּעס איז ער געווען ביי זיך אין שטעטל, געגאַנגען אין שול און ס'איז גאָר געווען אַ מאָסק, און אויף דער בימה איז געשטאַנען דער מולאַ, און ס'איז גאָר געווען פינע דער מעלהענדלער, — טשיקאַווע. אַביסל שפּעטער איז אים קלאָר געוואָרן וואָס ס'שטייט פאַר אים פאַר היינט אין שול: ער וועט זיך דאַרפן קריגן, ניט דערלאָזן צו מאַכן „הנותן־תשועה" פאַר שבתי־צבי, און ס'איז אים געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן: צופיל האָט ער זיך אונטערגענומען. מ'טאָר ניט זיין איבערגעאיילט, מ'דאַרף אַלץ טאָן פּאַמעלאַך, ווי אַ שוך אַמאָל, ווען דאָס לעדער איז אַביסל צו קורץ אין די ברעגן פאַרן קאפּול, מ'דאַרף דעמאָלט זייער פאָרזיכטיק זיין: פּאַוואָלע, פּאַוואָלע מיטן צוויינגל ציען, — ווי ניט וועט'ס פּלאַצן... אָ. יע... — און האָט אויפן קול געגענעצט.

ער האָט כסדר געקוקט אין דער אַנטקעגנדיקער פענצטער, געפּילט מיט פאַרגעניגן די פרישע אַריינדרינגנדיקע פרילינג לופט און ווי אויך דעם תענוג פון פוילן זיך, און מיט אַ געפיל פון וואוילטאָק געצויגן די ביינער. ער האָט גערופן:

— האָדע, שלאָפסט?

פון אַנדער עק צימער איז געקומען האָדע'ס פאַרשלאָפענער קול:

— וואָס איז, יחזקאל ?

— כ'האָב געמיינט דו שלאָפסט.

— כ'שלאָף שוין ניט מער ווי אַ שעה.

— האָדע, געדענקסט פון דערהיים אפרים דעם שניידער ?

—יע, וואָס איז ?

— האָט אפרים ניט געהאַט אַ שוועסטער מירקע ?

— יע נו, זי האָט חתונה געהאַט פאַר איטשע דעם סטאָלערס זון. אַנטקעגן וואָס פרעגסטו'ס ?

— ס'איז מיר אַרויף אויפן זינען.

און ווי תמיד האָט זיך ביי זיי באַלד אַנטוויקלט אַ שמועס וועגן דער אַלטער היים, דורכגעלופטערט די אַלע דערמאנונגען וועגן שטעטל און באַקאַנטע, האָבן זיך דערמאָנט, געזיפצט, גערעדט וועגן משפחה פאַרבינדונגען פון די אַלע היימיקע.

דערנאָך האָט זיך יחזקאל אַביסל אויפגעהויבן, זיך אָנגעשפאַרט אויפן אוילנבויגן און מיט אַביסל געגנידערעגטן טאָן געזאָגט :

— האָדע, רייד אַביסל שטילער. איך וויל ניט, אַז שפרה זאָל הערן. טאָמער שלאָפט זי ניט... וואָס זאָגסטו עפּעס מכח אַ שידוך מיט איטשע „ליטוואַק" און שפרה'ן ?

האָדע האָט זיך ניט געאיילט צו ענטפערן, און יחזקאל האָט געמאָנט :

— וואָס שווייגסטו ?... האָסט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט ?

האָדע האָט זיך אויסגעהוסט און שטיל געזאָגט :

— כ'האָב געהערט.

— נו ?

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, עפּעס פאַטויפעט זיך מיר ניט אין מח... כ'ווייס ניט.

— וואָס דהיינו ?

— מיר דאַכט זיך, אַז זי וועט ניט וועלן.

- פאַרוואָס זאָל זי ניט וועלן ?

— וואָס פרעגסטו מיך ?

— רעדסט'ס גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָדער דו ווייסט ?

— כ'ווייס ניט, אָבער מיר דאַכט זיך...

— מירן זען... פוסטע רייד...

ער האָט זיך איצט אין גאַנצן אויפגעהויבן און ווי צו זיך אַליין געזאָגט: צייט אויפצושטיין, — און איז אַראָפּ פון בעט.

דאָס דערמונטערדיקע ליכט פון דער אַרויסקומענדיקער זון האָט געגומען אַריינדרינגען אין די פענצטער. דאָס הויז איז פול געוואָרן מיט פריידיקן שבת־פרימאָרגן, יחזקאל האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אין גאַס און די פרישע לופט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פנים, ער האָט אין זיך אַריינגעאָטעמט גאַנצע הויפנס, געפילט אַ זעלטענעם פאַרגעניגן, געזען אין לענג פון גאַס עטלאַכע אידן, דערקענט ראוב'ע דעם בעקערס גאַנג, און ס'איז אים געוואָרן פרייער אויפן האַרצן.

אין שטוב איז געוואָרן קאָנטיק דאָס אָנקומען פון נייעם טאָג. ברוך דער געזעל האָט זיך אַ ניגון־ברומנדיקער אַרומגעדרייט אַרום צובער וואַסער. זיך דערנאָך געוואַשן, און געריבן מיט אַ האַנטאַך דאָס פנים ביז ס'איז געוואָרן רויט ווי צונטער. האָדע האָט זיך גע'עוסק'ט אַרום אויוון. דער וואַרעמער ריח פון טשאָלנט און געבריטע מילך האָט זיך אנגענעם אַרום געשפּירט.

שפרה איז געלעגן אויפן בעטל אין אַלקער, געהאַלטן אָפן די אויגן און איז געווען פול מיט געדאַכטע געשעענישן, וואָס קאָנען איר באַגעגענען. ס'האָט זיך איר אויך גע'חלומט אַ גוטער חלום, וועמעס אינהאַלט זי האָט איצט אין גאַנצן פאַרגעסן. פון גאַנצן חלום איז איר נאָר געבליבן אַ גוט געפיל, און האָט זיך אָנגע־שטרענגט צו דערמאָנען.

שפעטער זיינען געקומען שכנים, די באַשטענדיקע שבת־פרי־מאָרגן געסט, וואָס פלעגן קומען פאַרן דאַוונען טרינקען טשיקאָריע מיט געבריטע מילך, און דערווייל כאַפּן אין איין גאַנג אַ שמועס, אַרומריידן די אַלע שטאָטישע און אידישע ענינים.

די באַשטענדיקע געסט זיינען אַלע געווען באַלמעלאָכעס פון די אַרומיקע גאַסן, און וועלכע האָבן געהאַט דרך־ארץ פאַר יחזקאל'ן סיי אַלס גוטער בעל־מלאכה און סיי אַלס אַזוינער, וואָס לאָזט זיך ניט „שפּייען אין קאַשע". יחזקאל האָט גע'שמ'ט אַלס איינער פון די בעסטע שוסטער אין אידישן טייל שטאָט. אַנדערע האָבן אַפילו באַהויפּט, אַז ער מאָג זיין דער בעסטער שוסטער אין גאַנץ סטאַמבול. די באַלעבאַטים האָבן פאַר אים געהאַט אָפשיי, אויסגעמיטן מיט אים אַריין אין צו ווייטע דרכים, ווייל ער האָט קיינעם ניט געשוינט

דאָרטן וואו אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אויפן זייט פון אמת.

דער ערשטער איז געקומען ראוב׳ע דער בעקער, דערנאָך ירוחם דער שניידער, איטשע־אַרע דער מולער און גאָר שפּעטער שלמה־חיים דער וואַסערטרעגער.

ראוב׳ע דער בעקער, אָדער ווי מ׳האָט אים אין גאַס גערופן „דער קאַלטער לונג און לעבער״, האָט אין פולן באַרעכטיקט זיין צונאָמען. ער איז געווען אַ מאַן קרוב צו פופציק, אַ הויכער, אַ סטולעוואַטער מיט אַ שיטער בערדל און אייביק פאַרשלאָפענעם פּנים. און כאָטש ער האָט כמעט דאָס גאַנצע לעבן פאַרבראַכט ביי פייער און דאָך האָט ער פון אָט דעם מין אין זיך ניט געהאַט קיין פונק. זיין גאַנץ געשטעל האָט אַזוי ווי גערעדט: „קום איך ניט היינט קום איך מאָרגן״. אין ענין שבתי־צבי האָט ער געהאַלטן מיט יחזקאל׳ן, אָבער ער האָט אויף דעם „ענין״ קיינמאָל ניט פאַרשווענדט קיין טראָפּן כעס.

ירוחם דער שניידער, אַ דאַרער און אייביקער הוסטער, אין די מיטליאָרן, איז אין גאַנצן געווען אָנגעוויזן אויף פרעמדע מיינונגען און ווילן, דער לעצטער איז ביי אים שטענדיק געווען גערעכט, און מ׳האָט אים זייער לייכט געקאָנט בויגן. צו יחזקאל׳ן האָט ער זיך געקלעפּט אויס מורא. יחזקאל האָט אים אין גאַנצן באַהערשט.

איטשע אַרע דער מולער, אָדער „איטשע דער רויטער״, פאַר זיין רויט באָרד, איז געווען זייער אַ פרומער און לייכט אויף „מצדיק־דין״־זיין, „מסתמא דאַרף אַזוי זיין״ — פלעגט ער אַלעמאָל נאָך יעדער געשעעניש אַ זאָג טאָן. ער איז געווען קעגן שבתי־צבי, דערפאַר, וואָס אים האָט זיך געדאַכט אַז ער איז ניט גענוג פרום.

שלמה־חיים דער וואַסער טרעגער איז געווען אַ קאָנטיקער איד אין דער סטאַמבולער קהילה. אַלע האָבן אים געקענט. אויף חתונות, ברית׳ן און אַזוי שמחות איז ער געווען אַ בדחן, אַ שפּאַס־מאַכער, אויף לויות אַ פושקעקלאַפּער, אויף שריפות אַ לעשער, אין באָד אַ שמייסער, אין שול אַן אונטער־שמש. שלמה־חיים איז אומעטום געווען, וואו מ׳האָט זיך גענויטיקט אין איינעם וואָס זאָל טאָן אַרבעט. ער איז געווען גוטמוטיק, אַלעמאָל גוט געשטימט, אויף קיינעם ניט געטראָגן קיין פאַרדראָס, שטענדיק געלאַכט מיט אַ פולן מויל, כאָטש ער איז געווען אַריבער פופציק אָבער האָט אויסגעזען יונג און קרעפטיק. גערעדט האָט ער שטענדיק אין אַ שטייגער וואָס האָט געמוטיקט, דאָס רוב אין גראַמען.

די געסט האָבן זיך געזעצטביים טיש און האָדע האָט אַרויפ־געשטעלט אויפן טיש דעם לײמענעם ליאָק, איינגעכוטעט אין שמאַטעס, כדי צו איינהאַלטן די וואַרמקייט. ירוחם דער שניידער האָט ווי תמיד געטשמאָקעט מחייה׳דיק מיט די ליפּן, פון צייט צו צייט אויסגעדריקט זיינע התפעלות: — אַ חיות... לאַנג לעבן זאָלט איר, האָדע.

— וואו איז עפּעס שלמה־חיים? — האָט יחזקאל געפרעגט.

— ער איז תמיד פון די ערשטע.

דער שמועס האָט זיך פון אָנהויב געדרייט אַרום די הויפּט נייעס פון טאָג: — דער שידוך צווישן פרנס׳ זון און דער יפת־תואר רחל, ר׳ ישראל דעם האָלץ הענדלערס טאָכטער. יחזקאל׳ן איז אין לעבן געגאַנגען צו באַווייזן, אַז ישראל מאַרענדאַ איז ניט קיין ספרד׳ישער איד, נייערט אַ איד פון טולטשין, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער גרויסער שחיטה אין צייט פון צורר באגדאן כמעלניצקי — ימח שמו.

ירוחם דער שניידער האָט זיך עס ניט פאַטויפעט אין קאָפּ. ער האָט אַ הוסטנדיקער גערעדט:

— וואָס רעדסטו, יחזקאל? אַזאַ זאַך וואָלט׳ס זיך געדענקט... ס׳איז אין דעם אין גאַנצן אַ יאָר אַכצן, איך בין דאָך אויך אַהער געקומען אַרום יענער צייט... האָסט אַ טעות, יחזקאל...

יחזקאל האָט זיך אַזוי ברייטלאַך אַ נעם געטאָן ביי דער באָרד, אָנגעקוקט מיט איין אויג ירוחמ׳ען און מיט אַ ניגון געצויגן:

— איז וואָס, אַז אַכצן יאָר?... ס׳איז ווייניק?...

ירוחם האָט זיך פאַרהוסט און פירכנדיק פונדעסטוועגן גערעדט:

— איך מיין, יחזקאל, ס׳זיינען דאָך דאָ אַ סך אידן פון טולטשין... מ׳וואָלט דאָך עס געקאָנט וויסן.

ראוב׳ע דער בעקער האָט פאַרשלאָפענערהייט אַריינגעגליטשט אַ פראַגע:

— ווי אַזוי קומט׳ס ביי דיר אויס, יחזקאל?

יחזקאל איז, גאָט ווייסט פאַרוואָס, געווען ביי זיך זיכער. ער האָט גערעדט:

— ווי אַזוי קומט׳ס ביי מיר אויס?... אָט וועל איך דיר זאָגן. ישראל מאָרענדאַ׳ס דינסט פאַריכט דאָ ביי מיר שיך... זי איז אַ פרוי פון טולטשין. זי האָט מיר דערציילט זייער גאַנצן יחוס.

ירוחם האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אויב אַזוי איז ניחא.

ראוב'ע דער בעקער האָט אַ פּאָך געטאָן מיט דער האַנט, אַרויסגעלאָזן אַ ברום, דערנאָך געזאָגט:

—וואָס איז דער חילוק?

— אָט מ'רעדט. — האָט יחזקאל אַלס ווירט געוואָלט פאַרווייכן דעם געשפּרעך. — ס'איז ניט שייך. אָבער איך ווייס איין זאַך, אָט ווי רייך ער איז אַזאַ חזיר איז ער... ער'ט זיך לאָזן פאַר אַ פּרוטה די ציין רייסן.

איטשע אַרע דער מולער האָט אַריינגערוקט אַ באַמערקונג:

— אָבער ער איז אַ גאָטפּאָרכטיקער איד.

יחזקאל איז געוואָרן אָנגעצויגן. ער האָט מיט געהעכערטן טאָן געזאָגט:

— דאַריבער?... דאַריבער קאָן ער קיין חזיר ניט זיין?!... אַ גאָטפאָרכטיקער... ווער באַדאַרף זיין גאָטפאָרכטיגקייט?... איז אים גוט, ווען ער זיצן אין גן־עדן, אָבער ער איז דאָך אַ בלוטזויגער, אַ פּיאַווקע, קאָן אַרויסנעמען די נשמה פאַר אַ גראָשן, ווער באַדאַרף זיין פּרומקייט. און דו ביזט ניט קיין פרומער? ער האָט פיינט אַ באַלמעלאָכע ווי אַ איד חזיר...

און האָט אַלעמען מיט גערעכטן צאָרן אָנגעקוקט.

ירוחם האָט אין דער שטיל געוואָרטשעט:

— יחזקאל איז גערעכט.

און יחזקאל האָט אין זעלביקן טאָן ווייטער געטריבן:

— איר ווייסט דאָך אַלע, אַז דער גביר ר' ישראל מאָרענדאַ איז דער ממונה אויף דער באָד: ס'הייסט לפנים, אַז ער גיט האָלץ פאַר דער באָד... מיינט איר דאָך אודאי אומזיסט? — דאָ האָט ער זיך ברייטלאַך פאַנאַנדערגעלאַכט: — אָ, ברידער, ניט ר' ישראל... מ'באַצאָלט אים... פון וואַנען ווייס איך?... אָט הערט. ר' נפתלי דער חלפן איז דאָך אַ גאַנצער מאַכער אין דער קהילה, ער מאַכט ביי מיר שיך, האָט ער'ס מיר איינמאָל אַזוי לפּי תומו דערציילט... איצט ווייסט איר שוין, — און האָלץ גיט ער אַזאַ יאָר אויף שונאי־ציון: פול מיט וואַסער... ס'רויכערט, ביז וואַנען ס'ברענט זיך איין גדויערט אַ יאָר... היינט די גאַנצע באָד האָט מיר אַפּנים ווי מיין מזל... מ'קאָן לייב און געניק ברעכן, היינט די מקוה? — אַ מגפה...

ירוחם דער שניידער האָט פרום געשאָקלט דעם קאָפּ:

— אַזאַ יאָר אויף מיר ווי ער איז גערעכט.

יחזקאל האָט דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיטן פויסט אָן טיש און אַרויסגעדונערט:

— איר הערט, אידן, ס'איז צייט צו וויסן וואו ס'קומט הין דאָס גאַנצע געלט וואָס מ'קלייבט פון אונז יעדע וואָך? !... מ'רייסט פון טויטע און לעבעדיקע, — וואו טוט זיך אַהין דאָס געלט? !...

ירוחם דער שניידער האָט אונטערגעהאַלטן:

— און ווער דאַרף נאָך אַזוי אַ באָד ווי דער אָרימאַן.

יחזקאל האָט ברייט פאַנאַנדערגענומען די הענט און מיט רוגזה אַרויסגעזאָגט:

— נו, זעט איר דאָך!

ראובֿ'ע דער בעקער האָט אַרויסגעזאָגט:

— מסתמא דאַרף אַזוי זיין.

יחזקאל האָט אויסגערופן:

— מ'טאָר'ס ניט דערלאָזן!...

— אַרויסגעוואָרפענע רייד.

— וואָס קאָן מען טאָן?

יחזקאל האָט געצאָרנט:

— פאָדערן דין און חשבון!

ראובֿ'ע דער בעקער האָט מיט אַ מינע פון עט־ווייס־איך־וואָס אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— ווערט אַן אויסגעבלאָזענע איי!...

שלמה־חיים דער וואַסערטרעגער האָט זיך אַריינגערוקט אין שטוב, אָנגעקוקט די אַרום טיש־זיצנדיקע מיט לאַכנדיקע אויגן און אויפן קול פריילאַך אַ זאָג געטאָן:

— גוט שבת, אידן, שוין זיך פאַרקליבן?

יחזקאל האָט מעשה בעל־הבית אויפגעראַמט באַגענט:

— נו, שלמה־חיים, אַ גלעזל וואַרמס?

שלמה־חיים האָט געפינטלט מיט די אויגן און לוסטיק גענומען ריידן אין גראַמען:

— אַ גלעזל וואַרמס,
מחיה נפשות,
אַ לעבן אויף אידן,

אויף גוים — אַ חלשות...

האָדע האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אַלקער און צופרידן אַ זאָג געטאָן:

— גוט שבת, שלמה־חיים.

ער האָט זיך צו איר געשווינט אַ קער געטאָן:

— אַ גוט שבת, האָדע,
שיין לעבעדיק פריש,
אין שטוב אַ מחיה,
שמעקט טשאָלנט און פיש.

שפרה האָט אויך אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און אָנגעקוקט מיט פאַר׳חידוש׳טע אויגן דעם טשיקאַוון לעבעדיקן איד. שלמה־חיים האָט זי באַגעגנט מיט אַ ניגון, וואָס מ׳רופט אויף מחותנים צום כשר־טאַנץ:

— אַ מזל טוב, אַ לעבעדיקס!
פון די וואָלקנס די זון,
פון קאטוך אַ הון,
פון אויוון אַ טאָפּ
פון אַלקער אַ קאָפּ,
אַ כלה שיין און פיין,
אַ שמחה אויף דיר
נחמה מיין...

יחזקאל האָט אים געצויגן פאַרן אַרבעל:

— גענוג שוין, ס׳שיט זיך ווי ווערעמדיקע אַרבעס. זעץ זיך און טרינק אַ גלעזל וואַרמס. האָדע, דערלאַנג דעם ליאַק!

זי האָט געבראַכט דעם ליאַק מיט אַ זייער צופרידענער מינע, און שלמה־חיים האָט געשאָטן:

— לעבן זאָל האָדע,
געזונט זאָל זי זיין
מיר זאָלן דערלעבן
אויף שמחות
צו טרינקען פעסער ווייַן...

— אַ מויל, פעך און שוועבל! — האָט יחזקאל געלאַכט. — וואו נעמט זיכ׳ס ביי אים?... אָבער, אידן, מיר דאַרפן זיך וועגן עפּעס מישב זיין, — און האָט זיך צו אַלעמען געווענדט מיטן

אָנשטעל פון וויכטיגקייט: — נו, וואָס זאָגט איר, וועלן מיר דערלאָזן אין שול צו מאַכן „הנותן תשועה״ דעם משיח־השקר? — און דערביי אַראָפּגעלאָזט זיין האַרטן פויסט אויפן טיש, און באַלד צוגעלייגט: — ניין, ברידער, מ׳טאָר׳ס ניט דערלאָזן!... זיי וועלן אונז פאַרשלעפּן אין אַ בלאָטע, און דערנאָך וועלן מיר האָבן צו זינגען און צו זאָגן...

ירוחם האָט שוואַך אונטערגעהאַלטן:

— אודאַי טאָר מען ניש דערלאָזן.

ראוב׳ע דער בעקער האָט ספק׳דיק געשאָקלט דעם קאָפּ, געהאַט אַן אויסדרוק אויפן פאַרשלאָפענעם פנים וואָס האָט אָפּן צוגעגעבן, אַז ער האַלט ווינציק וואָס פון די גאַנצע רייד, ער האָט אַרויסגעזאָגט כלאחר יד:

— ווייס איך וואָס — עט...

יחזקאל האָט אים שטרענג אָנגעקוקט:

— וואָס עט׳קעסטו, האָסט מורא?

— וואָס איז דאָ צו מורא האָבן, — האָט זיך ירוחם געמוטיקט.

ראוב׳ע דער בעקער האָט געצויגן די אַקסלען און זייער גלייכגילטיק געזאָגט:

— ס׳וועט דען העלפן? אַרויסגעוואָרפענע רייד.

יחזקאל האָט זיך אויסגעצויגן אין פולער הויך, און מיט תקיפות אַ זאָג געטאָן:

— אודאַי וועט׳ס העלפן!

ראוב׳ע דער בעקער האָט ביטול׳דיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

—איך גלויב ניט.

יחזקאל האָט אַלעמען פרעגנדיק אָנגעקוקט:

— נו, אדרבה, זאָגט אַליין, וואָס קאָן מען טאָן מיט אַזוינע אידן?

איטשע אַרע דער מולער האָט אונטערטעניק גערעדט:

—מסתמא דאַרפ׳ס אַזוי זיין. וואו דער קראַנקער לייגט דעם קאָפּ איז אים שלעכט... וואָס קאָן מען טאַקי טאָן? ס׳איז ביטער דעם אָרימאַן. ס׳וועט בלייבן ווי יהודה־לייב דער וואָכערניק וועט זאָגן, ער איז דער גבאַי...

יחזקאל האָט זיך וואוילעריש דערלאַנגט אַ שטעל און געזאָגט:

— אַז דער „גבאַי״ איז וואָס?... ווער איז ער, איז ער דען

אויפגעבויט פון אייזן? ער איז אַזאַ מענטש ווי מיר! — דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, דערלאַנגט אַ זיפץ: — אויך מיר מענטשן. ס'איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן, — און האָט אויפגעהויבן מיט אַמאָל דעם קול: — איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, אַז מ'טאָר ניט דערלאָזן אַזאַ נבלה!... וואָס מיינט איר זיי וועלן טאָן וואָס זיי ווילן?! וואו זיינען מיר אין דער וועלט?... מאַכן „הנותן תשועה" אַזאַ פאַרפירער, אַ משיח־השקר?! ניין, ברידער, מ'טאָר'ס ניט דערלאָזן! אויב אַזוי איז די וועלט קיין וועלט ניט!...

ירוחם האָט שוואַך פאַרענדיקט:

— אודאי טאָר מען ניט דערלאָזן.

ראוב'ע דער בעקער האָט זיך אויפן קול פאַנאַנדער געגענעצט, און יחזקאל האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, ער האָט מיט כעס גערעדט:

— — וואָס געגענעצטו? זיך ניט אויסגעשלאָפן?

ירוחם האָט געפרעגט:

— אָבער וואָס בלייבט?

יחזקאל האָט מיט פאַרדראָס גערעדט:

— וואָס זאָל בלייבן? איך קאָן זיך איינער אַליין ניט צורייסן. שטעלן זיך אַנטקעגן אַ גאַנצער שול! אפשר אַמאָל, ווען איך בין געווען אינגער, אָבער ניט היינט... ס'איז ניטאָ מיט וועמען צום טיש צוגיין... ווי ס'קומט צו עפּעס איז קיינער ניטאָ... ריידן קאָנען זיי נאָר. — גיי שריי חי וקים!...

שלמה'חיים דער וואַסערטרעגער האָט געריבן די הענט און פרייליך גערעדט:

— יחזקאל, ניט מיר, ניט דיר
אַזאַ יאָר אויף מיר.
אַלע צוזאַמען, ברידער
מיט געזאַנג און לידער,
וועלן מיר גיין איבער בריקן,
צום וואַנט זיי צודריקן,
די שוואַרצע חברה'ניקעס,
די שבתי־צבי'ניקעס...

יחזקאל האָט געפרעגט:

— נו, וואָס בלייבט?

ראוב'ע דער בעקער האָט זיך געקראַצט ביים אויער:

— איך האָב מורא, יחזקאל, ס'וועט גאָרניט זיין... מירן ניט אויספירן...

איטשע אַרע דער מולער האָט פרום געזאָגט:

— ס'איז שבת, — שלום על ישראל.

יחזקאל איז געוואָרן אויפגעבראַכט. ער האָט כעס'דיק אָנגע־קוקט. זיין אויסדרוק פון פנים האָט אַזוי ווי גערעדט: מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן. — ער האָט דערנאָך מיט פאַראַכטונג געזאָגט:

— זאָל מיר גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד... איר זייט אַלע... נאָר וואָס איז די פעולה?... ס'איז אַרויסגעוואָרפענע רייד!... נו, לאָמיר אויף טשיקאַוועס זען, — ווער פון אייך וועט שטיין מיט מיר?

זיי האָבן געשוויגן.

— נו, וואָס האָט אייך אָפגענומען דער לשון?

ירוחם האָט שטיל געזאָגט:

— איך וועל זיין מיט דיר.

יחזקאל האָט געשמייכלט, געוואָלט עפּעס זאָגן וועגן ירוחמ'ס „זיין מיט אים", נאָר האָט זיך אָפגעהאַלטן. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן און געזאָגט:

— מירן זען דאָרטן. אַצינד לאָמיר גיין... ס'איז צייט...

האָדע האָט זיך אַרויסגערוקט פון אַלקער, אויסגעפּוצט אין אַ טשעפּאַק און אַ פאַרביק טערקישער טוך און אַ ברייט קאַזשמיר־קלייד, זי האָט נאָכגעקוקט די אַרויסגייענדיקע מאַנסבילן, געשאָקלט דעם קאָפּ, געהאַט אַ פאַרזאָרגטן פנים, דערנאָך האָט זי גענומען דעם סידור אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט גיין.

פאַרן הויז איז געשטאַנען ברוך דער געזעל, געקוקט לײדיק־גייעריש אויפן פרישן הימל, געשמורעט די אויגן קעגן דער זון, געווען פול מיט דערוואַרטונג אין דעם לויטערן פרילינג־פרימאָרגן.

האָדע האָט זיך צו אים געווענדט:

— וואָס גייסט ניט דאַוונען?

ער האָט געקוקט אויף האָדע'ן מיט לײדיקע אויגן, געהאַט אַן אויסזען, ווי ער וואָלט אויף עפּעס געוואַרט. ער האָט זיך געפוילט צו ריידן.

— גיי אין שול, וואָס שטייסטו דאָ? — האָט זי אין אַ מוטער־

לאַכן טאָן גערעדט און ביי זיך געטראַכט, אַז ער וואַרט׳ס אויף שפרה׳ן.
ער האָט אומצופרידן געוואָרטשעט:
— כ׳וועל נאָך גיין.
האָדע איז אַוועק. ברוך איז ווי פריער געבליבן שטיין, געקוקט אויפן הימל און געזשמורעט די אויגן. אַביסל שפּעטער האָט ער זיך שטיל צוגערוקט צו דער טיר, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ, געזען שפרה׳ן זיך עוסק׳ן אַרום הויז. ער האָט שטיל צוריקגעצויגן דעם קאָפּ און פאַרזיך געגומען ברומען אַ ניגון.

ג.

שפרה האָט צוגעקליבן דאָס הויז און גע׳חלום׳ט.
— — — — — — — — אַ גרויסער פּלאַץ, באַפּלעקט מיט מענטשן. די זון שיינט אין הימל, די לופט איז ריין און באַ׳טעמ׳ט. אַלע בוקן זיך. מ׳שרייט מיט יובל־אויסרופן: לאַנג לעבן זאָל דער מלך־המשיח! זאָל לייכטן די שכינה אויף זיין קאָפּ! דאָס פאָלק ישׂראל לעבט אייביק! . . .
און דער מלך־המשיח שטייט דערהויבן איבער אַלעמען אין אַ פּורפּור מאַנטל, באַצירט מיט גאָלד און איידלשטיינער, קוקט אויף אַלעמען אַזוי גנעדיק. זיין אָדלער־אויג גליטשט זיך איבער טויזנטקעפּיקן געזעמל, פאַרטשעפּעט זיך אָן איר און — — — — —
זי איז געבליבן אין מיטן. ס׳איז איר געוואָרן אַזוי מאָדנע:
—קאָנ׳ס פּאַסירן? — — — — —

— — — — — — — זיין קוק שטעלט זיך אָפּ אויף איר, קוקט און קוקט, די בליקן נעמען זי דורך. פריער ברענען זיי, וועקן אויף אין איר אַזאַ נאַגנדיקן באַגער, זי ווערט אַזוי אָנגעצויגן ווי אַ סטרונע, דערנאָך גלעטן די בליקן און צערטלען . . . ער ליבט זי מיט דער ליבע, וואָס איז שטאַרקער פון טויט . . . ער נעמט זי קעניגלאַך ביי דער האַנט, ווי ס׳טוען די גרויסע שררות, די מאַגנאַטן, און פירט זי דורך אַ שערענגע פון באַגייסטערטע פּנימ׳ער צו אַ טראָן פון גאָלד. אַלע קוקן מיט קנאה׳דיקע אויגן און פרעגן אין דער שטיל: ווער איז זי? ווער איז די שיינהייט? פון אַלע זייטן קומען שעפּטשנדיקע ענטפערס: דעם משיח׳ס באַשערטע, דעם משיח׳ס כלה, פאַר׳קנס׳ט צו אים אויף אייביק. — — — — —
און אַ גרויסע שטיק בלענדנדיקע ווייסקייט: — און די צייט וועבט זיך און וועבט זיך, וויקלט זיך אָפּ ווי אַ שטיק זיידצייג,

און טויזנטער לײטזעליקע רגע׳ס:, טעג געטונקלט אין גענוספּאַר־שאַפנדיקן גאָלד, נעכט געשמאָלצן אין זילבער און הייסבלוטיגקייט — — — — — — — — —

זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַלץ געלאָזט הענגען אין לופטן: — אַ פינטלדיקע ליידיגקייט.

און וואָס ווייטער?

— — — — — — — — זי איז דער מיטלפונקט פון דער וועלט. אַלץ ליגט אונטערטעניק צו אירע פיס: ס׳קומען פרינצן פון ווייטע לענדער און בוקן זיך צום בענקל פון אירע פיס... גליק און אייביק וואוילגלעטנדיקער גענוס. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אין מיטען:

אַ שטים־ רוי און סוקעוואַטע, ווי דאָס קריזשן פון אַ טעמפּן מעסער אין גראָבן געוואַנט:

— אַזוי פאַרטראַכט, ניט געהערט אַפילו ווי איך בין אַריין.

און ס׳איז איר עפּעס אַזוי טשיקאַווע: אימעצער לאַכט. און פאַרשוואונדן, איבערגעריסן דאָס זיידצייג... טויזנטער בלעזלאַך האָבן זיך געגאָדלט איבערן לייב. זי האָט אים אַזוי מאָדנע אָנגע־קוקט: אַ לאַכעדיקס געזיכט, געזונטע ווייסע ציין, אַ קודרע שוואַרצע האָר... וואָס? וואָס? ווער איז ער?...

ברוך דער געזעל האָט זי אָנגעקוקט, גנב׳יש און שפּיציק געשמייכלט:

— קוקסט ווי אַ האָן אין בני־אדם.

— וו אָ אָ ס?

שפּרה׳ס אויגן זיינען געוועזן גרויס, בלאָנדזשנדיק: — וואו איז זי ערגעץ אין דער וועלט? זי האָט זיך געכאַפּט און מער מענטש־לאַך געפרעגט:

— גאָר ניט געגאַנגען אין שול?

ער האָט זי אָנגעקוקט, געוויזן ברייט די געזונטע ווייסע ציין און מעשה בריה געזאָגט:

— די שול וועט ניט אַנטלויפן.

— און וואָס וועט יע אַנטלויפן?

— כ׳ווייס, דו קאָנסט אַנטלויפן.

— איך ווייס ניט וואָס איר רעדט.

און האָט זיך פון אים אָפּגעקערט.

ברוך האָט זי ניט אָפּגעלאָזן. ער האָט געפרעגט:

— וועסט גיין נאָך וואַרמעס שפּאַצירן?

— ניין.

— פאַרוואָס?

— אַזוי.

ברוך האָט זיך אויסגעצויגן, אַרויסגערוקט אַ פוס אויף פראָנט, ווי ס'טוען די טערקישע מיליטער־לייט, פאַריסן דעם קאָפּ און האָט אַרויסגעזאָגט:

—ווייסט? — ביזט אַ שלעכטע.

— בין איך אַ שלעכטע.

ברוך האָט געמאָנט:

— וואָס איז מיט דיר אַזוי דער יחוס?

— גאָרניט קיין יחוס.

— טאָ וואָס־זשע פאַרייסטו אַזוי די נאָז?

— טאָר איך ניט?

— און האָט זיך כעס'דיק אויסגעדרייט צום טיש און גענומען פאַרשפּרייטן אַ פרישע טישטאַך.

ברוך האָט זיך אָנגעבלאָזן, געהאַט אַ פאַרלאַנג זי איבערצו־קרימען, עפּעס אַריינזאָגן אַזוינס, וואָס זאָל איר פאַרגיין אין זיבעטן ריפּ. ער האָט צום סוף געזאָגט:

— וואַרט, שפרה, וועסט חרטה האָבן. וועסט זיך נאָך ביי מיר בעטן, געדיינק, וואָס איך זאָג דיר.

און איז אַרויס אין דרויסן.

שפרה'ן איז געוואָרן קלעפּיק און רעגנדיק אויפן האַרצן: — וואָס האָט ער זיך אָן מיר אָנגעטשעפּעט? וואָס וויל ער? זי איז געבליבן שטיין ווי ניט אַהער און ניט אַהין, — און וואו האָט זי פריער געלאָזן? . . .

זי האָט מיט פאַרגעניגן געפילט די וואוילקייט פון איינלעבן זיך צוריק אין פריערדיקן צושטאַנד, און: — — — — — — — —

— — — — — די גאַנצע וועלט ווערט באַפרייט פון שווערן יאָך, די פעלקער ווערן פריי, ווייל די וועלט ווערט רעגירט מיט חסד, און ער, דער מלך־המשיח, הויך און שלאַנק ווי אַ צעדער פון לבנון וועט מיט זיין זיסן וואוילקלינגנדיקן קול אויסגיסן זיין ליבע

צו איר אין געזאַנג: „הנך יפה, רעיתי, הנך יפה עינייך יונים" — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און וואָס ווידער?

אַ וואוילקלינגנדיק קול האָט גערעדט:

— ראַמסט אויף דאָס הויז, שפרה?

שפרה האָט געקוקט אויף דער אויפגעלעבטער, רחל, פעסיע דער אלמנה'ס טאָכטער, און ווי פריער איז איר עפּעס געווען אַזוי מאָדנע. זי האָט שטיל געזאָגט.

— איך בין באַלד פאַרטיק.

רחל, אַ באַ'חנ'ט מיידל מיט גרויסע פריילאַכע אויגן, האָט באַטראַכט דער פאַר'חלומ'טער שפרה און געזאָגט.

— זיך ווידער פאַרטראַכט? וועגן א י ם?...

שפרה האָט זיך גערויטלט, געפילט אָנגערירט פון אַ בושה־געפיל, געווען אַביסל בייז וואָס רחל שטויסט זיך אָן. עפּעס איז ניט גלאַט מיט איר, מ'דערקענט גלייך. זי האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו לייקענען, אָבער דאָס וואָלט נאָך ערגער געמאַכט, מער פאַרפלאָנ־טערט. זי האָט דאַרום נאָר געזאָגט:

— וואָס פאַלט דיר איין?

רחל האָט פריילאַך גערעדט:

— מיינסט מ'זעט ניט? גייסט אַרום ווי אונטער אַ וואַסער.

— איך בענק אַהיים.

— אָ, שפרה.

— קאָנסט'ס ניט פילן, רחל.

— אָבער וויפיל איז דער שיעור צו בענקען?

שפרה'ן איז געוואָרן אומעטיק און אין דער שטיל גענומען זינגען אַ בענקנדיקס ליד.

רחל האָט זיך מיטאַמאָל דערלאַנגט אַ כאַפּ, ווי זי וואָלט זיך מיטאַמאָל אָן עפּעס וויכטיקס דערמאָנט. זי האָט אַ זאָג געטאָן: — און זיך לוסטיק פאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס איז, רחל?

— איך מוז לאַכן.

שפרה, קוקנדיק אַזוי אויף איר גוטמוטיק לאַכנדיק פּנים, האָט ניט געקאָנט העלפן פון ניט אַריינפאַלן אין אַ פריילעכערער שטימונג. זי האָט געשמייכלט:

— אָבער וואָס לאַכסטו ?

— ברוך ! . . .

— נו ?

— האָב אים גאָר וואָס באַגעגנט.

— טאָ וואָס איז דער געלעכטער ?

— ער איז געוועזן בייז ווי אַ קברות־מאַן.

— אויף וועמען ?

— אויף דיר.

— רחל האָט זיך מער אויפגעלעבט און געזאָגט :

— ער איז אויף דיר אש־להבה, פלאַם־פייער. עפּעס האָסטו אים אָנגעטראָטן און ער האָט געהאַט אַזאַ צנאָטע, — און דערביי האָט זי זייער געשיקט פאַרגעשטעלט מיט איר פּנים, ווי ברוכ׳ס האָט אויסגעזען בשעת־מעשה.

שפרה האָט געקוועטשט מיט די אַקסלען :

— כ׳ווייס ניט וואָס ער וויל... טשעפּעט זיך...

רחל האָט איבערגעביטן די מינע פון איר פּנים און אַ זאָג געטאָן.

— האָסטו אַ דאגה. זאָג, שפרה, בעסער, וואָס טוען מיר נאָך וואַרמעס ? אַ שיינער טאָג.

— כ׳ווייס ניט.

— ווייסט גאָר וואָס, שפרה, לאָמיר נעמען אַ שפּאַציר צום שלאָס אַבידאָס. ס׳איז אַפילו אַ גרויסער מהלך, אָבער ס׳איז אַ פיינער שפּאַציר. ביזט שוין דאָרטן געוועזן ? . . . דאָרטן שווינבלט און ס׳גריבלט . . . אַזויפיל רייכע יונגע לייט פון גאָר דער וועלט . . . גייען מיר ?

— אויב דו ווילסט.

— בלייבט׳ס אַזוי, נאָך וואַרמעס, מ׳גייט שוין באַלד פון שול.

— גוט.

רחל האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. זי האָט גערעדט :

— ווייסט, שפרה, וועמען כ׳האָב אָנגעטראָפן ?

— וועמען ?

— אלחנה דעם פּראָצענטניקס זון.

— נו ?

— פרעג שוין ניט.

— וואָס איז געוועזן ?

— ער איז געווען אַזוי פיין.

— און דו ?

רחל האָט זיך אַביסל אַ קרים געטאָן, אָנגענומען אַ מינע פון מיך־אַרט־ניט און געזאָגט :

— די מאַמע איז שרעקלאַך בייז אויפן אַלטען. אַלע אונזערע קופּערנע כלים זיינען ביי אים פאַר'משכנ'ט. זי שיט אויף אים פעך און שוועבל, און וואָס רופט זי אים ניט אויס : בלוטזויגער, פּיאַווקע, רויבער, גזלן . . .

— און דער זון ?

— ווייסט, אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק. גייט אַרום ליידיק, הענגט ארום שבתי־צבי.

— און דו ?

רחל האָט זיך פאַרקרימט :

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך ווייס ניט.

שפרה האָט זיך פאַרטראַכט, ס'האָט זי עפּעס אַ צי געטאָן, און האָט פאַרזיך געזען אין דער ווייטקייט וואו דער שלאָס אַבידאָס איז געלעגן, דאָס וואָס זי האָט געזען ווען זי האָט אַזוי גע'חלומ'ט : אַ פּלאַץ אָנגעפינטלט מיט מענטשן, — אַלע אַזוינע אויפגעלעבטע, שרייענדיקע, — און ער, דער מלך־המשיח קוקט מיט זיינע אָדלער־אויגן. — — — — — — — — — — — —

רחל האָט געמאַכט אַן אָנשטעל צו גיין.

— גייסט שוין ?

— איך גיי. כ'וועל קומען גלייך נאָך וואַרמעס. די מאַמע זעצט זיך לייענען פּרק . . . כ'וועל קומען.

— כ'וועל וואַרטן.

און רחל איז אַרויסגעלאָפן.

שפרה האָט געלייגט די חלה אויפן טיש, אַריינגעלייגט דאָס מעסער צווישן, ס'פאַרדעקט מיט אַ פאַרביק געהעפט טיכל, אַרומגעצויגן די ברעגן, געזונגען פאַר זיך אַן אומעדיקס ליבעס־ליד, געפילט, ווי זי ווערט אָנגעגריפן פון אַזאַ זיסשמערצלאַכן באַגער, געטראַכט, אַז אַלע ליבעסגעזאַנגען זיינען עפּעס טרויעריג, — פאַרוואָס איז'ס אַזוי ? . . . זי האָט געקוקט פאַר זיך, און ס'האָט איר מיטאַמאָל דערלאַנגט אַ שלאָג :

— — — — — אין שלאָס אַבידאָס זיצט געפאַנגען שבתי־צבי.

— וואָס טוט ער אַצינד ?

און אין האַרצן האָט עפּעס געגנאָגט און געגנאָגט, און איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ ווייטאָקדיקער בענקעניש, און געקוקט פאַרזיך אין יענעם זייט וואו דער שלאָס איז געלעגן.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַרויסגעקוקט אין דעם זוניקן דרויסן, באַגעגנט די אַנטקעגנדיקע כמורנע, אומעטיקע הייזער פון דער אַנדער זייט, געהאַט אָבער דאָס פריידיקע געפיל פון דערוואַרטונג.

*
**

## צווייטער קאַפּיטל

### א.

דאָס יאָר טויזענט זעקס הונדערט זעקס און זעכציק נאָך דער קריסטלאַכער צייטרעכענונג, יאָר תכ"ו — לויט אידישער, איז געווען דער אָנגעצייכנטער יאָר אויף וועלכן די אידן פון גאָר דער וועלט האָבן געלאָזט אָנהענגען אַלע זייערע האָפנונגען און חלומות: — דאָס יאָר פון דער גאולה.

ווי אַ ווינט איבער אַ פעלד פון צייטיקע זאַנגען, אַזוי האָט זיך די גרויסע בשורה איבערגעצויגן איבער די קעפּ פון אַלע אידן אין די גלות־לענדער, באַרירט זייערע קעפּ און אָנגעפילט די הערצער מיטן פריידפאַרשאַפנדיקן באַוואוסטזיין פון ווידערגעבורט אַלס אומה, וואָס האָט פאַרלאָרן דעם חלום צו זיין אַ ביישפּיל פאַר אַלע פעלקער. די פאַרפאָלגטע און פאַרוואָגלטע אידן האָבן געגלויבט באמונה שלמה, אַז אין דעם יאָר וועט דער שופר־של־משיח שאַלן פון איין עק וועלט ביזן צווייטן, און זיי וועלן אויסגעלייזט ווערן פון שווערן גלות.

און דער משיח אויף וועלכן זיי האָבן אויסגעקוקט זייערע אויגן איז געווען שבתי־צבי.

און ס'האָט אויך געטראָפן, וואָס אין זומער פון זעלביקן יאָר איז שבתי־צבי אַלט געוואָרן פערציק יאָר, — דאָס אידעאַלע עלטער פון מאַן לויט די פרקי־אָבות: אַן עלטער, ווען דער מאַן רייף, רייך אין דערפאַרונג און איבערלעבונגען, דערגרייכט דעם פונקט, פון וועלכן ס'הויבט זיך אָן דאָס ריין שכל'דיקע לעבן: דער גרונט פון אַ מיושב'דיקן און פאַרשטענדיקן זיין, וואו אַלץ ווערט אָפּגעזעצט און ס'ווערט שטיל און לויטער ווי נאָך אַ שטורם.

פאַר שבתי־צבי, דער מאַן פון גורל, האָט אָבער דאָס צוקומען צו די פערציקער געמיינט וואָס אַנדערש. פאַר אים האָט'ס אין אַ געוויסן זין געהייסן דאָס דערנענטערן זיך צום קריזיס פונקט: דער איבערגאַנג פון איין צושטאַנד צו אַ צווייטן.

צו יענער צייט האָט שבתי־צבי אין רעכטן מיטען פון זיין רום און גרויסקייט געגומען פילן דאָס, וואָס דאָס רוב זיכליביקע נאַטורן הויבן אָן צו פילן ווען זיי קומען צום געפערלאַכן עלטער — צו די מיטליאָרן. פאַר אים איז אין פולער רייפקייט פון שמעקנדיקן, פאַרברייכן זומער, דאָס לאַנד אַרום געלעגן אין אומבאַשטימט ליכט, און דער זודיקער אַראַנזש פון מעלאַנכאָלישן האַרבסט, האָט זיך געגומען אַריינ'גנב'ענען אין זאַפטיקן גרין פון וואַלד און פעלד. ער איז, מיט אַ נאָגנדיקן טרויער, געוואָר געוואָרן, אַז די יוגנט־ העזה און אימפעט הויבן אָן צו ווערן שוואַכער און בלייכער: פאַרלירן חן, פלאַם און ברען, און מיט אים איז פאַרגעקומען דאָס־ זעלביקע, וואָס קומט פאַר מיט אַ לאָמפּ, איידער ס'פאַרלעשט זיך: ס'האָט ליכטיקער און קנאַקיקער אויפגעפלאַמט דאָס פייער און דער פאַרלאַנג זיך אויסצוברענען אויפן זעלביקן שטייגער ווי ער האָט אָנגעהויבן האָט זיך אין אים אין אָן איבערטריבן מאָס פאַרשטאַרקט.

ווי ביים רוב מענטשן, וואָס לעבן אין זייער יוגנט אָפּגעשיידט פון פרויען זיינען זיינע תאוות און באַגערן געווען מער פון נערוועזער נאַטור און האָבן ביי דער עלטער פון פערציק דערגרייכט אַ פונקט, וואָס פון האַסטיגקייט און געהעכערטן בלוטדרוק פאַלן זיי אויף צוריק און ווערן מערסטנס שטאַרק איבערגעלעבט בלויז מיטן האַרצן, און דעמאָלט טרעפט, אַז דער שכל, דער איינציקער באַהערשער פון אַלע הייסבלוטיגקייטן פאַרלירט זיין נוצלאַכקייט און דער פועל־יוצא איז: — צעטראָגענע פערד אין ווילדן געלאַף.

שבתי־צבי אין עלטער פון פערציק האָט פיל פאַרלאָרן פון זיין פריערדיקער העזה און פלינקייט, ווי אויך פון זיין פיזישער פרישקייט און שטייפקייט. זיין געזיכט, אַ געמיש פון סעמיטישעס און לעוואַנט, איז געווען אַביסל אויפגעבלאָזן, געטראָגן אויף זיך סימנים פון ניט גוט געשלאָפענע נעכט. די נאָז אַביסל געבויגן, שנאָבלדיק, האָט זיך צופיל אָנגעזען. די גרויסע, אויסגעקייקלאַכדיקטע אויגן, האָבן זיך אומרואיקע געפונען געפּראַמט אין שאָטן פון שאַרף

געצייכנטע, אויפגעהויבענע ברעמען און אָנגעוויזן אויף אַ נאַטור געגנויגט צו פּרעזערוו. אַ פּאָר שוואַרצע וואָנצן, ווי צוגעקלעפּטע, האָבן באַצירט זיין אויבערשטע נערוועזע ליפּ. אַ שיטער בערדל האָט באַשאָטן די בלייכע באַקן און שפּיץ פון דער שוואַכער קין. זיין קאָפּ וואָליקע האָר, דורך וועלכע ס'האָט זיך דורכגעוואָרפן אַ ברודיקע גרויקייט, איז געווען פאַרזונקען אין אַ ווייסגעפּאַל־דעווען קראַגן. אין זיין גאַנץ געשטעל האָט זיך געשפּירט אַ שווערקייט און נויגונג צו אָנעמען לייב.

אין יענער צייט איז שבתי־צבי, אַ ביסל אויסגעניכטערט פון דער שוימיקער באַטרונקנקייט, אַריבער דעם צייכן פון שטורמישער תקופה און אַריין אין חשוב'ן עלטער, וואו אַלץ, דאַכט זיך, ווערט אָפּגעזעצט, קלאָר און גרונטיק איינגעשטעלט, און וואו דער רויך און טשאַד פון די פאַרגאַנגענע טעג און נעכט צערינען זיך און פאַר די אויגן גיט זיך פּלוצים אַ וויקל אָפּ אַ גרוי־אומעטיקער לאַנדשאַפט — דער לאַנדשאַפט פון שפּעטן האַרבסט.

ער האָט מיט אַ נאָגנדיקן אומעט געפילט, אַז ער שטייט אויפן שוועל פון אַ גרויסן, מורא־אָנוואַרפנדיקן, טויער, דורך וועלכן מ'מוז דורכגיין צי מ'וויל, צי מ'וויל ניט. ער האָט זיך געמוטיקט, געמאַכט אָנשטעל, אַז ער איז אויף אַלץ אין דער וועלט גרייט. ער האָט לפנים געמאַכט אַן אָנגעשטרענגטן פאַרזוך איבערגיין צו פּראַק־טישער אַרבעט. די טעג און יאָרן פון העזה און מליצה זיינען לאַנג אַוועק: — ווייט אויף הינטער זיינען געלעגן צוואַנציק יאָר טויט, איבערגעלאָזן ווי אויף אַ שלאַכטפעלד. דאָס איינציקע, וואָס איז דערוייל געבליבן אומגעשעדיקט איז זיין גרויסער נאָמען, וואָס ליגט אויף די ליפּן פון מיליאָנען אידן אין אַלע וועלט־טיילן, און וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט עטלעכע מאָל אַ טאָג מיט יראת־הכבוד און אהבה פון איין זייט און לעסטערונג פון דער אַנדער זייט. ער האָט אין אַ געוויסן זין דערגרייכט דאָס, וואָס ער האָט אין די יאָרן פון בחור'שע חלומות געוואָלט דערגרייכן: — די גאַנצע אידישע וועלט קוקט אויף אים ווי אויפן מלך־המשיח.

ערגעץ אין אַ ווינקל פון האַרץ האָט זיך צייטנווייס געמערקט אַ פאַרלאַנג זיך צוריקצוציען: לאָזן אַלץ אין מיטען, כדי ניט צו פאַרקריכן צו ווייט. אין יענע מינוטן האָט ער זיך אָבער געפילט שוואַך און אומבאַהאָלפן, געפילט, אַז ער איז ניט ביכולת צו דערפירן

זיינע אַלע חלומות צו אַ פּונקט פוןווירקלאַכקייט. צוריקציען זיך איז געווען צו שפּעט: די צאָל פון די גלויביקע אָנהענגער איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. די „טריט פון משיח" האָבן זיך אומעטום געמערקט. דער טאָג פון דער גאולה האָט זיך דערנענטערט, — און אָט, אָט וועט שאַלן דער שופר של משיח. — — — — — — —

אָן אימה איז אים באַפאַלן.

דער שטאַרקער גלויבן און צוטרוי פון זיינע איבערגעגעבענע נאָכפאָלגער האָבן אים אָפּט געפּלאָגט, אָנגעפּילט מיט חרטה און אים געמאַכט אין די אייגענע אויגן אויסקוקן קליין און אומבאַדייטנד: — און ווי פאָרט וועט ער זיך אַרויספּלאָנטערן פון אָט דעם קנויל? צייטנווייס האָט אים געמאַטערט אַ פאָרגעפיל, אַז אַלץ וועט אין אַ שיינעם טאָג פּלאַצן ווי אַ זייפנבלאָז, — און דאָך האָט עפּעס געמוזט געטאָן ווערן.

פון אַלע זייטן האָט מען געמאָנט: — ווען? און ווען וועט קומען די גאולה? ווען וועט זיין דער קץ? און איבער דער וועלט איז געשטאַנען דאָס אָנגעצייכנטע יאָר טויזנט זעקס הונדערט זעקס און זעכציק, — דאָס גרויסע יאָר, וואָס לויט קבלה'שע און אַפּאָקאַליפּטישע רמזים איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער ווענדפּונקט אין לעבן פון פעלקער בכלל און אין אידישן בפרט.

אין אָנהויב פון יאָר טויזנט זעקס הונדערט זעקס און זעכציק, כ"ב אין חדש טבת איז שבתי־צבי, באַגלייט פון אַ צאָל איבערגעגעבענע אָנהענגער, אַוועק מיט אַ שיף קיין סטאַמבול. פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער מיט קעניגלאַכן אָנשטעל צוטיילט די וועלט צו זעקס און צוואַנציק פון זיינע געטרייסטע מענטשן, דערביי זיך געפילט, אַז ער איז העכער פון אַלע מלכים פון דער ערד. אויף זיין רייזע מיטן שיף איבערן ים, האָט ער נאָך אַלץ געמיינט אַז ער גייט איינעמען די אָטאָמאַנישע מלוכה. פאַר דער וועלט האָט'ס געהייסן, אַז ער פאָרט זיך פערזענלאַך זען מיטן סולטאַן מחמד דעם פערטן, כדי אים צו געווינען אויף זיין זייט.

ווען די שיף איז אָנגעקומען נאָך אַ לאַנגער, סכנות'דיקער רייזע אין האַפן איז ער באַגעגנט געוואָרן פון אַ פרייד־צוואוויל־דעווען המון. באַגייסטערטע געשרייען האָבן זיך געריסן פון אַלע מיילער:

— יחי המלך־המשיח!

— ברוך לד' גואל ישראל!
— יחי מלכנו ומשיחנו!
און פילע האָבן אויפן קול געזונגען:

אתה נורא, אתה מביא
האיר זרח כמן נביא
מי כמך אור לבבי.
אזמר לאלהי אבי,
יוסף תת כחי כלביא
חי עולמים משיחי
מלך רב כתרי....

ביים אַראָפּשטייגן פון שיף ווערט ער פון דער טערקישער מאַכט פאַרהאַלטן אַלס פאַרדעכטיקער אין בונטעווען קעגן דער הערשנ־דיקער רעגירונג, און איז, געשמידט אין קייטן, איינגעשפּאַרט געוואָרן אין געפענקעניש. אָבער מיט דער איינשליסונג האָט זיך דער טומל ניט געענדיקט, פאַרקערט דער גלויבן אין אים מצד זיינע נאָכפאָלגער האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. ס'האָט געהייסן: דער משיח אין קייטן, דער משיח לעבט איבער די יסורים און ענויים, וואָס ער מוז איבערלעבן איידער ער ווערט נתגלה. שפּעטער האָבן זיינע חסידים דורך געלט און איינפלוס גע'פועל'ט, אַז דער שלאָס אין וועלכן שבתי־צבי איז געווען איינגעשפּאַרט זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פּאַלאַץ פון דערהויבענעם גענוס און שטאַרקייט: — מגדל־עז...

שבתי־צבי, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט הייסע און טרייע נאָכפאָלגער האָט אָבער מיט פיינלאַכן טרויער געפילט, אַז ער איז אין דערזעלביקער צייט אויך אַרומגענומען פון אַ שטומער, בלינדער וועלט. דער שלאָס, אין וועלכן ער האָט פאַרבראַכט זיינע טעג און נעכט, האָט זיין גערעגטער פאַנטאַזיע אַלץ אין דער וועלט פאַרגע־לייגט חוץ די פייגלפרייהייט. ער האָט אַזוי פליענדיק זיך תמיד אָנגעשלאָגן אָן די בלינדע, אימה־אָנוואַרפנדיקע ווענט, — די ווענט, וואָס האָבן אַזוי אומ'ברחמנות'דיק געדריקט זיין גייסט, זיין געמיט און צונישט געמאַכט זיין שטאָלץ און אָפּגעווישט די פאַרב פון אַלע זיינע חלומות. ער האָט געליטן, ניט אַזוי דערפאַר, וואָס די פרייהייט איז אים בטבע געווען טייער, ווי דערפאַר, וואָס זיין אָנגעגריפענע זיכליבע האָט מיט קראַנקהאַפטער בענקעניש געפאָדערט

און געמאָנט, אַז ער זאָל זיין אומעטום. און ס'האָט אויך געטראָפן, אַז אין דער מאָס, וואָס ער איז עלטער געוואָרן, אַלץ מער האָט ער גענומען פאַרלירן דאָס צוטרוי און גלויבן אין מענטשן, און אים האָט זיך גענומען אויסדאַכטן, אַז אַלע, אפילו ווייב און מקורבים, זוכן אים צו באַטריגן. טיף אין זיין האַרצן האָט זיך ביסלאַכווייס גענומען אַנטוויקלען אַ שנאה צו די אַלע, וואָס האָבן אים אַרומגע־רינגלט, און געהאַט אָפט אַן איינדרוק: — אַ פעלז אַרומגענומען פון שוימיקע כוואַליעס.

פון זיין גאַנצער משיח־טעטיגקייט אין די גרעניצן פון דער טערקישער מלוכה, ווי אויך אויפן פעלד פון קבלה, איז אים אין קאָפּ פאַרבליבן אַ רויך, — אַ רויך, וואָס הענגט איבער די חורבות פון אַ נאָרוואָס אָפּגעברענט שטאָט: די אַקאָרשטיקע הייזער און פּאַלאַצן ליגן אין הויפנס אַש: אַמאָל האָט אין זיי לעבן און באַגער געהויזט — אָבער אַצינד?

און ס'האָט אויך געטראָפן, וואָס זייער אָפט פלעגט ער אָנגע־גריפן ווערן פון אַזאַ שאַרפער, בייסיקער בענקשאַפט נאָך די פאַרגאַנ־גענע טעג, און ס'האָט אים געצויגן אַהין, וואו אַלץ איז געבליבן יונג און פריש, געוויקלט אין גרין און זאַפטיגקייט פון קיל אָטעמדיקן מאָרגנטוי. אין אַזעלכע רגע'ס האָט ער מיט שאַרפן פאַרדראָס געפילט זיין איצטיקע לאַגע, און פאַר אים האָט זיך געשפרייט אַ טויטע גרויקייט, אַ גאָרנישט מיינענדיקע פלאַך: — קעלט און פאַרגליווערונג. און ווען ער האָט זיך געפונען אין אַזאַ שטימונג, האָט ער דעמאָלט מיט שטומער איינגעשפּאַרטקייט געקוקט אויף די רייכפאַרביקע טעפּיכן, וואָס האָבן פאַרהאַנגען די ווענט, גלייך ווי ער וואָלט זיי ווען דורכבויערן מיט דער גיפטיקער שאַרפקייט פון זיין בליק, — און הינטער אָט די דיקע טויטע ווענט האָט ער אין געדעכעניש געזען טעג און נעכט געוויקלט אין רייכן גרין און בלענדנדיקן ליכט, און דעמאָלט פלעגט זיין האַרץ מיט פּאָעטישן טרויער זינגען יענע זודיקע, תאווה'דיקע שפּאַנישע ניגונים, — ניגונים פון גליאיקע נעכט און הייסבלוטיקער ליבע: —

די אויגן פון דער דאָנאַ —
שטערן פון דער נאַכט.
איר שמייכל — אַ זון,
איר שטים — אַ געזאַנג...

זיין פרוי, שרה, אַ שיינהייט, געהילט אין דמיון־אויפרעגנדיקער סודות׳דיגקייט, פול מזרח־ווייבלאַכקייט און געשלעכט, האָט אָבער מער ניט געקאָנט, ווי אַמאָל, וועקן אין אים דעם הייסבלוטיקן באַגער צו טיילן איר געלעגער. און הגם, שרה, אַלס אַ ווייב האָט אים אין גאַנצן געהאַט אונטערן פליגל פון איר פאַרדאַרבנדיקן איינפלוס, דאָך האָט זי אין אים מער ניט געקאָנט אַרויסרופן יענע לייבבאַגערנדיקע תאווה פון יאָרן צוריק. זי אַליין האָט מיט איר גוטגעכאָוועטן לייב נאָר געדינט אַלס פיש־שפּייז פאַר די עראָטאָמאַנישע מאַנסביל, אָבער זי אַליין האָט קיינמאָל ניט געליטן פון דער פאַרצערנדיקער תאווה. ווי די מערסטע פרויען פון דעם שניט איז זי געווען פּאַסיוו, און ווי איינע פון יענעם מין פרויען, וואָס ווערן געבאָרן צו הערשן איז זי אין אַ געוויסן זין געווען געשלעכטלאָז: — זי האָט נאָר אָנגעצונדן, אָבער אַליין ניט געברענט, און וויפיל זי האָט אָנגעווענדט איר ווייבלאַך כשוף אים צו באַווירקן, אים אויפצורייצן — ס׳האָט ניט געהאָלפן. ער איז צו איר געבליבן קאַלט און גלייכגילטיק, און אויב זיין באַגער נאָך לייב האָט אין זיין בלוט און פלייש שטאַרקער ווי ווען ס׳איז געבושעוועט, איז ער אָבער דערפאַר געווען פון מער קרענקלאַכער און נערוועזער נאַטור און דאַרום תמיד געטריבן אין פרעמדע געגנטן. מיטן מזרח געשלעכט־וואָרים אין זיין בלוט האָט ער צייטנווייס זיך געפונען אין אַ געוועב פון ווילדער זינ־לאַכקייט, דעמאָלט האָט ער אויף אַלץ געקוקט דורכן שלייער פון געשלעכט: דאָס אומבאַוואוסטע, דאָס קראַנקהאַפטע האָט אים גערייצט און געצויגן. פרויען געשטאַלטן, — שאַפונגען פון צוהיצטן און אויפגערעגטן דמיון האָבן געמאַכט זיין האַרץ חלש׳ן. שמוציקע, אָנגעשטעקטע הורן האָבן פאַר אים געהאַט גאָר אַ באַזונדער צוציאונגס קראַפט. און דאָס מערקווירדיקסטע איז מיט אים געווען, וואָס אין דערזעלביקער צייט האָט ער אויך געקאָנט פאָעטיש בענקען נאָך אומבאַרירטער מיידלשאַפט און אומשולד.

און דאַרום האָט געטראָפן, וואָס פרויען פון אַלע שטאַנדן און עלטער האָבן זיך ווי וועלף און רויבפייגל געצויגן אין זיין שפּור: פרויען אַריבער פערציק מיט אַראָפּהענגנדיקע בריסט און בייכער, פערצניאָריקע מיידלאַך מיט אינגלשע קערפערס, באַרדעל הורן פון קאַירא און אַלעקסאַנדריע, געפאַרבטע קעפּסווייבער, אַריסטאָקראַטישע קורטיזאנען, בתולות פון ליטע און פוילן, — אַלע זיינען זיי געווען

באַזעסן מיט אַ קינסטלאַך אָנגעווייעטע זינלאַכקייט און באַגער נאָך לייבלאַכער באַהעפטונג מיטן בחיר־יה, מיטן משיח. אַלע, אַלע האָבן זיך נאָכגעשלעפּט זיין לאַגער.

די געשלעכט אויפגערעגטע פּרויען, וואָס האָבן געזוכט גאָר באַזונדערע אויפרייצונג און צופרידנגעשטעלטקייט אין זיינע אָרעמס, זייבען דערנאָך אַרויס פון זיין צימער בלייכע, מידע, צורייצטע מיט אומהיימיש קוקנדיקע און פאַרויכערטע אויגן. אַ הור פון קאַירא האָט אַמאָל פאַר אַ גרויסער עדה אויסגעדריקט איר אַנטוישונג מיט גראָבער חוצפּה, דערביי האָט זי פּרעך און אויסגעלאַסן געלאַכט אויפן קול, געוויזן אירע גרויסע ווייסע ציין, און די אָנגעקוואָלענע בריסט און פעטע לענדן האָבן זיך ווי פאַרקילטס געטרייסלט.

שבתי־צבי האָט מיט טיפן טרויער געפילט זיין שוואַכקייט, פונדעסטוועגן האָט'ס אים ניט אָפּגעהאַלטן צו זוכן נייע אויפריי־צונגען, נייע איבערלעבונגען. די הייסע איבערגעגעבענע חסידים, וועלכע האָבן בלינד און פרום נאָכגעפאָלגט זיין יעדע באַוועגונג האָבן אויף זיין טשיקאַוון אויפפיר געקוקט ווי אויף אַ זאַך פריער פון אויבן באַשטימט: אַלץ איז גוט, וואָס דער מלך־המשיח טוט. ווייל פון הימלשער הויכקייט און דערהויבנקייט ציט זיך אַ שטראַל צום בן־אדם שבתי־צבי, וואָס דאָס איז גורם, אַז ער זאָל ווערן אַ חלק פון דער גרויסער גאָטהייט און אַלוועלטלאַכער אחדות. שבתי־צבי איז דאָס אָפּגעשיידטע ליכט פון אייביק לייכטנדיקער גאָטהייט, און דאַרום וואו ער גייט און שטייט איז ליכט און חדוה. די שוואַכע מוחות פון די קבלה און גאולה פאַרטשאַדעטע אידן האָבן ניט געקאָנט אונטערשיידן, וואו ס'הויבט זיך אָן דער אמת און וואו ס'לאָזט זיך אויס די אָפּנאַרעריי. זיי זיינען פון אַן אומבאַקאַנטן כח אַריינגעצויגן געוואָרן אין זיך שנעלטראָגנדיקן שטראָם פון דערשיינונגען. דאָס אידישע לעבן איז געוען גרוי און וואָכעדיק, אָן ליכט און אָן טרייסט, — איז דעמאָלט ניט יעדע דערהויבונג, יעדע שוימיגקייט אַ טרייסט? איז ניט יעדע שכרות אַ דערהייבונג? פייער און שווערד האָבן מיט טייפעלשער פריידיגקייט געשפּאַצירט איבער די אידישע קעפּ, וואָס זיינען דערנאָך געפאַלן ווי זאַנגען אונטער די העגט פון שניטער. אין דער לופט האָט זיך געשפּירט די פוילעניש פון אונטערגאַנג און טויט, — און אויב ניט אַ נס וועלן זיי אין גאַנצן אָפּגעווישט ווערן פון ערדפלאַך. אַ נס איז

געשען: ס׳איז געקומען שבתי־צבי פון סמירנא, געבאָרן דעם ניינטן אָב, — אַ וואונק פון אויבן, אַז ס׳איז דערשינען דער אויפבויער פון גרויסן בנין, וואָס איז אַמאָל אין דעם זעלביקן טאָג חרוב געוואָרן: —

— יחי שבתי־צבי!

— יחי המלך־המשיח!

— לעבן זאָל דער גואל!

הענט האָבן געפּאָכעט גרינגע טיכער, קעפּ האָבן זיך געריסן, אויגן האָבן געגלאַנצט, הערצער האָבן געשלאָגן, מיילער ברייט אויפגעעפנטע האָבן געשריען:

— יחי מלכנו ומשיחנו!

— יחי שבתי־צבי!

— יאיר פני משיחנו!

— לאַנג לעבן זאָל דער גואל!...

אַ ספּאַזם האָט אַרומגעכאַפּט די אידן פון גאָר דער וועלט. זיי זיינען באַהערשט געוואָרן פון אַ ברענענדיק פאַרלאַנג צו נעמען די שטעקנס אין די הענט — און געוואַנדערט.

די גרויסע מאַסע: — אַ שטומע, אימה׳דיקע סומע, אַן אונגעהייערע גרויסקייט, אָבער אין דערזעלבער צייט אַ טויג, געקנאָטן פון פרעמדן ווילן און הענט, אַ הילפלאָזע גרויסקייט, געטריבן פון ווינט און פרעמדן איינפלוס. די לייכט זיך אָנצינדנדיקע מאַסע האָט אין צייט פון ווילדער פאַרטרונקנקייט פאַרלאָרן חוש און מאָס פאַר וועלכער ס׳איז באַציאונג צום געזונטן אַלטאָגסלעבן, אַלץ איז מיטאַמאָל לויז געוואָרן: „לית דין ולית דיין״! אַלץ איז מותר. דאָס אַלטע האָט זיך אויסגעוועפּט און דאָס נייע שטייט אָן. —

און „געבענטשט איז גאָט, וואָס האָט מעגלאַך געמאַכט צו מאַגן טאָן, וואָס איז געווען פאַרבאָטן״...

און אין מיטען פון אָט דער געדאַנקען־צעמישונג איז שבתי־צבי אַלט געוואָרן פערציק יאָר און איבער דער וועלט איז געשטאַנען דאָס גרויסע, פילצוזאָגנדיקע יאָר טויזנט זעקס הונדערט און זעקס און זעכציק.

ביים אַריינגאַנג אין טויער פון די פערציקער האָט שבתי־צבי מיטאַמאָל דערפילט די גרויסע אחריות, וואָס ס׳איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן. ס׳איז אים געווען אויפן האַרצן, ווי ער

וואָלט שטייןביים אַריינגאַנג פון אַן אומבאַקאַנטן, געדיכטן וואַלד פון וואַנען ס׳קאָן יעדע רגע אויף אים אַ ווייע טאָן מיט אומבאַ־שטימטער אימה.

ער איז געשטאַנען אין מיטען פון אַ טומלדיקער טעטיגקייט, אָבער ער האָט פון דעם אַזוי פיל ניט געוואוסט, ווי ס׳קאָן ניט וויסן דער וואָס שטייט ביזן האַלז אין וואַסער וועגן דער עכטקייט פון פאַרב און ריכטיקער מאָס פון ווייטקייט, וואָס שפרייט זיך פאַר אים. ער האָט געהאַט דאָס געוואָרזיין פון שטיין אין מיטען פון אַ רעש׳דיקער באַוועגונג, — אָבער דעם אמת׳ן שייכות צו דעם האָט ער ניט געוואוסט.

אַרום האָט זיך גטטומלט ווי אויף אַ יאַריד: שלוחים זיינען געקומען און געגאַנגען. אידן פון אַלע וועלט טיילן זיינען זיך צונויפגעלאָפן אין סטאַמבול. שמואל פרימא, זיין פאַרטרויטער מענטש איז געווען זייער באַשעפטיקט: האָט יעדן טאָג געשיקט בריוו און שטאַפעטן צו אַלע אידישע קהילות. נתן פון עזה האָט געהאַלטן דרשות אין די שולן, מחבר געווען מגילות און שירים, געזאָגט „נביאות״ און מיט פולער זיכערקייט אָנגעגעבן דעם טאָג פון דער גאולה.

באַרימטע רבנים און די פרנסים פון סטאַמבול זיינען שאַרף אַרויסגעטראָטן צו דערשטיקן די אומגעזונטע און שעדלאַכע מהומה, אָבער זיי זיינען ווי שפּענער מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם. שבתי־צבי האָט זיך אָנגעטאָן אַ כח, געמאַכט אַן אָנשטרענגונג אָנצופירן די באַוועגונג, אָבער שמואל פרימא האָט אים אָפּגעהאַלטן, געטאָן ווי ס׳האָט זיך אים געלוינט. שבתי־צבי איז צום סוף אַריינ־געפאַלן אין אַ שוואַרצער שטימונג, געפילט מיט ווייטאָק זיין געפאַנגנשאַפט.

און אַרום:

— ווענט פאַרהאנגען מיט די פאַרברייכסטע פערזישע טעפּיכן, — אָבער שטום און קאַלט זיינען די ווענט און קיין הימל פון אויבן און קיין פערספעקטיוו פאַר די אויגן.

און וועט ער אַזוי לאַנג פוילן צווישן די ווענט?

ס׳איז אים איינגעפאַלן אַ מחשבה, — אַ מחשבה, וואָס האָט עפּעס אין אים פאַרטשעפּעט, אים אַוועקגעפירט אין אַנדערע געגנטן, אָבער ער האָט׳ס ניט געוואָלט דערווייל אַנטוויקלען, געוואַרט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

ב.

שמואל פרימאָ האָט זיך געֶעצה׳ט וועגן אַן ענין מיט נתן פון עזה. זיי האָבן זיך ביידע געפונען אין טונקעלן חדר, וואָס האָט געדינט אַלס פאַרצימער צו שבתי־צבי׳ס וואוינונג אין שלאָס אַבידאָס.

שמואל פרימאָ איז געזעסן מיט גאָר אַ באַזונדער ברייטקייט, און אַזוי באַלעבאַטיש זיך געהאַלטן ביי דער באָרד, געלאָזט די פעטע פינגער מיט צערטלאַכקייט ווי אַ קאָם זיך גליטשן, דערביי מיט וואוילער הנאה געפילט די סטרונע־גלאַטקייט, און מיט זיינע גרויסע פולע אויגן שאַרף געקוקט אויף נתנ׳ס אַרומלויפנדיקער אויג, געהאַט אַ קיצלדיקן געוואַרזיין, אַז דער וואָס זיצט אַנטקעגן איז אין גאַנצן אין זיין רשות.

נתן פון עזה, אַ יונגער מאַן מיט אַ געדיכט באָרד און וואָנצען ווי ביי אַ מיליטער־מאַן, מיט אַ פּאָר תאווה׳דיקע ליפּן און זייער קלוג אויג, (איינע איז געווען אַ בלינדע) איז געזעסן אַנטקעגן שמואל׳ן מיט אַ מינע פון אַ מענטשן וואָס הערט זיך זייער אויפ־מערקזאַם צו צו דעם, וואָס מ׳רעדט צו אים און דאָך וועט ער טאָן ווי אים וועט זיך לוינען.

נתן האָט גערעדט וועגן אַרויסלאָזן אַ „קול־קורא״ צו אַלע אידן פון גאָר דער וועלט. אין „קול־קורא״ זאָל מיט געוויסהייט פאַרקונדיקט ווערן די באַלדיקע גאולה. דאָרטן זאָל אויך זיין אַן אויפפאָדערונג, אַז אַלע זאָלן זיין גרייט אויפן ערשטן בלאָז פון שופר צו לאָזן זיך אין וועג.

שמואל פרימאָ האָט זיך צוגעהערט מיט איבערטריבענער אויפ־מערקזאַמקייט, און די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט זיך לפנים צוגע־הערט, איז אַ שפּיציק שמייכל ניט אָפּגעטראָטן פון זיינע געדיכט באַוואַנצנטע ליפּן, און ווען נתן פון עזה האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ מינע פון וועלן עפּעס הערן וועגן זיין פאָרשלאָג, האָט ער מיט אַ כיוון גענומען זינגען אַ ניגון, ווי מענטשן צו להכעיס׳ניקעס טוען, ווען זיי ווילן אימעצן רייצן און אויפרעגן אויף אַן אופן, אַז יענער זאָל אַפילו ניט קאָנען פאַריבל האָבן ווי געהעריק.

נתן האָט אים אָנגעקוקט, געוואַרט און דערנאָך געפרעגט:

— וואָס זאָגסטו, שמואל?

שמואל האָט זיך אויפגעהויבן, דורכגעגאַנגען איבערן צימער, געברומט: „ימין ה׳ רוממה, מין ה׳ עושה חיל״ זיך פאַרקוקט

אויף אַ פּרוכת, וואָס איז געהאנגען אויפן וואַנט, אַריין געטאָן די האַנט אין ברייטן בוזים, דערנאָך געקוקט מיט איינגעשפּאַרטן קוק אויפן נייגעריקן נתנ׳ען און גענומען לאַנגזאַם ציען די ווערטער:

— אַ „קול־קורא", "שופר של משיח", „זיין געגרייט", — און האָט ווידער געברומט דעם זעלביקן ניגון. — יע, מהו, מהו...

נתן האָט אויף אים געקוקט און אַ שאָטן האָט איבערגעצויגן זיין שטאַרקן פּנים. ער האָט גענומען פינטלען די אויגן, און פינצטער אַ זאָג געטאָן:

— איך פאַרשטיי ניט.

שמואל האָט מיטאַמאָל אנטשיידט אַ זאָג געטאָן:

— ס׳טויג ניט, נתן!

— למאַי?

שמואל האָט זיך אויסגעגלייכט, געהאַט אַ מינע ווי ער וואָלט זיך צוגעגרייט זאָגן אַזוינס, אויף וואָס דער אַנטקעגנדיקער האָט זיך ניט געריכט. ער האָט גערעדט:

— למאַי?.. איך ווייס אין פּלוג ניט... אָבער לא טוב. ס׳טויג נישט... ניין, ס׳טויג נישט.

און האָט ווידער גענומען שפּרייזן מיט געמאָסטענע טריט איבערן חדר.

נתן האָט געזאָגט:

— כ׳מיין, שמואל, סתם זאָגן אין דער וועלט אַריין „ס׳טויג נישט" איז דאָך קיין תירוץ ניט, ס׳מוז דאָך זיין אַ טעם, אַ שכל...

שמואל האָט זיך אַ נעם געטאָן ביי דער באָרד, געהויבן די געדיכטע ברעמען, געקנייטשט דעם שטערן אויף וויפיל ער האָט זיך אַרויסגעזען פון הויב, און געצויגן געזאָגט:

— פאַרשטייסט ניט, נתן, ס׳שמעקט מיט מרידה... הויכ־פאַראַט... ס׳איז געגאַנגען קעגן דעם רצון פון די מלוכות... וואָס הייסט באַפעלן די אידן צו זיין געגרייט?!..

אויף נתנ׳ס געזיכט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פלאַכקייט, און געהאַט אַן אויסדרוק פון ניט באַגרייפן. ער האָט געקוקט ליידיק און פאַמעלאַך געזאָגט:

— דער שכל איז מחייב פאַרקערט.

— וואָס מיינסטו, נתן?

— איך מיין, אַז די מלוכות וועלן זיין צופרידן פּטור צו ווערן

פון די פּאַרהאַסטע אידן.

שמואל האָט געלאַכט:

— ניט שלעכט אויסגעטייטשט.

נתן האָט פאַרשטאַרקט זיין קוק און געזאָגט:

— כ'פאַרשטיי ניט.

שמואל האָט אָנגעצויגן אויפן פּנים אַ מינע פון איינזען און פּאַמעלאַך גערעדט:

— נתן, ביסט אַ שוואַכער ידען אין מלוכה־ענינים... פאַר־שטייסט אַזוי: די מלוכות וועלן זיין צופרידן אַרויסצויאָגן די אידן ווען זיי וועלן עס וועלן, אָבער די אידן זאָלן זיך אין מיטען־דערינען אויפהויבן און אַליין אַוועק — דאָס, נתן, ניט!..

און אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אַנטדעקט אַ וויכטיקן מלוכה־סוד.

נתן האָט געפינטלט די אויגן.

— טאָ ווי וועט זיין?

— איך ווייס?

און געצויגן די אַקסלען אין דער הויך.

— טאָ ווער ווייסט?

שמואל איז מיטאַמאָל געוואָרן אויפגעלעבט און גענומען מיט חסד קלאַפּן נתנ'ען איבערן אַקסל:

— ניט גע'דאגה'ט, נתן, מירן זען. סאיז 'נאָך דאָ גענוג צייט. וועט די גאולה קומען מיט אַ טאָג שפּעטער... עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ... אַצינד זאָג מיר בעסער, נתן, וואָס הערט זיך אין סטאַמבול?... דאָ עפּעס אַ סך אומצופרידענע?

נתן האָט אַראָפּגענומען די הויב פון קאָפּ, זיך בעסער איינגע־זעצט און געזאָגט ווי כלאחר־יד:

— ס'איז דאָ אַביסל.

— וואָס טענה'ן זיי?

— די אייביקע טענה: ער איז אַ פאַלשער משיח.

— אַ „פאַלשער משיח"?... ווער איז פון די הויפּט בוגדים?

— אַ פּאָר פון די פּרנסים, רבנים... און איך האָב געהערט פון איינעם אַ שוסטער, וואָס איז זייער טעטיק...

— ווער איז ער?

— ער הייסט יחזקאל, — אַ איד פון פּוילן.

שמואל האָט אָנגענומען אַ מינע פון דערמאָנען זיך. ער האָט געפרעגט:

— ווער איז דער יחזקאל?.. ס'שלאָגט מיר עפּעס אין קאָ... כ'האָב, דאַכט זיך, געהערט וועגן אים... ער איז דער אָנפירער פון אַ כנופיה בעל־מלאכות...

נתן האָט איינגעשטימט:

— ס'איז דערזעלביקער. ער איז אַ גרויסער טומלער. דאָ ניט לאַנג האָט ער אָנגעמאַכט אַ גאַנצע באַטאַליע אין דער פּוילישער שול ביי מאַכן „הנותן־תשועה". מ'איז שיר אָן קעפּ אַוועק...

שמואל האָט זיך פאַרטראַכט און נתן האָט אויף אים געקוקט מיט פרעגנדיקע אויגן, און אויף אַ רגע האָט אַ רעיון אויפגעבליצט ביי אים אין קאָפּ, באַלד פאַרשוואונדן, און איצט האָט זיך אים געוואָלט וויסן וועגן וואָס ער טראַכט. שמואל האָט אים אַלעמאָל אַרויפגעפירט אויף ניט קיין ריינע מחשבות. ער האָט אים חושד געווען, הגם ער האָט אַליין ניט קלאָר געוואוסט אין וואָס ער איז אים חושד.

שמואל האָט ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— שוין צופיל, מ'וועט אים דאַרפן איינשטילן.

— וואָס קאָן מען טאָן?

— כמה דרכים יש למקום.

נתן האָט זיך געקראַצט אַרום אויער:

— אַזוי, אַזוי...

שמואל האָט גענומען שפּרייזן איבערן צימער, אַלץ געברומט דעם פריערדיקן ניגון, דערנאָך איז ער מיטאַמאָל געבליבן שטיין פאַר נתנ'ען און לאַגאָדנע גענומען ריידן:

— ס'איז ניט מער ווי אַ יושר אויסצוגעפינען ווער ס'פאַר־שפּרייט די קלאַנגען, אַז שבתי־צבי האָט בדעה אָנצונעמען די מכמד'אַנישע אמונה.

נתן האָט פאַרוואונדערט געקוקט אויף שמואל'ן:

— צי דען טראָגן זיך אַרום אַזוינע קלאַנגען?

— יע, איך גלויב ס'מוז קומען פון זעלביקן מקור.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אויפגעעפנט אַביסל און אין שפּאַלט באַטראַכט דעם פאַרזאַמלטן עולם.

פון דער אַנדער זייט טיר איז געקומען אַ הוזשעריי ווי פון

אַ וואָסערפאַל: מענטשן האָבן כסדר גערעדט, געטומלט, געזונגען, זיך געוועלטלט. ווי שמואל האָט געעפנט די טיר האָט זיך די הוזשעריי אַביסל איינגעלייגט, דערנאָך זיך פאַרשטאַרקט ווי אַ ווינט שפּאַצירנדיק איבער בוימער. די פאָדערשטע רייען האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן צו דער טיר. שמואל האָט זיי אָפּגעהאַלטן, געזאָגט:

— רואיק, אידן, שפּאַרט זיך ניט.

עטלאַכע פון געזעמל האָבן אים גלייך גענומען באַשיטן מיט פראַגן:

— וואָס טוט דער משיח?

— מה שלום של מלך־המשיח?

— איז׳ס אמת, אַז ער איז ניט בקו־הבריאה?

— איז׳ס אמת, אַז דער סולטאַן האָט געשיקט נאָך אים?

— האָט דער מופטי געהאַט מיט אים אַ ויכוח?

שמואל האָט אויפגעהויבן די האַנט:

— ש־ש־ש־אַ, שטילער.

די פאַרזאַמלטע האָבן זיך ווי שעפּסן איינע אויף די אַנדערע אָנגערוקט. די נייגעריקע אויגן האָבן דורכדרינגנדיק געקוקט אויף דער טיר און אויף דעם שטייף שטייענדיקן שמואל פּרימאָ. און דער וואָס איז אַזוי דאָרטן געשטאַנען האָט אַלעמען אַזוי מאָדנע באַטראַכט מיט אַ קוים מערקיגן שמייכל, זיי דורכגענומען מיט די שאַרפע אויגן און חשוב׳דיק און צעצויגן אַרויסגערעדט:

— דער מלך־המשיח איז בקו־הבריאה, תודות לאל, און דאָס איבעריקע איז כזב־ושקר...

אַ נחת־רוח האָט זיך אויסגעלייגט אויף אַלע פּנים׳ער. פילע האָבן גע׳יובלט מיט באַגייסטערונג:

— לאַנג לעבן זאָל דער גואל!

— ברכת ד׳ על משיח ד׳!..

— זאָל ער ווייזן זיין ליכטיקן פּנים!

— זאָל ער צו אונז אַרויסקומען!

צווישן עולם האָט שמואל׳ס נישטערנדיק אויג באַמערקט עטלאַכע פרויען, און פרויען בכלל האָבן תמיד גערייצט זיין בלוט און נייגעריגקייט, דערהויפּט איינע, וועלכע ער האָט לעצטנס באַמערקט, און וועלכע מיט איר גאַנג און ווייבלאַך געשטעל האָט אין אים אַרויסגערופן אַ באַגער צו ווערן מיט איר נאָענט, ווייל

ער האָט אין איר דערפילט הבטחה אויף דערהויבענעם געָנוס.

שמואל האָט פאַרמאַכט די טיר און זיך געווענדט צו נתנ'ען:

—שבתי־צבי האָט באַפוילן אָפּצושאַפן די תעניתים שבעה־עשר בתמוז און תשעה־באב.

— יע.

— מ'וועט דאַרפן אָנקלעפּן מודעות אין אַלע שולן. שיק אַרויס דעם שמש און לאָז ער'ס טאָן.

— איז'ס דער רצון פון מלך־המשיח ?

— אַזוי איז זיין רצון.

— זיין רצון זאָל געשען.

— און, נתן, זאָלסט האָבן אַן אויג אויף דער פוילישער שול, דערהויפּט אויפן שוסטער יחזקאל.

— וועמען קאָן מען שיקן ?

— מ'דאַרף ניט שיקן קיינעם. די אייגענע מענטשן פון שול. מ'דאַרף נאָר גוט חוקר ודורש זיין.

נתן האָט פאַרלאָזן דעם צימער, געהאַט בדעה מחבר זיין אַ מודעה, און שמואל נאָך זיין אַרויסגאַנג איז געבליבן אַ ווײַלע שטיין, געקוקט מיט אַ פאַרגליווערט פנים אויף איין אָרט, געהאַט אַ געפיל אַז מ'דאַרף עפּעס טאָן, נאָר ער פוילט זיך. ער איז אָן חשק צוגעגאַנגען צום קאָמאָד, אַרויסגעצויגן אַ שופלאָד, פון דאָרט אַרויסגענומען אַ הויפן פאַרגעלבטע פאַפּירן, זיי אויסגעשפּרייט אויפן טיש. האָט זיך אַרום זיי געָ'עוסק'ט, געוואָרפן אַהער און אַהין, דערנאָך האָט ער גענומען די פעדער אין האַנט און גענומען מיט אימפּעט שרייבן. פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אַזוי פאַמעלאַך אַוועקגעלייגט די פעדער, געבליבן אַ ווײַלע זיצן אין אַ ליידיגקייט, און דערנאָך איבערגעלייענט מיט די אויגן דאָס אָנגעשריבענע, וועגן וואָס אַ טראַכט געטאָן און געבליבן צופרידן. ער האָט גענומען די אָנגעשריבענע בלעטער און אַרויס אין קאָרידאָר.

דער עולם, ווי פריער, איז געווען טומלדיק, און ווי שמואל האָט זיך געוויזן מיט די פאַפּירן אין האַנט, האָבן זיך אייניקע אַ שפּאַר געטאָן צו אים.

שמואל האָט באַטראַכט דעם שטופּנדיקן עולם מיט אַ מינע פון אַ מענטשן, וואָס ווייסט מיט וועמען ער האָט צו טאָן, און ווען די ערשטע שטויסעריי און געפּילדער האָבן זיך אַביסל אָפּגעזעצט,

האָט ער מיט פיל חשיבות און אָנגעצויגענער וויכטיגקייט דערנענטערט דעם בויגן פאַפּיר צו די אויגן, זיך אָפּגעהוסט, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ס'זאָל זיין שטיל, באַך אַמאָל געלאָזט זיינע קלוגע אויגן דורכלויפן איבער די געדיכט איינע אויף די אַנדערע אָנגעדרוקטע קעפּ און גענומען פאַמעלאַך מיט טראָפּ און איינזעץ לייענען:

צו די אידן מק"ק סטאַמבול און גאָר דער וועלט, יתברך שמו ויתעלה לעד — אמן! פונם מויל פון דעם מלך המשיח און פון דער פעדער פון זיין בעל־סוד שמואל פרימאן, אַ גריס און שליחות צו די אידן פון גאָר דער וועלט. — שלום על ישראל!

די צייט איז נאָענט, ווען דאָס פאָלק ישראל וועט אויס־געלייזט ווערן פון שווערן און לאַנגן גלות דורכן רצון פון בורא־אחד און זיין שליח אויף דער ערד שבתי־צבי, — שלום רב לכם מאַדון השלום וממני ידידו המלך שלמה. לכן איז דער מלך־המשיח, יתברך שמו ויתעלה לעד — אָמן, גוזר און מודיע צו די אַלע אידן פון סטאַמבול און פון גאָר דער וועלט, אַז ס'איז דער רצון פון גואל המכונה שבתי־צבי, אַז די תעניתים שבעה־עשר בתמוז און ט' באָב זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן און פאַרקערט ווערן אין פייערטעג: תעשו אותם ימים של משתה ושמחה במאכלים חשוקים ומשקים ערבים, וברבוי נרות ואורות ובניגונים רבים ובשירים רבים מפני שהוא יום דתו של שבתי צבי מלכם עליון למלאכי ארץ, און וואו ס'איז נאָר דאָ אַ אידיש הויז זאָל מען זיך משמח זיין, טרינקען און עסן און זיך מאַכן פריילאַך אין געזאַנג און טענץ און די טעג פון שבעה־עשר בתמוז און תשעה־באב זאָלן פאַרעכנט ווערן פאַר יום־טובים, ווייל שבעה־עשר בתמוז איז דער טאָג אין וועלכן דער גייסט פון מלך־המשיח איז געבאָרן געוואָרן און תשעה־באָב איז דער טאָג אין וועלכן דער גואל איז געבאָרן געוואָרן. דער נוסח פון די תפילות פאַר די טעג זאָלן זיין אַ יום־טוב'דיקער: „ותתן לנו ה' אלקנו באהבה מועדים לשמחה חגים וזמנים לששון את יום הנחמות הזה, זמן לידת מלכנו משיחנו שבתי־צבי עבדך ובנך בכורך באהבה מקרא קודש זכר ליציאת מצרים", וקראו בפרשת השבוע עד „אשדות הפסגה" חמשה קרואים בסדר תורה ובברכות כיום־טוב גמור...

דאַרום אידן פון גאַר דער וועלט איז געקומען די העכסטע צייט, אַז צוגלייך מיטן גלות זאָל אויך פאַרשווינדן די עצבות, און אין אַלע אידישע הייזער זאָל זיך אָנשטאָט די עצבות באַזעצן שמחה־וששון. — שלום על ישראל.

נאום דוד בן ישי נורא למלכי ארץ, הגבר הוקם על כל ברכה ותהלה משיח אלהי יעקב, אריה דבי עילאי וטביא דבי עילאי שבתי־צבי.

שמואל האָט געענדיקט לייענען, געבליבן אַ ווײַלע שטיין און דער עולם האָט אויך ווי אויף אַ רגע פאַרלאָרן לשון, אָבער דערנאָך האָט זיך פון אַלע העלזער אַרויסגעריסן אַ באַגייסטערטער בייפאַל, און יעדער באַזונדער האָט וואָס אַנדערש אויסגעשריען. אַנדערע האָבן זיך געריסן צו דער טיר, אויסגעדריקט אַ דרינגנדיקן פאַרלאַנג אָנצוקוקן דעם „ליכטיקן פנים" פון מלך־המשיח, און קולות האָבן געשריען:

— זאָל ער זיך צו אונז ווייזן!

— זאָל דאָס ליכט פון זיין פרצוף אויף אונז אַ שיין טאָן!

— יחי המלך־המשיח!

— יחי מלכנו ומשיחנו!

— אורו יאיר עלינו!

— לעבן זאָל דער גואל!

— ווייז דיין ליכטיק פנים שבתי־צבי!

שמואל האָט מיט אַ מינע פון באַשטענדיגקייט און טיפן נאָכדענק באַטראַכט די פאַרזאַמלטע, אויפגעכאַפּט די פאַרבאָרגענע נייגעריגקייט און אייפער פון דער יונגער פרויענצימער, וואָס האָט שוין פון עטלאַכע וואָכן גערעגט זיין בלוט און נייגער. אַ דינער, אָבער שפּיציגער שמייכל האָט אַביסל פאַרשמירט די אָנגעצויגענע פייערלאַכקייט פון זיין פנים. ער האָט מיט קעניגלאַכן אָנשטעל אויפגעהויבן די רעכטע האַנט, און ס'האָט אים אַ שלאָג געטאָן: „כאשר ירים משה את ימינו", און האָט געלאַסן אָנגעהויבן:

— ש־ש־ש־ש־אַ, — רואיק, אידן.

ווען דער עולם האָט זיך איינגעשטילט האָט ער זיך ווי פריער צו אַלעמען געווענדט און געזאָגט:

— די, וואָס האָבן, פון אייך דאָ פאַרזאַמלטע, וויכטיקס מיטצוטיילן, אָדער שלוחים פון אַנדערע לענדער, וועלן נאָכמיטאָג אויפגענומען ווערן פון דעם מלך־המשיח. •

דאָס אָפּגעזאָגט איז ער שטייף, און מיט אַ מינע פון איינעם וואָס האָט געטריי אויסגעפירט זיין שליחות, אַריין אינווייניק.

ווי נאָר ער איז געבליבן אַליין אַזוי האָט זיך זיין גאַנצע אָנגעצויגנקייט אָפּגעלאָזן, אַראָפּגעפאַלן פון זיך ווי אַ לויזע טוך. גאָרניט דערזעלביקער. ס'איז אים געווען אויפן האַרצן ווי נאָר צו טראַכטן מיט ביטול וועגן יענע, וועלכע ער האָט נאַרוואָס פאַרלאָזן. ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז שבתי־צבי ווערט אַלץ וואָס ווייטער אָפּגעשוואַכט, און זיין ווייב שרה, צו וועלכער ער האָט געגלוסט, קוקט אין אַנדערע פענצטער, און אין גאַנצן גייט עפּעס ניט כשורה, און האָט געגומען מורא האָבן, אַז זיי זיינען צו ווייט פאַרקראָכן.

די טיר פון שבתי־צבי'ס חדר האָט זיך שווער און פאַמעלאַך געעפנט און אַ וואַליק געקרויזטער קאָפּ האָט זיך פון שפּאַלט אַרויסגעצויגן. אַ פּאָר אומגעזונט גליענדיקע אויגן האָבן צומישט געקוקט אין דער טונקלקייט פון צימער.

— שמואל ? !

שמואל האָט זיך געשווינד אַ קער געטאָן דערזעענדיק דעם אַרויסגעשטעקטן קאָפּ האָט זיין פּנים אָנגענומען אַ פּאַר־דאגה'טן אויסדרוק, און געזאָגט :

— איך בין דאָ.

דער קאָפּ אין דער טיילווייס געעפנט טיר האָט געפרעגט :

— שמואל, אַ סך מענטשן אין דרויסן ?

— ווי תמיד.

— אין דרויסן איז שיין ? די זון שיינט ?

— שיין אין דרויסן די גאַנצע וואָך.

אַ זיפץ פול טרויער איז געקומען פון מאַן, וואָס האָט געפרעגט וועגן וועטער, און דער שוואַרצער, געקרויזטער קאָפּ, האָט זיך ווי דער קאָפּ פון אַ טוירטל אַריינגעצויגן אינווייניק.

שמואל האָט געהויבן אין דער הויך די ברעמען, געקוועטשט מיט די אַקסלען און אַ געמיינער שמייכל האָט פאַרקרימט זיינע רויטע און דיקע ליפּן : — משוגע.

און נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט צו אַנטוויקלען אַ בייזע מחשבה וועגן שבתי־צבי אַזוי האָט זיך מיט געפילדער אַריינגעטראָגן ר' משה פון סערוויל, צעשויבערט און פאַרשלומפּערט, מיטן אויסזען, ווי ער וואָלט געשלאָפן אין די זאַכן. ער איז געווען

אומנאַטירלאַך אויפגעלעבט, די אויגן האָבן געגלאַנצט ווי שטיקלאַך גלאָז קעגן דער זון, דער פּנים רויט און צוהיצט. דער אַלטער צעדריבלטער טורבאַן הויך פּאַרוקט אויפן שטערן, דער גאַרטל אָפּגעבונדן, דאָס האַלז און אַ שטיק האָריק ברוסט אָפּגעדעקט. ער האָט גלייך אָנגעהויבן:

— שלום, שמואל, ברכת ד׳ על ראש מלכנו ומשיחנו וגם על ראשיך. ראות פּניך כראות פּני משיחנו, און דאָס פון דער שכינה הקדושה זאָל דיין קאָפּ פול מחשבות זרות אין שיינענדיקן ליכט איינוויקלען... אַ גרויס פינצטערניש — חושך של מצרים איז אַרום דיין קאָפּ... מחשבות זרות... ביזט אַ רואה קרי... נשים און נשים... ביזט מזנה... דו ביזט אַ נואף...

שמואל׳ן איז אויף אַ רגע איינגעפאַלן אַז ר׳ משה סערוויל איז שכור, אָבער ער האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז אַזוי־ער איז ער געווען נאָך מיט יאָרן צוריק אין ברוסא, פון וואַנען זיי קומעןביידע. נאָר דעמאָלט האָט ער גע׳שמ׳ט אין שטאָט פאַר אַ משוגע׳נעם ניט ווי דאָ פאַר אַ נביא, און האָט געשמייכלט און אין קאָפּ איז געהאנגען די פראַזע: "אין נביא בעירו"...

— שלום, ר׳ משה.

און האָט אים געגעבן די האַנט.

שמואל האָט גיך צוריקגעצויגן די האַנט: ר׳ משה׳ס האַנט איז געווען קאַלט און קלעפּיק, — ווי די האַנט פון אַ שכיב־מרע, — איז אים איינגעפאַלן און עפּעס האָט מיט שוידער גענומען קריכן איבערן רוקן, און ס׳האָט אין אים געשמאַרצט אַ פאַרלאַנג צו רייבן די האַנט אָן זייט פון בגד.

ר׳ משה האָט אָנגעקוקט שמואל׳ן און געזאָגט:

— זאָג מיר, שמואל, וואָס מאַכט אין געזונט דער געזאַלבטער?

— און האָט אַזוי מאָדנע, מיט צוטומלטע אויגן אָנגעקוקט שמואל׳ן:

— חלום רע חזה נפשי....

שמואל האָט געהאַט בדעה ניט צו לאָזן ר׳ משה׳ן ווייט גיין אין זיין „משוגעת", ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז אים איז שווער דעם קאָפּ צו פאַרדרייען מיט די אַלע נאַרישקייטן ווי „חלומות", פּסוקים פון זהר און „גמטריות", און ס׳איז אים אָפּט ניט אָנגע־שטאַנען, ווען מ׳האָט אויף אים אָנגעווענדט די אַלע „זאַכן", און האָט אַצינד ר׳ משה׳ן געוואָלט שאַרף אַריינזאָגן, אַז ער זאָל זיך

ניט אַזוי צעוואָרפן און ווערן צו גוטברודער מיט אים, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן, אַ טראַכט געטאָן, אַז ר' משה סערוויל, פאַרעכנט ביים המון פאַר אַ „גרעסערן” נביא ווי נתן פון עזה, שפּילט אַ צו וויכטיקע ראָלע אין דער שבתי־צבי באַוועגונג, אַז מ'זאָל זיך מיט אים ניט רעכענען. ער איז דאַרום געוואָרן ערנסט און געפרעגט:

— איר האָט געזען אַ שלעכטן חלום, ר' משה?

ר' משה האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווי עפּעס אַרויסצוברענגען פון דמיון דאָס וואָס זיי האָבן געזען, און געזאָגט:

— חלום רע, חלום רע חזה נפשי...

— דהיינו?

ר' משה האָט אויפגענומען די באָרד אין אַ קלין, געקוקט גלייך שמואל'ן אין די אויגן און גערעדט:

— מיר האָט זיך גע'חלומ'ט, ס'איז ערב יום־כפור אין דער פרי, די שטוב איז אָנגעפילט מיט עופות און ס'איז אַ טומל און קרייעריי עד השמים... און כ'האָב געזען, ווי צווישן די אַלע עופות לויפט אַרום אַ האָן — תרנגול אדום, און שמואל, הטה אזניך וקשב, און אָט דער „תרנגול אדום” איז דער גאַנצער ממונה און איז בועל אַלע הינער, אָט דער "תרנגול” איז אָן אַ קאָפּ, — אָן אַ קאָפּ ממש. איך קוק זיך צו אים צו, — שומו שמים!... ס'איז דער גואל, דער מלך־המשיח שבתי־צבי!... אימת מות אחזני!...

און האָט אין דער שטיל גענומען שעפּטשען אַ תפילה, די אויגן פאַריסן צו דער סטעליע.

שמואל האָט געשמייכלט:

— שפּייט אויס דריי מאָל, ר' משה.

ר' משה האָט גלייך ניט געענטפערט, ער האָט אַלץ געהאַלטן די אויגן פאַרקייקלט אַרויף, די פויסטן צונויפגעדריקט און אין דער שטיל צוזיך גערעדט: ניט קיין גוטער חלום, ניט קיין גוטער חלום...

די טיר פון שבתי־צבי'ס צימער האָט זיך געעפנט, פּאַמעלאַך, צאָל ביי צאָל און דער וואָליקער שוואַרצער קאָפּ האָט זיך אַרויסגערוקט.

— שמואל?

און איז געבליבן אין מיטען. ער האָט דערזען דעם פאַר'דבק'עטן

ר' משה. זיין פּנים האָט זיך אויף אַ רגע פאַרכמאַרעט, אָבער האָט זייער גיך געביטן דעם אויסדרוק און אויסגערופן:

—ר' משה!

ר' משה האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף, אָנגעשטעלט זיינע וואַנדערנדיקע אויגן אויפן טיר, דערנאָך, צוגעלאָפן, זיך געבוקט.

— קום אַריין ר' משה.

די טיר האָט זיך נאָך אים פאַרמאַכט.

ג.

צווישן די סטאַמבולער אידן האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן פאַרשיידענע קלאַנגען וועגן שבתי־צבי און זיינע אָנהענגער. מ'האָט איינע די אַנדערע פאַרטרויט גרויסע סודות, מ'האָט שטיל וועגן די אַלע זאַכן גערעדט, מ'האָט'ס ניט געוואָלט ריידן אויפן קול, אַז די רייד זאָלן ניט דערטראָגן זיך אין סולטאַנ'ס הויף. מ'האָט זיך געשושקעט, אַז דער סולטאַן האָט געוואָרפן אַן אויג אויף שרה'ן און האָט בדעה זי אַריינצונעמען אין זיין האַרעם. מ'האָט מיט גלאַנצנדיקע אויגן און פאַרכאַפּטן אָטעם גערעדט וועגן אַ שיף אָנגעלאָדן מיט שפּאַנישע אַכטגאָלדשטיק, אַ מתנה פאַרן סולטאַן פון די רייכע אידן, וואָס דאָס האָט אגב־אורחא געמיינט שבתי־צבי'ס באַפרייאונג, — און די גאולה. ווידער האָט מען גערעדט וועגן דעם, וואָס שבתי־צבי האָט פאָראויסגעזאָגט אַ טערקישן נצחון אין דער איצטיקער מלחמה, און האָט דאַרום געפונען לייט־זעליגקייט אין די אויגן פון סולטאַן. מ'האָט אויך גערעדט וועגן דעם, וואָס דעם סולטאַנ'ס לייבדאָקטאָר דידון, אַ גע'שמד'טער איד, האָט איניקע מאָל באַזוכט שבתי־צבי'ן און מ'האָט דערפון געדרונגען, אַז ער איז מסוכנ'דיק קראַנק, און איניקע האָבן אַפילו אָנגערופן די קראַנקהייט מיטן נאָמען, — אַ נאָמען, וואָס ביי הערן האָט מען געשאָקלט מיט די קעפּ, געשנעלט מיט די צינגער: טסאַ, טסאַ, טסאַ — אַזוי גאָר! און גאָר אין מיטען האָט זיך פון העלער־הויט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, וואָס האָט אַלעמען אויפגעהויבן, געבראַכט אויף די פיס, אַרויסגערופן אויגן פול חידוש, צערודערט די מחות און פאַרשאַפט בייזבלוט. קורץ, דער קלאַנג איז געווען, אַז שבתי־צבי האָט בדעה איבערצוגיין צו דער מחמד'אנישער אמונה. דער דאָזיקער קלאַנג האָט אַלעמען פאַרכאַפּט — פון קליין ביז גרויס, פון יונג ביז אַלט. יעדער איינער האָט אויף זיין שטייגער

אויפגענומען דעם קלאַנג און געמאַכט זיין פּירוש. פון וואַנען אָט דער קלאַנג האָט זיך גענומען, ווי אַזוי ער איז פּלוצים אַרויסגע־שוואומען אויף דער פלאַך, האָט קיינער קלאָר ניט געוואוסט. אַלע האָבן וועגן דעם גערעדט, זיך געקאָכט, געהיצט, געמאַכט סברות, זיך משער געווען, אָבער ווען אימעצן איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן צו פרעגן: פון וואַנען ווייסט מען עס אַלץ, האָט אויף דעם קיינער ניט געוואוסט וואָס באַשטימט׳ס צו ענטפערן. די וואַרשיינלאַכסטע געשיכטע איז אין דעם פאַל די, וועלכע מ׳האָט דערציילט אין יחיאל דעם שניטקרעמערס נאָמען. ס׳האָט געהייסן, אַז יחיאל דער שניטקרעמער האָט׳ס געהערט פון איינעם, וואָס איז זייער אַ נאָענטער מחותן מיטן גרויסוויזיר. ס׳איז אויסגעקומען, אַז דעם גרויסוויזיר׳ס „נאָענטער מחותן" האָט זיך גערייצט מיט יחיאל׳ן, חוזק געמאַכט פון שבתי־צבי און אַזוי אַרום צו אים געזאָגט: „ווייסט, יחיאל, אַז אייער גרויסער „חכם" שבתי־צבי וועט באַלד ווערן אַ מוסלמאַן.

ווען מ׳האָט וועגן דעם געפרעגט יחיאל׳ן, האָט ער אומשולדיק און תמ׳עוואַטע געקוקט, געקוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי איינער זאָגט: „לא דובים ולא יער". — און קיין וואָרט מער ניט אַרויסגעזאָגט.

ווי די מעשה זאָל ניט האָבן געווען, אָט דער קלאַנג האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע סטאַמבולער אידישער געמיינדע ווי אַ שטרויפלאַם און אומעטום, וואו ס׳זיינען נאָר אויפגעקומען מענטשן, אין די באַזאַרן, בעדער און שולן האָט מען וועגן דעם גערעדט מיט האַרץ און פייער. די שבתי־צביניקעס האָבן זיך דערפון אויסגעלאַכט, געוואָרפן די שולד פון דעם פאַרשפרייטן אָט די קלאַנגען אויף זיינע קעגנער. די מתנגדים, הגם קליין אין צאָל, האָבן עס פאַנאַנ־דער געבלאָזן אין אַ גרויסן פלאַקער, גע׳יובל׳ט און גע׳טענה׳ט, אַז זיי האָבן אַזאַ שריט מצד דעם פאַלשן משיח שוין לאַנג פאָראויסגעזאָגט. די גאָר הייסע חסידים זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט אַפילו צו מצדיק זיין אַזאַ שריט. זיי האָבן גע׳טענה׳ט: „וואָס דער בחיר ה׳ וועט טאָן וועט זיין גוט", ס׳איז מסתמא אַ וואונק פון אויבן, און ס׳איז דער רצון פון בורא.

אין עטלאַכע עפנטלאַכע פלעצער זיינען פאָרגעקומען געשלעגן, און ס׳איז געוואָרן אַן אויפגעלאף ווי צו אַ שריפה. שלוחים האָבן

געאײַלט צום און פון שלאָס אַבידאָס. שמואל פרימא האָט אַרויס־געלאָזן אַ קול־קורא, אין װעלכן ער האָט בהחלטה אָפּגעלייקנט די װאַרשײַנלאַכקייט פון אַזאַ פאַל, געװאָרנט אַלעמען ניט צו געבן קיין „אוזן קשבת״ צו אַזוינע גרונטלאָזע קלאַנגען, װאָס װערן אומישנע פאַרשפּרייט פון זיינע ביטערע מתנגדים.

און אַזוי האָט זיך איינמאָל בין מנחה ומעריב שטאַרק גערודערט אין דער פּוילישער שול, װאו יחזקאל שוסטער האָט געדאַװנט. די מערסטע פון די דאַװנער און לערנער האָבן זיך פאַרקליבן פון פאָרנט הינטער דער בימה און מיט טיפן אינטערעס אַרומגערעדט די מעגלאַכקייט פון שבתי־צבי׳ס איבערגיין צום איסלאַם. יחזקאל, האָט װי תמיד, אַרויסגעװיזן אַ גרויס קעגנערשאַפט און אַלעמען איבערגעשטיגן מיט זיין פאַרביסענער איינזייטיקייט. ס׳האָט אויס־געזען װי ער װאָלט באַהערשן דעם גאַנצן ״הינטער דער בימה״. און אַז אַלע נויגן זיך צו זיין צד, דערהויפּט זיינע „מענטשן״.

ער איז געשטאַנען אין מיטען פון אַ רעדל און האָט מיט זיין שטייפער באַפעלערישער שטים געװירקט, אַז די אַנדערע, דאָס רוב די בעל־מלאכות, זאָלן זיך צוהערן צו זיינע רייד מיט דרך־ארץ. ער האָט איצט סתּם אין דער װעלט אַריין גערעדט:

— װאָס איז דאָ, אידן, אַ סך צו ברייען. אויב ער איז נאָך אין גאַנצן ניט אַריינגעטאָן אין ענין שמד, װעט ער עס שפּעטער!... ער װעט זיך פון דעם ניט אַרויסדרייען. איך קען גוט מיינע קונדן! איר הערט מיינע װערטער, אידן, הלואי זאָל איך ליגן זאָגן, נאָך אַלעמען איז׳ס דאָך אַ פּאַטש אין פּנים אַריין אַלע אידן, און דאָס װיל איך דאָך ניט. — עפּעס אַ קלייניגקייט שמד!.. אָבער איר הערט מיינע װערטער, ער׳ט נאָך ברענגען שמאַך און שאַנד אויף אונזערע קעפּ... מיינט ניט, אידן, אַז דער סולטאַן איז אַ לעמעשקע און װייסט ניט װאָס ס׳טוט זיך דאָרטן אָפּ אין זייער „מגדל־עז״!.. אויב איר דענקט אַזוי, טאָ האָט אויף מיר קיין פאַריבל זייט איר גרויסע נאַראָנים!.. ס׳דאַכט זיך אייך אַזוי, אָבער?.. װאָס מיינט איר, אידן, װעט זיין דער סוף? װער מיינט איר װעט זיין צום סוף דער כפרה־האָן? װער טאָקי? אַדרבה זייט בריות און זאָגט?.. פּשוט! — מיר אָרימע בעל־מלאכות! מיר, מיר װאָס לעבן אַזוי אין דחקות, װעט׳ס אויספּאַלן אויף אונזערע קעפּ... די נגידים, די גבירים? זיי װעט דער שװאַרץ יאָר ניט נעמען, זיי װעלן זיך

שוין ארויסדרייען, — האָב זיי אַ שוואַרץ יאָר! זיי זאָרגן זיך עפּעס פאַר אונז. פון זייערטוועגן מאָגן מיר זיך כאָטש היינט אַריינוואַרפן אין די דאַרדאַנעלן, אָט וועלן זיי האָבן אַ דאגה!...

און האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, אום צו קאָנען לייענען די פּנים׳ער און זען וואָס פאַראַ ווירקונג זיינע רייד האָבן אָנגעמאַכט צווישן די אַרומיקע.

ירוחם דער שניידער האָט אָנגעשטעלט נאָז און אויערן, געקוקט תמ׳עוואַטע אויף יחזקאל׳ן, זיך געקראַצט אַרום פּאטילניצע, ווי איינער וועמען ס׳איז עפּעס ענג אין קאָפּ. ער האָט פאַרצויגן די ליפּן און גערעדט:

— זיך שמד׳ן! נאַ דיר גאָר אַזאַ מין אָנשיקעניש! ווער זאָל זיכ׳ס ריכטן? טפו זאָל ער ווערן!...

און האָט אויסגעשפּייט.

איטשע אַרע דער מולער האָט עפּעס פרום געשעפּטשעט די גאַנצע צייט, וואָס יחזקאל האָט גערעדט און צום סוף האָט ער מיט הייזעריקן קול אויסגעדריקט זיין שטעלונג צום ענין, וואָס ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— געלויבט איז ברוך־הוא דער מנהיג פון דער וועלט.

ראובֿ׳ע דער בעקער האָט געצויגן די אַקסלען, געהויבן אַרויף די שווערע ברעמען, געלאָזט אַראָפּהענגען די אונטערשטע ליפּ און פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזן אַ ספק געוויינקטן „באַ".

יחזקאל האָט אויף אַלעמען געהאַט אַן אויג: געלייענט די פּנים׳ער, און יעדער באַזונדער האָט צום סוף באַקומען זיין געהעריקן חלק. צו ראובֿ׳ע דעם בעקער האָט ער מעשה תקיף אַ זאָג געטאָן:

— וואָס „באַ"קעסטו כסדר און שאָקלסט דעם קאָפּ ווי אַן אַלטער פערד?! גלויבסט ניט וואָס?.. דיר פּאטויפּעט זיך גאָרניט אין מח?... אַזאַ תכשיט! פיש, פיש, — ניט צו גלויבן אויף אים!...

ראובֿ׳ע דער בעקער האָט אויף אַ רגע ניט געביטן זיין ספק׳דיקע האַלטונג און האָט, ווי ניט אים מיינט מען, אַרויסגעלאָזן אַ שווערן זיפּץ און געזאָגט:

— וואָס איז דאָ צו ריידן — לא טוב!

איטשע דער מולער איז אַריינגעפאַלן:

— דער קץ.

יחזקאל האָט אויף אים שטרענג אַ קוק געטאָן, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מיט ביטול גערעדט:

—קץ, שמעץ — בלאָטע! ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזענע איי!.. אַ נייער אומגליק. וואָס פאַראַ משיח איז ער?! איך בעט אייך? אַ נואף, אַ מומר להכעיס! איך הער צום ערשטן מאָל, אַז דער משיח דאַרף זיין אַ נואף, אַן עוכר ישראל... ער'ט פאַרקויפן דאָס גאַנצע פאָלק ישראל פאַר אַ טאָפּ לינזן...

און האָט אַרויסרופנדיק געקוקט אַרום, טאָמער וועט זיך אימע־צער אַרויסשטעלן אַנטקעגן.

צום רעדל איז צוגעשטאַנען יצחק ליטוואַק, ער האָט מיט קלאָרע אויגן אַלעמען אָנגעקוקט, און אין דערזעלביקער צייט האָט דער מילדער אויסדרוק פון זיין פּנים אַזוי ווי געזאָגט: ווידער דאָסזעלביקע.

יחזקאל'ס פּנים, דערזעענדיק יצחק'ן, האָט פאַרלאָרן די שטרענגקייט. ער איז געוואָרן אַביסל אויפגעראַמטער, פרייער, גלייך ווי ער וואָלט דערפילן, אַז הילף איז צוגעקומען, ער האָט זיך צום אים געווענדט:

— מיר ריידן דאָ אַלץ וועגן קלאַנג. האָסט מסתמא געהערט... וועגן דעם וואָס ער וויל זיך שמד'ן

— פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי ריידן, יחזקאל? — האָט זיך אַריינ־געמישט לייבע דער פישער מיט אַ געווייכטן טאָן כדי ס'זאָל ניט אויסקומען, אַז ער איז אָנגרייפנדיק. — ניט שיין, כ'קאָנ'ס ניט פאַרטראָגן... די גאַנצע מעשה איז לא היה ולא נברא... גלאַט מ'רעדט!...

— וואָס זאָגט איר אויף אים? אַ נייער מליץ־יושר! — האָט יחזקאל מיט אַ מינע פון זענאַר, זענאַר אַרויסגעזאָגט און אַלעמען אַזוי אַרויספאָדערנדיק אָנגעקוקט. — קוקט אים נאָר אָן, ווי געפעלט ער אייך? — און האָט זיך צו אים שאַרף אַ קער געטאָן: — און לאָמיר, לייבע, צוריק ריידן, און אַז ער'ט זיך ניט שמד'ן איז ער ניט קיין משומד?!.. מיינסט מ'דאַרף זיך נאָר שמד'ן?... איך זאָג דיר, ער איז נאָך געווען אַ משומד ביי דער מאַמען אין בויך.

— וואָס זאָגסטו, יצחק?

יצחק ליטוואַק האָט זיך פאַרלאָרן, רויט געוואָרן און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

— אדרבה, יצחק, — האָט אים יחזקאל געמונטערט.

און ס'איז אים געווען אַזוי שווער אַרויסצוזאָגן, — אַריינפאַלן אין מיטען און זאָגן אַ מיינונג. ער האָט צום סוף אַזוי פּאַמעלאַך און פאַרזיכטיק אַרויסגעזאָגט:

— שווער, ר' יחזקאל, צו משפּט'ן.

יצחק'ס פּאָר שטילע ווערטער האָבן אים אַביסל אָפּגעזעצט. אָבער האָט פונדעסטוועגן אַזוי מיטאַמאָל ניט געוואָלט אָפּלאָזן. ער האָט געזאָגט:

— וואָס איז דאָ צו משפּט'ן?! ער איז אַן עוכר ישראל.

יצחק האָט געטראַכט: דער אמת איז איינער און מענטשן זיינען דאָ ניט צו ציילן, אין די אלפים ורבבים, — אַ וואונדער, וואָס ס'איז אים שווער צו געפינען... אימעצער האָלט אים... דער רמב"ם. — ער איז געבליבן אין מיטען, ווייל גראד אין דער רגע האָט אימעצער הויך מיט אַן אָנהויב כעס גערעדט: — אַרויס־לאָזן אַזאַ קלאַנג. ס'איז אַ חילול־השם! — אַ צווייטער קול האָט זיך אַריינגעשניטן: — וואָס מיר חילול־השם?! אויף אים איז אַלץ צו גלויבן!...

דער טומל הינטער דער בימה איז געוואָרן געדיכטער. די דאַוונער האָבן צום סוף גענומען אַרויסווייזן זייער שייכות צום ענין. יצחק „ליטוואַק" האָט זיך מיטאַמאָל געפונען אין מיטען פון אַ רעדל, אַרומגערינגלט פון נייגעריקע און אָנגעשפּיצטע פּנים'ער. ער האָט פּאַמעלאַך זיך גענומען אַרויסאַרבעטן פון געזעמל.

פון אויבנאָן איז אָנגעקומען יהודה־לייב דער וואָכערניק, דער גבאי פון שול. ער איז געגאַנגען אַזוי געזעצט און מהודר'דיק, און אַרום אים האָט זיך געפילט חשיבות, וואָס וואָלט אַזוי ווי גערעדט, אַז אַן אמת באַלעבאַטישער מענטש דאַרף גיין מיושב'דיק. זיין שווערע בייכיקע פיגור מיט דער לאַנגלאַך גרויע באָרד, וואָס האָט אַזוי באַקוועם גערוט אויף זיין ברייטער ברוסט, האָבן פאַרקונדיקט אַ צופרידנקייט מיט זיך און מיט דער גאַנצער וועלט.

איידער ער איז נאָך נאָענט צוגעקומען צום רעדל, האָט ער מעשה תקיף גענומען ציען אַ באַפעלערישן ש־ש־ש־ש־אַ־אַ, וואָס דערביי האָט זיך דער רעש אַביסל איינגעלייגט.

—שאַ, שטילער, — שטילער אַביסל!

יחזקאל האָט אים העזה'דיק אָנגעקוקט און געזאָגט:

— וואָס זאָגט איר עפּעס צו דעם ? וויל זיך שמד'ן דער תכשיט ?.. זיך געריכט אויף אַזאַ בהלה ? . .

דעם גבאי'ס פּנים האָט זיך פאַרכמאַרעט, און דער אויסדרוק איז געוואָרן אַזאַ, וואָס האָט אָפן אָנגעוויזן, אַז ס'איז אים ניט ניחא זיך אַריינצולאָזן אין אַ ויכוח, אָבער ער האָט מעשה גבאי און אַזוי אָנגעזעענער בעל־הבית אַ זאָג געטאָן:

— אָט מאָרגן שמד'ט ער זיך ! פון אַלץ ווייסטו, יחזקאל . . .

יחזקאל'ן איז ניט אָנגעשטאַנען דער פון־אויבן־אַראָפּיקער טאָן און האָט ברוגז'לאַך אַ זאָג געטאָן:

— כ'ווייס אַזוי גוט ווי איר, ר' יהודה־לייב. איך בין אַ פּשוט'ער בעל־מלאכה, איך ווייס אַז מ'קלינגט איז חגא . . .

— אָבער דאָס אַלץ קאָן מען דאָך מאַכן אַביסל שטילער, — האָט יהודה־לייב מיטן טאָן געלאָזט פילן, אַז ער האָט דאָ צוזאָגן אַ שטיקל דעה. — וואָס דאַרף מען אַזוי געוואַלדעווען . . . מענטשן לערנען דאָך ביי די טישן. — וואָס זאָגסטו, יצחק ?

יצחק, ווי פריער, איז געוואָרן רויט. ער האָט אומבאַהאָלפן געשמייכלט און ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג וואָס צו זאָגן באַשטימטס. אָבער אום ניט צו זיין אומהעפלאַך האָט ער זיך גלאַט אין דער וועלט אַ זאָג געטאָן:

— די צייט וועט וויזן.

יהודה־לייב האָט געשמייכלט אין די וואָנצען:

— „די צייט וועט וויזן", ווער ווייס עס ניט ? — און צום עולם האָט ער מיט אַ שטרענגן פּנים און וויכן קול געזאָגט: זאָל זיין אַביסל שטילער . . . מ'שטערט די לערנער.

און איז אָפּגעגאַנגען פול ווערדע און אַ ברוגז'ער.

יצחק'ן איז איינגעפאַלן: אַלע ווייסן און קיינער ווייסט ניט: טויזנטער דרייען זיך אַרום איין פּונקט און קיינער קאָן אים ניט אָנכאַפּן, — און דערביי געפילט ווי צו וואונדערן זיך איבער אַ גרויסע אומפאַרשטענדעניש.

איינער מיט אַ ציגן בערדל און געשווינטע תנועות האָט זיך האַסטיק אַריינגערוקט אין מיטען און גענומען כסדרריידן און מאַלן, און ס'איז אויסגעקומען, אַז ער ווייסט אַ סך וועגן דעם ענין, מ'זאָל אים נאָר פרעגן. און אַז מ'האָט אים גענומען פרעגן „וואָס־און־ווען", איז דער תירוץ געווען אַ גאַנץ פּשוט'ער: — האַסאַן, דער דינער פון קאַדי האָט אים בכבודו־ובעצמו אַליין דערציילט.

און האָט אַלעמען אַזוי אָנגעקוקט, גלייך ווי ער וואָלט מיט זיין קוק וועלן אַרויספּאָדערן, אַז מ'זאָל אים ניט גלויבן דעמאָלט ערשט וואָלט ער זיי איבערצייגט.

איינציקע האָבן זיך געוואונדערט:

— האַסאַן, דער דינער פון קאַדי?

— אַ גרויסע מציאה, האַסאַן! — האָט יחזקאל אַ זאָג געטאָן.

— וואָס איז אַזוי די גדולה מיט האַסאַנ'ען?... נו, נו, לאָמיר פונדעסטוועגן הערן, וואָס האַסאַן האָט דערציילט?

— אַזוי לאַנג קריינקען מיינע שונאים ווי לאַנג ער וועט זיך ניט שמד'ן, — האָט אימעצער מיט כעס אויסגעשריען.

יחזקאל האָט דעם אויפגערעגטן אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט און געזאָגט:

—שווייג, לאָמיר הערן.

דער איד האָט זיך געריסן:

— ניין, איך וועל ניט שווייגן!

— משוגע'נער!

— זע נאָר, ווי ער האָט זיך פאַנאַנדערגעקאָכט! — האָט זיך אימעצער אַרויסגעכאַפּט. — ס'גייט אים אין לעבן! — לאָמיר הערן, וואָס דער קאַדי'ס דינער האָט דערציילט!...

דער איד מיטן ציגן בערדל האָט זיך דערפילט וויכטיק, און האָט מיט אָנשטעל אַריינגענומען דאָס גאַנצע בערדל אין הויפּן און אַרויסגעלאָזן אַן אויסגעצויגענעם:

— ש־ש־ש־ש־אַ, אידן. ניט געטומלט.

איינער האָט אַריינגעוואָרפן:

— זע נאָר וואָס פאַראַ שטיק ער מאַכט!

— אַזוי רעדט ער פאַר פייער און פאַר וואַסער.

— נו, שוין גיכער! וואָס קוועטשטו זיך?!

דער איד מיטן ציגן בערדל האָט ניט אויסגעהאַלטן די קינסט־לאַכע אָנגעצויגנקייט און מיטאַמאָל אַרויסגעפּלאַצט:

— וואָס דאַרפט איר מער, אידן, מ'האָט אים געגעבן די ברירה: שמד, אָדער — כיק! — און דאָ האָט ער איבערגעפירט די האַנט איבערן האַלז ווי מיט אַ חלף.

אַלע זיינען מיט אַמאָל געבליבן שטיל, גלייך ווי יעדער באַזונדער וואָלט מיטאַמאָל דערפילט די אַחריות פון אַזאַ ברירה.

ראוב'ע דער בעקער האָט דער ערשטער אַ זאָג געטאָן:

— לא טוב.

אַן אַנדערער:

— שמד, אָדער אָפּשניידן דעם קאָפּ.

אימעצער האָט'ס אַנדערש געלייענט:

— שמד, אָדער מיט אַ קאָפּ קירצער...

— ניט קיין שלעכטע ברירה.

איינער אַ בעל־ספק האָט זיך אַ זאָג געטאָן.

— איר מאָגט זאָגן וואָס איר ווילט, עפּעס גלויבט זיך ניט...

יחזקאל איז געוואָרן אויפגעזאָדן. ס'האָט אים באַנג געטאָן, וואָס דער גאַנצער עולם האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעשראָקן און געוואָרן ווייכער. ער האָט זיך דאַריבער אויסגעצויגן אין פולער הויך און גענומען מיטן טאָן פון אַ בעל־מוסר אַ מגיד ריידן:

— זעט נאָר ווי זייערע הערצער זיינען ווייך געוואָרן ווי אַן אויסגעווייקטע פּאָדעשווע! טויזנטע אידן האָבן פאַרלאָרן די קעפּ פאַר זייער אמונה... די עשרה־הרוגי־מלכות און... — ער האָט געוואָלט נאָך אַזוינע פאַלן אָנגעבן אין איין אָטעם, אָבער ס'איז אים אויפן זינען ניט געקומען, ער האָט זיך ביי דער שטעל אַביסל פאַרשטאַמלט און דערנאָך אויסגעפּלאַצט מיט מער שטאַרקייט: — און וואו איז שפּאַניע, פּארטוגאל, טולטשין... אַן אמת'ער איד וועט זיך ליבערשט לאָזן אָפּשניידן דעם קאָפּ איידער זיך שמד'ן!.. שאַ, דאָ אידן וועלן מיר האָבן די אמת'ע פּראָבע! דאָ הה'לן מיר זען צי ער וועט אויסהאַלטן!

— אַזוי לאַנג קרענקען זיי! — האָט זיך דער היציקער אידל געריסן מיט כעס, — איר זייט אַליין משומדים!...

אימעצער האָט אַ זאָג געטאָן:

— וואָס וויל ער דאָרטן?! וואָס שרייט ער?!...

— וואָס איז'ס פאַראַ אָנשיקעניש?!

— שווייג שוין דאָרטן!

יענער האָט זיך געריסן און אויפן קול געשריען:

— איר זייט קיינער ניט ווערט שבתי־צבי'ס נאָגל!

— שווייגסט צי ניט?! — האָט יחזקאל צו אים גערעדט מיט פאַרשטשימעטע ציין. — הערסט, שמואל'יק, וועסט זיך אויס־ריכטן אַ שוואַרצן סוף. האַלט איין דיין טריפה'נע יוכע!...

און האָט אים אַ ריס געטאָן ביים אָרבל.

יהודה־לייב דער גבאי האָט פון אויבנאָן אויסגעצויגן אַ רוגזה'דיקן ש־ש־ש־אַ זאָל זיין! און באַלד שטרענג מיט פולער שטים צוגעגעבן:

— שטיל זאָל זיין, ס'איז אַ שול ניט קיין באָד! . . .

יחזקאל איז געוואָרן אָנגעצויגן: אָנגעשטעלט נאָז און אויערן, געקוקט מיט כעס'דיקע אויגן אויף דעם באַפעלנדיקן יהודה־לייב, און הגם ער האָט געפילט אַז דאָסמאָל איז דער גבאי גערעכט, פונדעסטוועגן האָט ער זיך געפילט פערזענלאַך געטראָפן פון יענעמס הערשער־טאָן געשיקט פון דער ווייטן. ער האָט זיך מיט גוואַלד איינגעהאַלטן ניט אַרויסצושפרינגען, און איז גלייך מיט די איבעריקע אָפגעאַנגען אָן אַזייט, וואָרטשענדיק אונטער דער נאָז.

יצחק „ליטוואַק" האָט זיך פאַרקליבן אין זיין ווינקל, אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז שוין צייט זיך אויפסניי אַרויסצולאָזן אויף דער וועלט, — און פון סטאַמבול קיין פאַדואַ.

און ס'האָט זיך פאַר אים אָן עפן געטאָן אַזאַ ברייטקייט, אַזאַ ליכטיגקייט און פאַרביגקייט: גרין, בלוי און גאָלד, — און גייסט און גייסט, פעלדער און וועלדער קומען אַנטקעגן, עפעס אַזאַ רחבות, אַזאַ שלום'דיגקייט און פון אויבן קוועלט אַזאַ ברכה, און —

ממרחבי שמים זהר היום יופיע,

ומעמקי הלילה האהבה תביע . . .

זיין האַרץ איז געווען פול מיט געלייטערטן אומעט און בענקשאַפט. ער האָט געקוקט און געקוקט אין אויפגעעפנטע פענצטער, געזען דעם פאַרנאַכטיקן הימל זיך שפרייטן אַזוי פרום, אַזוי פרידלאַך, און — פון סטאַמבול קיין פאַדואַ.

ד.

יחזקאל איז צוגעקומען צו אַ טיש, אויף וועלכן ס'האָבן זיך ביי די ברעגן געקלעפּט, אומעטיק געברענט און געשמאָלצן אַ פּאָר חלב'נע ליכט. ער האָט זיך אָן אומצופרידענער אַוועקגעזעצט, געעפנט אַ פאָר אים ליגנדיקן ספר און זיך פאַרקוקט אויף די טאַבאַק געלע בלעטער.

דער זומערדיקער פאַרנאַכט האָט זיך פול ווייכן טרויער באַזעצט צווישן די כמורנע ווענט פון שול. דער שאָטן פון דער בימה האָט

זיך שווער און אומגעלומפערט געשפרייט איבערן דיל, פאַרכאַפּט שטיקער ווענט און סטעלע, אויסגעלייגט משונה׳דיקע לאַטעס, וועלכע האָבן זיך ריטמיש געוויגט. די אומהיימישע טונקלקייט האָט זיך ווי אַ פלעדערמויז געקלעפּט אין די ווינקלען, אַרום האָט געאָטעמט מיט סוף זומער, ניט ניחא׳קייט און מרה־שחורה. די דאַוונער, העלפט באַגאָסן מיט געקאָפּטשעטן שיין, די אַנדער העלפט פאַרלאָרן אין שאָטן האָבן אין דמיון געמאָלט אַ פאַרזאַמלונג חצות־גייסטער אין אַ מיטען אלול־נאַכט, די שטומע מעשענע הענגלייכטער האָבן אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק: — אַראָפּנידערנדיקע שפּינען, די שטויביקע שויבן האָבן קאַם דורכגעלאָזן אַ ברודיקע גרויקייט, וואָס האָט מיט פאַרדרוס אַרויפגעבראַכט אויפן זינען די נייך־טעג און דאָס, וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן.

יחזקאל האָט געקוקט אויף די בלעטער פון ספר, ניט געפילט אַז ער קוקט אויף אַ שריפט, וועלכן מ׳דאַרף דורכגיין מיט די אויגן און באַנעמען מיטן קאָפּ. ער האָט געהאַט דאָס געוואָרזיין פון קוקן אויף זיילן געפינטלטס און געמאַכט, אַליין ניט וויסנדיק דערפון, אַ פאַרזוך צו אויסלייענען אויפן קול, — אָבער ווערטער, ווערטער אָן אַ זין און אָן אַ רעיון. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט בלאנק אין חלל און באַקומען אַ געפיל פון עפּעס דומפּיקס און שווערס: פון ערגעץ האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַזאַ דערדריקנדיקע כמאַרע, און אין קאָפּ האָבן זיך געגומען באַמלען ניגונים פון סליחות: — אַזוינע צער־געווייקטע, אָן טויט דערמאָנענדיקע.

אַ נאָגנדיק ווייטיק האָט געעגבערט זיין ברוסט, געהאַט אַ קלעפּיק פאַרשטעלונג פון עפּעס אַ גרויסע מאַסע שוואַרצקייט הענגען איבער זיין קאָפּ. — טויט...

„תפלה לעני כי יעטף ולפני ה׳ ישפך שיחו" — האָט ער אַליין ניט פילנדיק מיטאַמאָל אָנגעהויבן זאָגן מיט אַ ברכי־נפשי ניגון און דערביי געפילט דעם זעלטענעם פאַרגעניגן פון איבערגיין פון פינצטערניש אין ליכט.

נאָך מעריב איז ער צוגעקומען צו יצחק „ליטוואַק" און פאַרצויגן אַ שמועס וועגן פוילן און ליטע, אַראָפּגערעדט פון האַרצן זיין בענקשאַפט נאָך יענע ערטער אין וועלכע ער האָט זיך אַמאָל אין די יונגע יאָרן גוט איינגעלעבט. ער האָט אויסגעדריקט זיין באַגער צו אָנקוקן די שטעטל, אין וועלכע ער איז געבאָרן געוואָרן, און אַזוי ריידנדיק האָט ער דערווייל אַ פרעג געטאָן:

— ביזט שוין לאַנג פון דער היים, איטשע ?

— אַ יאָר אַכצן.

יצחק האָט זיך גע'חידוש'ט :

— ווי אַלט ביזטו אין גאַנצן.

— מיר ווערט סוכות איין און דרייסיק יאָר.

— זעסט אויס אַ סך אינגער.

יצחק האָט געשמייכלט און געזאָגט :

— יאָרן האָבן פאַר מיר קיין באַדייט ניט.

יחזקאל האָט ווייך גערעדט :

— נעם ניט פאַר אומגוט, וואָס איך פרעג דיר... מ'איז דאָך מער ניט ווי אַ מענטש, מ'איז נייגעריק... זאָג, האָסט אַ סך געוואַנדערט ?.. כ'האָב אַמאָל אַליין אויך געהאַט אַ חשק צו וואַנדערן, — און ער האָט געזיפצט, געהאַט אַן אויסדרוק אויפן פנים, וואָס האָט אַזוי ווי געזאָגט : וואָס איז די פעולה, דאָס לעבן איז סיי־ווי־סיי אַוועק.

יצחק האָט געזאָגט :

— יע, ר' יחזקאל, איך בין געווען אין אַ סך מדינות.

יחזקאל האָט געהאַט אויפן פנים אַ מינע פון מקנא זיין, וואָס ער האָט אַזוי פיל געזען די וועלט. די גאַנצע צייט האָט ער געהאַט אין זינען אַ קירעווע טאָן דעם שמועס וועגן חתונה־האָבן, אָבער ס'איז עפּעס ניט געווען קיין פּאַסיקע געלעגנהייט, און האָט אַזוי אָנהויבן גלייך ריידן ניט געוואַגט.

— איטשע, נעם ניט פאַר אומגוט, — האָט ער אָנגעהויבן.

— כ'ווייס ווי זאָגט מען... זאָג מיר וואָלסטו. — דאָ האָט ער זיך פּאַטיקעט, געוואָלט זאָגן : זאָג מיר וואָלסטו וועלן חתונה האָבן, אָבער צום סוף גאָר אַנדערש אַרויסגעזאָגט : — איטשע, טאָמער וואָלסטו וועלן אַמאָל פאַריכטן די שיך, ברענג זיין אַריין...

יצחק איז געוואָרן רויט, גענומען שטאַמלען.

יחזקאל האָט גוטברודעריש אַרויפגעלייגט די האַנט ביי אים אויפן אַקסל און געזאָגט :

— שעם זיך ניט, אייגענע מענטשן...

יצחק איז געוואָרן גערירט פון יחזקאל'ס האַרציגקייט און איז דאַריבער געווען אומבאַהאָלפן. ער האָט גאָרניט געקאָנט אייַנווענדן. יחזקאל האָט אים געמונטערט :

— איטשע, זיי אַן אייגענער. כל ישראל חברים... קום, איך האָב אַ גאַסט, מיין ברודער'ס טאָכטער פון פוילן. וועסט הערן אַ גריס...

יצחק איז דערנאָך אַרומגעגאַנגען איבער דער אויסגעליידיקטער שול מיט אַן אָנגעלאָדן האַרץ. עפּעס האָט אין אים דערוואַכט. — „מיין ברודער'ס טאָכטער פון פוילן". — זיין האַרץ איז פול געוואָרן מיט ליבלאָכער וואַרימקייט, און אין נאָז האָט פאַרשמעקט דער ריח פון בעז און מאַי, און עפּעס אַזאַ זיסער מחיה'דיקער באַגער האָט אים אַרומגעכאַפּט. זיינע אויגן האָבן כסדר געקוקט אין אַ ים בלויקייט.

אין זיין קאָפּ האָבן זיך מיט זעלטענעם פאַרגעניגן געשמידט פערזן, אַלץ וואָס ליב און זעל האָבן מיט טיפן פיין געגלוסט איז געלעגן אין שלייער פון אומבאַשטימטקייט, און ביי אים אין קאָפּ האָבן זיך געפלאָכטן און געשמידט שורות:

טרויער וויקלט מיין געמיט

איינמאָל בליט די יוגנט....

זיין שטימונג איז מיטאַמאָל געפאַלן: — אַ שאַרפע בייסעניש איז אויפגעשפּרונגען אויפן רוקן, — און האָט זיך געשעמט.

און וואָס איז דער תכלית פון דער בריאה?.. וואָס וויל דעקאַרט? וואָס וויל פּלאַטאָן?...

ער האָט זיך גענומען קראַצן: — שוין לאַנג ניט געווען אין באָד...

יחזקאל איז געגאַנגען פון שול אַהיים און געטראַכט וועגן פאַרשיידענע זאַכן. די שוועריקייט, וואָס ער האָט אויף זיך געפילט אין שול האָט אים אויפסניי גענומען דריקן, און ס'האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז אַ געדיכטע פינצטערניש הענגט איבער אים. אויף אַזוי ווייט האָט'ס אים שווער געמאַכט, אַז ער האָט פשוט דערפילט אַ באַדערפעניש אויפצוהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק טאָן אין דער הויך צום הימל. ס'איז אים דערנאָך אַרויף אויפן זינען, אַז ס'איז דאַנערשטיק און דאַרף היינט זיצן אַ גאַנצע נאַכט כדי פאַרטיק צו מאַכן גרשון דעם בשמים־הענדלערס שיך אויף שבת. ס'האָט זיך אים וועגן גרשון דעם בשמים־הענדלער געטראַכט: אַ בייזער איד, מ'זאָגט, אַז ער איז רייך ווי קרח, — נאָר אַ גרויסער קמצן. אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און קאַרג ווי אַ כלב. דער ווייב גיט ער

אויסגעצייכלטע גראָשנס און זי דאַרף תמיד באָרגן. ער איז אַ שלעכ־טער צאָלער. ס'איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער מאַכט אים שיך, מסתמא זיך צוקריגט מיט רפאל'ן, זיין פריערדיקן שוסטער. ער מיינט, אַז ביי מיר וועט ער כאַפּן אַ מציאה. ער קאָן נאָך וועלן נעמען אויף באָרג, —ניין ברודערל, ניט געטראָפן דאָס פלאַץ, וועסט ברענגען די מזומן וועסטו נעמען די שיך... און דער גבאַי יהודה־לייב איז דען בעסער? אַלע כלבים פון איין שניט: הויטשינדער, ביימלשניידער, בלוטזויגער — אמת'ע פּיאַווקעס... ווי דער יהודה־לייב האָט'ס געפּראַוועט גדלות... כ'געדענק ווען איך פלעג נאָכלויפן נאָך די פּאָר גילדן... אַצינד אַ גרויסער פּריץ... געדאַרפט אים אָנזידלען...

ס'איז אים אַרויף אויפן זינען זיין ברודער'ס טאָכטער און, ס'איז אים גאָר אָן אַ וועלכער ס'איז קאָנטיקער סיבה געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. ס'איז אים געווען גלייך, ווי ער וואָלט אַריינגעטראָטן אין אַ געדיכטן רויך: קיין זאַך ניט אָנצונעמען, אָבער דערפאַר אַ ביטערניש און שמאַרצעניש אין נאָז און אויגן. דער חשד, אַז זי איז געקומען אין סטאַמבול צוליב שבתי־צבי האָט געמאַכט זיין בלוט זידן.

ער האָט איצט אין געדאַנק אַלעמען געזידלט: — משוגעים, ווייסן ניט וואו זיי זיינען אין דער וועלט!

אין מיטען האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין זון שמואל, וואָס האָט חתונה געהאַט אין אַדריאַנאָפּל און וואוינט דאָרט מיט דער ווייב. ער האָט זיך גע'חידוש'ט וואָס ער האָט וועגן אים ניט געהערט שוין אַ לאַנגע צייט. זיין ווייב האָט געדאַרפט געלעגן ווערן... זאָל כאָטש זיין אַ אינגל. ער האָט ניט ליב קיין מיידל, — אַ זכר איז עפּעס גאָר אַנדערש. אַ מיידל — אָט שפרה...

אין גאַס איז אין גאַנצן געוואָרן טונקל. דער זומער אָוונט איז אָנגעקומען אַ שטילער, אַ פאַרטראַכטער. די הייזער אין גאַס האָבן זיך ווי צונויפגערוקט און זיך געטולעט איינע צו די אַנדערע, ווי שעפסן אין צייט פון אַ שטורעם, און זיך פלאַך געצייכנט אויפן געדיכטן בלוי פון הימל. אין אייניקע פענצטער זיינען אויפגע־שפּרונגען ליכט. אַ ריח פון געקעכטס און רויך האָט זיך אַרום געשפּירט.

יחזקאל האָט אויפגעכאַפּט ביים ברעג הימל אַן אָפּגעבלאַקירטן

שטרייף פורפור, און ס׳האָט אים עפּעס אַ צי געטאָן אין האַרצן:
— דאָרט אין אַ שטעטל איז אָוונט... פעלדער און קליינע הייזלאַך...
— גוט אָוונט, יחזקאל, — האָט אים אַ געזונט, פאַרגרעבט קול אויפגעוועקט פון זיין פאַרטראַכטקייט.
יחזקאל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, שטאַר אָנגעקוקט דעם אַנטקעגנדיקן:
— יודל? גוט אָוונט, גוט יאָר.
יודל דער בעל־עגלה, אַ הויכער, קרעפּטיקער מאַן, מיט ספּריטנע קלוגע אויגן, האָט נאָכאַנאַנד געקוקט אויף יחזקאל׳ן, ווי ס׳וואָלט אים עפּעס געווען קשה. ער האָט געפרעגט:
— פון מעריב?
— יע.
—איך האָב זיך עפּעס פאַרדרייט — האָט יודל גערעדט׳ כ׳האָב געהאַט אַן עסק מיט אַבדולא דעם פערד הענדלער, — אַ צורר, אַ ישמעאל. קאָן אַ אידן גלייך אין פּנים ניט קוקן, אַ בראַנד אים אין די געדערים. ג׳וואָלט מיר אַריינשטופּן אַ הינקעדיקן סוס, — געטראָפן דאָס אָרט!
יחזקאל איז געוואָרן פאַראינטערעסירט:
— אַזוי גאָר — אַזאַ כלב.
— שפּילסט זיך מיט דעם צורר, — אַן אויג זאָל אים פעלן!
— נו, וואָס איז געוואָרן?
— איך פרעג דיר וואָס זאָל ווערן?! — האָט יודל גערעדט מיט זיכערקייט, — ס׳איז געוואָרן אויס מסחר!.. ניט געטראָפן דאָס אָרט! מיך האָט ער געוואָלט אָפּנאַרן, אַ קרענק אין זיינע ביינער. ער האָט זיך געוואָרפן ווי אין קדחת, די ניכפּה האָט אים געכאַפּט...
— אַזאַ כלב, — איז מיט אים יחזקאל מיטגעגאַנגען, — דאַכט זיך אַזוי איז ער כאָטש לייג אים צו צו אַ געשוויר... ווייכנקע ריידעלאַך... און ווי ס׳קומט צו עפּעס טרעפט אים אַ שלאַק...
— אַלע גוים אַזוי... דער בעסטער פון זיי טויג אין דרערד, — האָט יודל אַרויסגעטראָגן זיין משפּט.
יחזקאל האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. ער האָט געפרעגט:
— יודל, ווען פאָרסטו קיין אַדריאַנאָפּל?

— וואָס איז ?

— איך וויל וויסן.

— איך גלויב אַז אין אַ וואָך אָדער צוויי. וואָס ווילסטו אין אַדריאַנאָפּל ?

— ווען דו וועסט פאָרן וועל איך דיר וואָס געבן פאַר מיין זון. קענסט דאָך מיין זון דאָרטן ?

— אודאַי קען איך אים.

— וועסט מיר זאָגן ווען דו פאָרסט, — און האָט געמאַכט אַן אָנשטעל צו גיין. אָבער יודל האָט אים אָפּגעהאַלטן, ער האָט גערעדט :

— האָסט דאָך מסתמא געהערט די קלאַנגען וועגן שבתי־צבי. וואָס זאָגסטו דערצו ?

— מיר האָבן זיך שוין אויפגעעסן די הערצער, שיר ניט געשלאָגן, ריידנדיק וועגן דעם אין שול, — האָט יחזקאל גערעדט מיט אַ דערעסלאַכע מינע, וואָס האָט דייטלאַך געוויזן, אַז ער איז שוין איבערגעעסן מיט דעם און היינט וועט ער שוין מער וועגן דעם ניט ריידן.

יודל האָט ווי צו זיך אַליין גערעדט :

— ס'גלויבט זיך עפּעס ניט.

יחזקאל האָט אים אָנגעקוקט :

— אַזאַ תכשיט איז ער ?

— אָבער שמד'ן זיך ?

— אויף אים איז אַלץ צו גלויבן.

— מילא, אַ שיינע, ריינע כפרה !

— כן יאבדו !

— אָט אַזוי רייד ! ניט כדאַי זיך צופיל אָפּצועסן דאָס האַרץ. אונז קאָסט'ס געזונט און זיי די ממזרים לאַכן, — טפו זאָלן זיי ווערן.

— ביזט גערעכט, — האָט יחזקאל אַ זאָג געטאָן און געשטעלט פיס צו גיין. — אַ גוטע נאַכט, יודל.

— אַ גוטע נאַכט.

און זיינען זיך צוגאַנגען.

ה.

— האָדע, וואו איז שפרה ? — האָט יחזקאל געפרעגט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך איינגעזעצט ביים טיש צו וועטשערע.

האָדע האָט זיך גע׳עוסק׳ט אַרום פּריפּעטשאָק און דאַרום ניט געהערט וואָס ער האָט געפרעגט. זי האָט אונטערגעלייגט עטלאַכע טרוקענע שפּענער אונטערן דרייפוס, אויף וועלכן ס׳האָט זיך געקאָכט אין אַ קופּער פּענדל אַ מילכיקער קרופּניק. דאָס שוואַך ברענענדיקע פייער האָט מיט אַ פּלוצים אָנגעקומענעם אַפּעטיט אַ כאַפּ געטאָן די פרישע שפּענער און זיך מיט אַ בריה׳דיקער קנאַקעריי אַריס געטאָן אין דער הויך שפּריצנדיק אין אַלע זייטן צאַפּלדיקע פונקען. די אנגענעמע ליכטיגקייט האָט פלאַמיק גערויטלט איר פאַר־דאגה׳טן פּנים.

דער אויל־לאָמפּ אויפן טיש האָט אומעדיק און חושכ׳דיק געברענט. דאָס קנייטל האָט רויכעדיק געברענט, געשפּריצט פונקען מיט אַ שיפּעריי. אין שטוב האָט געשמעקט רויך און אָליכאַווע האָלץ.

— האָדע, וואו איז שפרה? — האָט יחזקאל אויפגעהויבן העכער דאָס קול.

האָדע האָט אַ פאַר׳עוסק׳טע אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט זי דער גוטער יאָר.

— ווייסט גאָרניט וואו זי איז?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? זי זאָגט מיר דען?

יחזקאל האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו ברוך דעם געזעל און ברוגז׳לאַך אַ זאָג געטאָן:

— שנייץ אָפּ דאָס קנייטל . . . ברענט ווי מיר אויפן האַרצן.

ברוך האָט געהאַלטן אין מויל אַ היפּשע „המוציא"־ברויט, און ווען יחזקאל האָט זיך צו אים געווענדט, האָט ער אויף גיך אָפּגעביסן די גרעסטע העלפט, געבליבן מיט אַ פולן מויל, פון וועלכן ס׳האָט זיך פאַרשטיקט אַרויסגעכאָרכלט:

— איינריכטן די הענט, נאָך וועטשערע . . .

האָדע האָט איינגעוויקלט די האַנט אין פאַרטוך, אַראָפּגענומען די פענדל פון דרייפוס און עס געטראָגן צום טיש. פון פענדל האָט געשפּאַרט אַ פּאַרע, און ס׳האָט געשמעקט מיט געבריטע מילך. גייענדיק האָט זי דערווייל גערעדט:

— גוט יאָר ווייסט זי. מ׳קאָן פון איר קיין וואָרט ניט אַרויס־קריגן. אַ טשיקאַווע מיידל.

— בלאָזט זיך ווי אַן ענדיק, — האָט ברוך דער געזעל מיט בייזע פרייד אַריינגעפּאַסט די באַמערקונג.

יחזקאל האָט אויף אים בייז אַ קוק געטאָן:

— מיש זיך ניט!

האָדע איז געשטאַנען ווי אַ שולדיקע און ביי זיך געטראַכט ווי אַזוי צו אויפמונטערן אים. זי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרטראָגן, ווען יחזקאל איז אַרומגעגאַנגען אַן אָנגע׳ברוגז׳טער. עפּעס האָט זי תמיד אין אַזוינע פאַלן געמיינט, אַז זי איז אין דעם שולדיק, און דאַרום שטענדיק געזוכט אַ וועג ווי צו מאַכן, אַז ער זאָל זיך אויסברויזן — און פּטור! זי האָט איצט געמאַכט אַ פרייע מינע און געזאָגט:

— ווייסט, יחזקאל, אַז מירן באַלד האָבן אַ חתונה.

יחזקאל האָט זי אָנגעקוקט:

— ביי וועמען?

— ביי חיה דער אלמנה׳ס טאָכטער.

— מזל טוב דיר!

האָדע האָט זיך אָנגע׳ברוגז׳ט און יחזקאל האָט מיט כעס אַרויסגעפּלאַצט:

— אַ שמחה אויף דיין קאָפּ!

— פאַר וואָס ניט קיין שמחה?

— ביזט אַ אידענע!

און האָט זיך אַן אויפגערעגטער גענומען עוסק׳ן אַרום וואַרשטאַט. און האָדע איז אַ ברוגז׳ע אַוועק אָן אַזייט.

שפּעטער אַ ווײַלע האָט ער זיך אַביסל אָפּגעזעצט, געוואָלט פאַרגלעטן. ער האָט מיט אַ מער פרייערן טאָן געפרעגט:

— האָדע, ווער איז דער חתן?

האָדע האָט באַהאַלטן אַ שמייכל, אַ טראַכט געטאָן: אַזוי איז ער, געוועזן צופרידן, און פונדעסטוועגן אַביסל אָנגעלאָדן געזאָגט:

— דער חתן איז פון סאַלאָניקע.

— אַ סאַלאָניקער? ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

— ער איז אין סטאַמבול, דרייט זיך אַרום שבתי־צבי, — און אויפן אָרט חרטה געהאַט וואָס זי האָט דערמאָנט דעם נאָמען שבתי־צבי. זי האָט׳ס ניט געדאַרפט דערמאָנען.

יחזקאל האָט זיך אָנגעצויגן און כעס׳דיק געזאָגט:

— ס׳איז ניט אונזער חתונה. איך וועל ניט גיין!...

האָדע האָט געוואָלט פאַרגלעטן דעם עסק מיט דעם וואָס זי

האָט געמיינט אַריינצוטראָגן אַ מער אַלגעמיינעם טאָן און האָט רואיק געזאָגט:

— מ׳זאָגט, אַז דעם חתנ׳ס טאַטע איז אַ גרויסער עושר, האַנדלט מיט האָלאַנד און ענגלאַנד... די אלמנה איז אויפן זיבעטן הימל. קאָנסט ניט אָפּלייקענען אַז ס׳איז אַ גליק.

יחזקאל האָט דערלאַנגט אַ געשריי:

— געַנוג! אַלץ ווייסטו!

האָדע האָט זיך אָפּגערוקט פון טיש.

יחזקאל איז די גאַנצע צייט פון עסן געווען פאַרטראַכט און צושטרייט. ער האָט אָן חשק געקייט, געשלונגען, אָבער ניט געפילט דעם געוויינלאַכן טעם. עפּעס האָט אַן אומבאַשטימטע דאגה שווער געמאַכט זיין געמיט דעם גאַנצן פאַרנאַכט. און ווען ער האָט זיך באַטראַכט, געזוכט די סיבה פון דער שווערקייט, וואָס איז אויף אים פון ערגעץ אַראָפּגענידערט, איז אים אויסגעקומען טשיקאַווע: ניטאָ היינט קיין אורזאַך פאַר דעם ווי אַן אַנדערש מאָל, אין דער אמת׳ן וואָס איז אים אַזוי שווער אויפן האַרצן? וואָס היינט מער ווי תמיד? אָבער ווי נאָר ער האָט זיך צוריק פאַרטראַכט, אַזוי האָט אים אויפסניי גענומען טאָטשן און נאָגן.

האָדע איז געשטאַנען נעבן פּריפּעטשאָק, געקוקט אויף אים מיט אויגן פון אַ ווייב, וואָס קען איר מאַן אויסגעבוזנדן. יעדעס מאָל, וואָס איר קוק האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן זיין קרעפּטיקן פּנים, האָט זי זיך אָפּגעזיפצט, געשאָקלט כסדר מיטן קאָפּ, געטראַכט: הלואַי זאָל׳ס גלאַט אָפּגיין.

די נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק איז ביי די סטאַמבולער בעל־מלאכות געווען, אין מערסטע פאַלן, אַ גאַנצע נאַכט אַרבעט: מ׳האָט געדאַרפט אַרויסברענגען די קליידער, אָדער שיך אויף שבת, לויטן פאַרלאַנג פון די בעלי־בתים. יחזקאל איז ניט געווען פון די, וואָס האָבן זיך געקוואָפּעט אויף אַ גרעסערן פאַרדינסט. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז אַ מענטש איז ניט קיין פערד, דאַרף מער רוען. אָבער ער האָט׳ס צייטנווייס געמוזט טאָן, כדי צופרידן שטעלן די קונדן. ברוך דער געזעל האָט ליב געהאַט צו זיצן אַ גאַנצע נאַכט. פאַר אים איז׳ס געווען אַ פאַסירונג, אַ שפּיל: ער האָט געקאָנט זינגען וויפיל זיין האַרץ געלוסט, און גלאַט ס׳איז עפּעס געווען טשיקאַווע.

נאָך וועטשערע האָט זיך ברוך פאַרקליבן צום וואַרשטאַט. באַלד איז צוגעקומען יחזקאל און געגומען אָן חשק אָנטאָן דאָס לעדערנע פאַרטוך, זיך דערנאָך שווער איינגעמאָשטשעט אויפן טאַבורעט, געמאַכט אַ זויערע מינע, ווי ס׳וואָלט אים עפּעס ניט געווען ניחא דאָס גאַנצע לעבן, און דערנאָך מיט באַשלאָסנקייט אַ נעם געטאָן דעם אָנגעצויגענעם קאַפּול.

ברוך האָט זיך ענערגיש אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, געמאַכט אַ פאַרזוך צו זינגען, און האָט פלייסיק געקלאַפּט הילצערנע טשוועקלאַך אין דער פריש שיינענדיקע פּאָדעשווע.

יחזקאל האָט אַן אָנגעבלאָזענער זיך געפּורקעט, ניט געקאָנט אַריין אין טעם פון דער מלאכה. ער האָט געוואָרטשעט:

— אַ גאַנצע נאַכט. זאָלן זיי אַזוי חשק האָבן צו לעבן ווי איך האָב חשק צו אַרבעטן. מ׳מוז אָבער פאַרטיק מאַכן גרשון דעם בשמים־הענדלערס שיך. איך האָב אים צוגעזאָגט, און מ׳דאַרף מאַכן יאָסל דעם קצב׳ס שטיוול, ער גייט פשוט אַ באָרוועסער.

ברוך האָט געפרעגט:

— און די שיך אויפן קאַפּול דאַרף מען אויך אויף שבת?

— מיר וועלן זען.

ביי יחזקאל׳ן איז די אַרבעט ניט געגאַנגען ווי געהעריק: אַלץ איז געגאַנגען שווערער ווי געוויינלאַך. אָפּציענדיק דאָס לעדער פון די זייטן קאַפּול מיטן אָפּצוואַנג, האָט ער אַרויסגעשטופּט די שפּיץ צונג, געשניטן כל־ערליי העויות און געמאַכט אומנויטיקע אָנשטרענגונגען. דאָס לעדער איז געווען האַרט, זיך ניט געצויגן ווי ס׳באַדאַרף צוזיין. ער האָט געוואָרטשעט:

— האָט ער מיר אַריינגעשטופּט אַ לעדער — אמת׳ע פּאַדלע.

און ווי פריער האָט אַ פאַרבאָרגענע דאגה אים שווער געמאַכט, און ס׳האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז אַ שוואַרצע מאַסע הענגט אָנגעלאָדן איבער זיין קאָפּ. ער האָט איצט אַפילו ניט געוואָלט דערגיין די סיבה, כדי ניט אַריינפאַלן עפּעס אין אַ פינצטערניש,

— זאָל זיין! וואָס איז די פעולה? אַלץ איין שוואַרץ יאָר...

ער האָט זיך געוואָלט פאַרטומלען און גענומען טראַכטן וועגן מער כלל־זאַכן. ס׳איז אים אַרויף אויפן זינען ווי נחמיה „באָקסאָר", זיינער אַ לאַנדסמאַן איז דאָ אין סטאַמבול געוואָרן אַ נגיד, זיך אַריינגעלאָזן אין שווינדל, און אַצינד איז ער גאָר אַ גאַנצער מאַכער:

שטעלט צו פּראָוויאַנט פאַר דער אַרמיי. אַנוסטן האָט ער אים באַגעגנט, האָט ער אים אַזוי מיט גאווה אַ פרעג געטאָן: „נו, וואָס מאַכסטו עפּעס, יחזקאל?" — און אין דער רגע האָט ער פאַר זיך געזען דעם גאַנצן אויסגעדאַרטן נחמיה „באָקסאָר" (מ'האָט גערופן „באָקסאָר" דערפאַר וואָס ער איז געווען אויסגעדאַרט) מיטן צופּריי־דענעם, שפּיציקן שמייכעלע, — און יחזקאל איז געוואָרן אויפגערעגט, און האָט אים אין געדאַנק געזידלט לויטן ריטם פון די האַמערשלעג, און געטראַכט, אַז דאָס צווייטע מאָל, ווען ער וועט אים באַגעגענען וועט ער אים דעם „באָקסאָר" אַזוי אַריינזאָגן, אַז ס'וועט אים פאַרגיין אין דער זיבעטער ריפּ, — אַזאַ אויסגעדאַרטער לולב!.. ער הענגט שוין איצט אַרום שבתי־צבי, מיט די אַלע מאַכערס, און פּראַוועט יחוס און גדלות, דער אויסגעדאַרטער "באָקסאָר". מיט איין בלאָז קאָן מען אים אַוועקבלאָזן. ניט לאַנג פלעגט ער נ„, קומען אַן איינגעהויקערטער: „יחזקאל, לייג מיר אַ לאַטע אָן געלט", „יחזקאל, שלאָג מיר אונטער אַ פּאָר פּאָדקאָוועס", „יחזקאל, ליי מיר אַ טאָלער אויף שבת", — און איצט איז ער אַ גאַנצער קנאַקער!...

ער איז געוואָרן אויף אַן אמת אין כעס, גלייך דער, וועמען ער האָט געהאַט אין געדאַנק וואָלט פאַר אים געשטאַנען און געמאַכט אים אין כעס, און האָט מיט געהעכערטער וואַרעמקייט גענומען נאָכאַנאַנד קלאַפּן מיטן האַמער.

ער האָט זיך געווענדט צום געזעל:

— ברוך, מאַך אַ פּאָר דראַטוועס, וואַקס זיי גוט אָן, — און האָט גענומען באַטראַכטן דעם שוך אויפן קאַפּול מיט איין אָפענער אויג, אום צו זען בעסער, צוגעקלאַפּט מיטן האַמער אין אייניקע פלעצער, און געטראַכט, אַז איצט וועט'ס זיין גוט, און צו זיך געזאָגט: קאַם איינגעמאַסטשעט... אַזאַ האַרטער לעדער...

ברוך האָט זיך אַ נעם געטאָן צו אָנוויקלען באַוול אויף די פינגער פאַר מאַכן אַ דראַטווע און דערביי אויפן קול געזונגען:

סעלימאַ, טאָכטער פון מוסטאַפאַ,
האָט דורכן שלייער געקוקט
אויפן שיינעם אַלי באַפאַ.
ער האָט זיך בידריק געבוקט: —
שאַלאָם, שאַלאָם אַלי־אַלאַ...

יחזקאל האָט פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— ווען איז שפרה אַוועק פון שטוב?

— נאָך פאַרנאַכט.

— אַליין?

— ניין. מיט רחל'ן, פעסיע דער אַלמנה'ס טאָכטער.

— וואוהין? ווייסט ניט?

— ניין... יענע, רחל, וויל אויך דאָס טעלערל פון הימל.

יחזקאל האָט עפּעס אַ וואָרטשע געטאָן, זיך איינגעבויגן, אַרויס־גענומען פון ווייקשאַפט אַ שטיק אויסגעווייקטע פּאָדעשווע, עס באַטראַכט, אַ בויג געטאָן אַהער און אַהין, און דערנאָך עס אַוועק־געלייגט אויפן אייזן און גענומען מיטן האַמער איינקלאַפּן.

אין דער צייט, וואָס ער האָט אַזוי העפטיק געקלאַפּט האָט זיך אים געטראַכט אין טאַקט פון די קלעפּ: דאָס מיידל איז ניט ביים זינען. געקומען פון פוילן קיין סטאַמבול — אַזאַ מהלך, און אַלץ צוליב דעם משומד, — משוגע!... וואָס פאַראַ שוואַרצע גבורה ער האָט'ס!... אַזוי פיל ווייבער. וואָס קאָנ'ס זיין? מ'דאַרף אויף איר גוט אַכטונג געבן. עפּעס גייט זי צו אָפּט אַוועק. וואוהין לויפט זי עס?... פינע האָט דערציילט, מסתמא מיר אויף צולאָכעס. ער איז אַ שרעקלאַכער צולאָכעסניק... ער האָט דערציילט ווי אַלע מיידלאַך דרייען זיך אין גאַליפּאַל אַרום דער תפיסה, און האָט דערביי עפּעס אַזוי שפּיציק געשמייכלט... ער האָט אויך דערציילט, אַז דער סולטאַן האָט געשיקט דעם נואף אַ גאַנצן וואָגן מתנות... זאָלן זיי אַזוי לעבן! דער סולטאַן וועט שיקן מתנות, אַ גרויסער שיקער! יענער וואָלט אויסגעקוועטשט די נשמה פאַר אַ רענדל... און וואָס דאַרף ער אים שיקן מתנות, ער קאָן דאָך אים ליבערשט באַפרייען... אָט אַזוי ריידן זיי די כזבנים. — און ער האָט מיט געפיל גענומען פאַר זיך זינגען:

„ממקומו הוא יפן ברחמים, ויחון את המיחדים שמו"...

און וואָס מער די נאַכט האָט זיך געצויגן אַלץ מער האָט אַ קלעפּיק, שווער געפיל געדריקט זיין ברוסט. ער האָט זיך געגנוג אָנגעהערט וואָס ס'קומט דאָרט פאָר אין שלאָס אַבידאָס, ווי זיי רופן עס: „מגדל־עז", וואו דער משיח־השקר איז איינגעשפּאַרט. צו זיינע אויערן זיינען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן ווילדע הוליאַנקעס און אויסגעלאַסענע מעשים. מ'איז מזנה אויף טיש און אויף בענק...

אַלע ליידיקגייער, בלוטזויגער, וואָכערניקעס, אַרטעלשטשיקעס, מעקלער און סתם דרייקעפּ פון גאָר דער וועלט האָבן זיך דאָרטן פאַרקליבן און לעבן אַ גוטן טאָג, ס'קומט דאָרט פאָר מעשה סדום ועמורה... הולטאַיעווען, און פאַרגלאָטשן כלומר'שט די אויגן צום הימל: — אַלץ ווערט געטאָן אין זיין ליבן נאָמען... מ'מאָג אַלץ טאָן!... דער טריפ'ניאַק האָט מתיר געמאַכט... ווען זיי אָבער וואָלט אַזוי דאַרן די קעפּ ווי אונזערע ברידער, וואו מ'נעמט צומאָל אויף שבת וואָלטן זיי אַנדערש געזונגען... וואַרט, וואַרט נאָר, וואַרט, ס'וועט נאָך אויסגיין אַ פינצטערער יאָר צו זייערע קעפּ...

— נו, ברוך, האָסט פאַרטיק די דראָטווע?!

ברוך האָט אַראָפּגעדרייט די דראָטווע פון די פינגער, עס גענומען טיכטיק רייבן מיט וואַקס, און געזאָגט:

— ס'גייט דאָכט זיך דער יאָלד פינע. איך דערקען זיין גאַנג.

— ווער, פינע? — און יחזקאל האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ, געוווען אויף אַ רעגע צופרידן. וועט האָבן מיט וועמען אַביסל זיך צו ווערטלען.

אין שטוב איז אַריינגעקומען פינע אַן אויפגעלעבטער, ער האָט אָפּגעגעבן אַ ברייטן „גוט אָוונט" און געזאָגט:

— היינט אַ גאַנצע נאָכט — דאָנערשטיק...

יחזקאל האָט אים איינגעלאַדן זיצן. געהאַט אַ פאַרלאַנג דורכ־צולופּטערן די צונג.

— נו, וואָס הערט זיך אין שטעטל? — האָט יחזקאל געעפנט דער ערשטער.

פינע האָט זיך געזעצט ביים וואַרשטאַט פונקט קעגן יחזקאל'ן, און איידער וואָס־ווען האָט ער זיך גענומען ריען אין די אָנגע־וואָרפענע שטיקער רימען, געפונען אַ שטיק געלן יוכט, עס באַטראַכט און ווי צו זיך אַליין געזאָגט: גוט.

— אויף וואָס דאַרפסטו'ס?

— פאַר אַ בייטל.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס? — האָט יחזקאל נאָך אַ מאָל געפרעגט.

פינע האָט זיך ניט געאיילט צו ענטפערן. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט, דערנאָך ווידער מיט אַ כיוון באַטראַכט דאָס שטיק געלבע

לעדער, זיך אויסגעהוסט ווי אויסצורייניקן דאָס האַלז און דערנאָך אַזוי פּאַמעלאַך אָנגעהויבן:

— וואָס הערט זיך? ס'הערט זיך ישועות און נחמות אויף אידן.

— וואָס, למשל?

— פון דער האַמבורגער קהילה איז געקומען אַ בריוו, אַז זיי זיינען אַלע גרייט ווי איש־אחד אויסצואוואַנדערן קיין ארץ־ישראל...

יחזקאל האָט אַוועקגעלייגט דעם שוך און זיך פאַרקוקט אויפן קאַלטן פינע, וואָס איז געזעסן ווי ניט־אים־מיינט־מען און בכיוון דערציילט אָט די אַלע זאַכן כדי צו ערגערן יחזקאל'ן, אָבער יחזקאל האָט זיך דאָסמאָל ניט געלאָזט פאַרפירן. ער האָט אַזוי קוקנדיק אויף פינע'ן מיט חוזק גערעדט:

— אַ בריוו פון די האַמבורגער אידן... אַי, אַי! גרייט צו נעמען די פעקלאַך אויף די פּלייצעס און — הײדאַ!... נו, זאָג מיר, פינע, ווען גרייטסטו זיך אין וועג?

— איך? וואָס איז מיר שלעכט דאָ?

— סטייטש, די גאולה!

— ס'וועט קומען די צייט וועל איך גיין.

— וואָס מיינסטו "קומען די צייט"?...

— ווען אַלע וועלן גיין.

— דאַרפסט זיך שוין צוגרייטן.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז איך גרייט זיך ניט?

יחזקאל האָט גענומען דעם שוך אין האַנט און מיטאַמאָל אַרויסגעפּלאַצט:

— הערסט, פינע, וואָס איך וועל דיר זאָגן, איר זייט אַלע אַ חברה אָשוסטן, הולטאַיעס, און ס'איז ניטאָ מיט אייך וואָס צו ריידן — טפו!...

און האָט אויסגעשפּייט מיט כעס.

פינע האָט אויף אים אַזוי באַדויערנדיק געקוקט און שפּיציק געשמייכלט. ער האָט גערעדט:

— זעסט, יחזקאל, דאַריבער האָב איך פיינט מיט דיר זיך אַריינצולאָזן אין ווייטע דרכים. ווערסט באַלד אָנגעצונדן.

— איך קאָן ניט פאַרטראָגן די שקרים!

— דאַרפסט דאָך פריער וויסן צי ס'איז שקר?!

— איך ווייס! — האָט יחזקאל אויסגערופן און באַגלייט זיין אויסרוף מיט אַ כעס'דיקן קלאַפּ פון האַמער.

האָדע האָט זיך געֿעוסק'ט אַרום שבת. פאַרקנאָטן טויג, און דערנאָך גענומען אָפּשאָבן מערן, און ווען פינע איז געקומען האָט זי אַ טראַכט געטאָן, אַז באַלד וועלן זיי זיך אויפרייסן ווי „צוויי הענער", און איצט זעענדיק ווי יחזקאל ווערט אויפגעקאָכט האָט זי פון דערווייטנס זיך אַריינגעמישט, געזאָגט:

— שוין ווידער!... ווי זיי קומען זיך אויף אַזוי רייסן זיי זיך! ווי אַ פּאָר הענער ... קאָנען זיך מיט דער ירושה ניט צוטיילן!

יחזקאל האָט זיך בייז דערלאַנגט אַ דריי אויס צו איר:

— וואָס ווילסטו, האָדע? מיש זיך ניט!...

אַ ווײַלע איז ער געבליבן שטיל. ס'האָט זיך נאָר געהערט ברוכ'ס ברומען. יחזקאל איז געווען ברוגז און פינע האָט געשמייכלט. ער האָט גערעדט:

— ווייסט דאָך ניט גלויבן, וואָס איז די פּעולה... דעם סול־טאַנ'ס לייב־רופא... אַי, וואָס איז די פּעולה?...

— וואָס בעקעסטו? וואָס דרייסט זיך ווי אַ וואָרים, — האָט יחזקאל מיט כעס גערעדט. — רייד דיבורים!... וואָס זאָגסטו דעם סולטאַנ'ס לייב־רופא... מיינסט דעם משומד?!...

פינע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אַרויסגעוואָרפענע רייד!

— זאָג שוין! וואָס?...

— וואָס איז די פּעולה?

— ביזט אַ חסר דעה!

— אָט קומט דאָך אויס מיינע רייד, — האָט פינע אָנגעהויבן מיט גערעכטן טאָן און געמאַכט אַ פרומען פּנים, — זידלסט זיך! קאָן מען דיר עפּעס דערציילן? זאָג אַליין? באַלד ווערסטו אויפגערעגט...

— זאָל שוין זיין! — האָט יחזקאל אַ זאָג געטאָן און זיך גענומען עוסק'ן אַרום די שיך.

האָדע האָט זיך ווידער אַריינגעמישט:

— פינע, פאָלג מיך, דערצייל ניט קיין מעשיות. מ'מוז זיך דאָס שטענדיק האַלטן אין איין רייסן זיך?... מ'זאָגט ווייבער...

פינע האָט זיך פאַרענטפערט:

— איך בין ניט שולדיק האָדע. איר זעט דאָך אַליין.

— גענוג זאָל זיין! — האָט האָדע אַ זאָג געטאָן, — מ'קאָן דאָך גאַנץ גוטריידן וועגן אַנדערע זאַכן.

יחזקאל האָט געמאַכט אַן אָנשטעל עפּעס צו זאָגן, נאָר ברוך האָט אין מיטען אַ זאָג געטאָן:

— זיי קומען. איך דערקען רחל'ס געלעכטער. קלאַפּט ווי רעגן אויף בלעך.

אין שטוב איז אַריינגעקומען שפרה און איר חבר'טע רחל. יחזקאל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין זייער זייט, זיי באַטראַכט מיט דער האַנט ווי אַ ברילאָק איבער די אויגן: אַזוי ווי מ'קוקט, ווען די זון איז זייער שאַרף. ער האָט געפרעגט:

— וואו ביזט'ס געווען אַזוי שפּעט, שפרה?

— געשפּאַצירט.

— וואָס אין מיטען דערינען?

— אַ שיינער אָוונט.

פינע האָט זיך אַריינגעמישט:

— צוויי שיינע מיידלאַך דרייען זיך אַרום דאָ... גייט אין גאַליפּאָל, דאָרט זיינען דאָ רייכע, שיינע יונגעלייט.

יחזקאל איז געוואָרן אויפגעזאָדן. ער האָט געהאַט בדעה גוט זיך אָנבייזערן אויף פינע'ן, נאָר ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן: ס'וואָלט פאַר שפרה'ן געוואָרן קלאָר, וואָס דער פעטער איז אַזוי פאַראינטערעסירט, און וואָס ער דענקט וועגן דעם. ס'איז בדרך כלל אַמאָל בעסער ניט אַרויסווייזן די שוואַכקייט.

שפרה און רחל זיינען אַריין אין אַלקער. ברוך דער געזעל האָט זיך אויפגעהויבן, געזאָגט אַז אים דורשט, און איז געגאַנגען צום צובער וואַסער, געהאַלטן אין האַנט די ליימענע קענדל און דערווייל געגעדט צו די מיידלאַך אין אַלקער:

— אַרומגעלאָפן... געווען אין שטאָט־גאָרטן, געקוקט אויף די זעלנער... זייער שיין, — ניטאָ וואָס צו ריידן.

— יע, געווען אין גאָרטן, געקוקט אויף די זעלנער, טאָ וואָס־זשע ווילסטו פון אַ קנעפּל רעשטע? — האָט רחל מיט העזה גערעדט.

ברוך האָט אַריינגעשטעקט דעם אויבערשטן טייל קערפּער אין אַלקער און אַ צופּ געטאָן רחל'ען ביי די בריסט.

רחל האָט זיך אָנגעצונדן און אויף אים אָנגעפאַלן:

ברוך האָט געלאַכט, געוויזן אַלע ציין:

— גראָבער יונג!

— שטייט דיר ניט אָן ?

— אַודאַי ניט !

— לייבל יאָלד איז בעסער ?

רחל האָט אים אָפּגעבריט :

— גיי ! איך וויל מיט דיר ניט ריידן.

יחזקאל האָט געדופן :

— ברוך, וואָס טוסטו דאָרטן ? !

— איך נעם אַ טרונק.

— איך הער די מיידלאַך שרייען. וואָס טשעפּעסט זיך מיט זיי ?

ברוך איז צוגעקומען צום וואַרשטאַט, ער האָט געווישט די ליפּן. פינע האָט אים מיט חוזק אָנגעקוקט :

— אַזוי גאָר, האָסט ניט פיינט וואָס אַלע האָבן ליב.

יחזקאל האָט עפּעס געוואָרטשעט אונטער דער נאָז און ברוך האָט אויפן קול פלייסיק געזונגען :

סעלימא, טאָכטער פון מוסטאַפאַ,
האָט דורכן שלייער געקוקט
אויפן שיינעם אַלי באַפאַ,
ער האָט זיך נידריק געבוקט : —
שאַלאָם, שאַלאָם אַלי אַלאַ . . .

אין אַלקער האָט רחל גערעדט מיט כעס צו שפרה'ן :

— אַ קלעק, טשעפּעט זיך אָן און מ'קאָן פון אים ניט פּטור ווערן. צו דיר טשעפּעט ער זיך אויך ?

שפרה האָט וועגן דעם ניט געוואָלט ריידן. זי האָט געזאָגט :

— רחל, מאָרגן נאָך מיטאָג.

רחל האָט זיך דערלאַנגט אַ כאַפּ.

— כ'האָב זיך גאָר פאַרגעסן.

— וועסט קומען אַהער ?

— אפשר וועלסטו געקומען צו אונז.

— מיר איז אַלץ איינס.

— כ'וועל וואַרטן אויף דיר.

— גוט.

— אַ גוטע נאַכט.

ווען רחל איז אַרויס איז שפרה געבליבן אַ ווײַלע שטיין, געווען פאַרטראַכט, דערנאָך האָט זי זיך צוגעזעצט אויפן בעט,

געקוקט אין אַ שטיקל שפּיגל, וואָס איז געהאַנגען אויפן ווענטל פון אַלקער. געקוקט און געזען אַזוינע טונקעלע, אומבאַוועגלאַכע אויגן, און ס׳איז איר עפּעס אויסגעקומען אַזוי ווייט און פרעמד, — און אַרום איז נאַכט, פויזנדיקע שאָטנס און דאָרטן הינטערן אַלקער זינגט אימעצער אויפן קול, און ס׳איז אַזוי טשיקאַווע.

זי האָט גענומען פאַנאַנדערלאָזן די האָר.

## דריטער קאַפּיטל

### א.

אין פעסטונג־שטעטל גאַליפּאָל ביים ברעג פון די דאַרדאַנעלן איז דאָס לעבן, זינט שבתי־צבי׳ס איינשפּאַרונג אין שלאָס אַבידאָס, געלאָפן מיט אימפּעט. אַרום שלאָס האָט זיך גע׳רעש׳ט ווי אויף אַ יאַריד: אידן פון אַלע וועלט טיילן זיינען זיך אַהער צוזאַמענ־געקומען, געבראַכט מיט זיך אומרו, טומל, פּילפּאַרביגקייט און אַיילִיקע אויפגעלעבטקייט. כסדר זיינען מענטשן געקומען און געגאַנגען, און אַלע האָבן דאַכט זיך נאָכאַנאַנד גערעדט וועגן עפּעס וויכטיקס, און ס׳האָט זיך אַרום געפילט ווי אין אַ לאַגער פאַרנאַכט. אין דער לופט, איבער אַלעמענס קעפּ איז געהאַנגען דער אָפּקלאַנג פון געדיכטן טומל, וואָס הילכט אָפּ און דערטראָגט זיך פון ערגעץ ווייט. די זאָרגלאָזיגקייט און געמיטלאַכקייט פון אויפגעלעבטן לעוואַנט האָט געהאָלפן, אַז אומעטום זאָל זיך פילן, דאָס וואָס ס׳פילט זיך אויף אַ געשעפט און פרנסה צוזאָגנדיק — יאַריד. מ׳האָט גערעדט, זיך געהיצט און געזונגען אין פאַרשיידענע לשונות. מ׳האָט זיך אויפגערעגט, געקאָכט, געפּאָכט מיט די הענט, זיך געזידלט, געבענשט, געקריגט אין אַלערליי זאַפטיקע אידישע דיאַ־לעקטן. די קרעטשמעס און אַזוי באַלעבאַטישע הייזער, זיינען פול געווען מיט הויך ריידנדיקע אורחים. די שמאָלע געסלאַך זיינען פול געווען מיט אַהער און אַהין גייענדיקע אידן, און אומעטום איז געווען קאָנטיק אַ פיבערהאַפטיקע טעטיגקייט פון אַזוינע, וואָס גרייטן זיך צו צו טאָן עפּעס וויכטיקס. די לופט איז פול געווען מיט ניגונים, דערהויפּט „שבתי־צבי געזאַנגען״ און דער פּסוק „ימין ה׳ רוממה ימין ה׳ עושה חיל״ איז געלעגן אויף אַלעמענס ליפּן.

טערקן אין זייער נאַציאָנאַלער טראַכט, גריכן, בולגאַרן, אַלבאַ־ניער, שפּאַניאָלן, איטאַליענער, אַראַבער האָבן זיך מיטן פולן

גוואָרזיין פון זייער ווערדע, געמיטלאַך געמישט צווישן די באַטורבאַנטע און לאַנגקאַפּאָטיקע אידן פון קליין אַזיע, באַשטריימלטע און באַזו־פּיצעטע אידן פון פּוילן און ליטע. דאָס גאַנצע געזעמל אויף אַ באַשרענקטן אָרט האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פרידלאַך־טומל־דיקן קאַרניוואַל.

די טערקן מיט קרעפּטיק געבויגענע נעזער, שוואַרצע אַראָפּ־הענגגדיקע וואָנצעס און גוטמוטיקע טונקלברוינע אויגן האָבן זיך גוטברודעריש אויסגעמישט מיט די אָנקומנדיקע, טומלדיקע אידן, אויף וועלכע זיי האָבן געקוקט מיט באַהאַלטענעם, גוטמוטיקן חוזק. אַ סך האָבן גערעדט עטלאַכע ווערטער אידיש און מיט זיי זיך גדלות׳דיק געוואָרפן. האָבן געזונגען אידישע ניגונים און שטאַרק געלויבט די אידישע מאכלים. די אידן מיט דער איינגעבאָרענער פריינטלאַכקייט פאַר "אַנדערע" האָבן זיך געקלעפּט צו די טערקן, געווען מיט זיי „גוטברודער", זיי דערציילט, אַז זיי זיינען אין גרונט „לייבלאַכע קוזינס", און אַז די טערקישע אמונה איז זייער נאָענט צו דער אידישער, און אַז באַלד וועט קומען דער אידישער „סולטאַן", דער משיח — שבתי־צבי, רופט מען אים, וועלכער איז דערווייל איינגעשפּאַרט אין געפענקעניש, ווייל אַזוי דאַרף׳ס זיין.

די אַזוי פאַרשלאָפענע געגנט האָט מיטאַמאָל באַקומען לעבן און פאַרב. געלט האָט מיט פולער און ברייטער האַנט גענומען אַריינרינען פון אַלע זייטן, און אַלע זיינען געווען אין אַ דערהוי־בענער שטימונג.

די טערקן, וואָס זיינען געקומען אין געשעפטלאַכער באַרירונג מיט די אידן האָבן, ניט אין גאַנצן אָן הומאָר, אַרויסגעוויזן אַ געוויסע נייגעריגקייט און געוואָלט וויסן צי ס׳זיינען נאָך דאָ צווישן אידן אַזוינע ווי שבתי־צבי, כדי מ׳זאָל זיי קאָנען איינשפּאַרן אין אַנ־דערע שלעסער: — די אָטאָמאַנישע מדינה וואָלט דעמאָלט אָפּגעלעבט, און די מלחמה וואָלט זיכער געוואונען געוואָרן.

אין אַ הערבערג, ניט ווייט פון שלאָס, וואו די מערסטע אָנגעע־פאָרענע אידן פון פּוילן, ליטע און אוקראַינע זיינען איינגעשטאַנען, איז טאָג־איין, טאָג־אויס אָנגעגאַנגען לעבעדיקע יומה־דפגרא׳לאַך. דער ווירט, נאָטע די „פעטע גאַנז" פון דער אוקראַאינע, אַן אַנטלאָפענער פון חמעלניטצקי׳ס שחיטות, האָט מיט דער פולער האַנט פון אַ געוויסנהאַפטן און גוטמוטיגן שענקער אויסגעטיילט

שאַרפע משקאות און מאכלים צו די קונדן. זיין ווייב איטקע די „שוואַרצע״, אַ דיקע און הויכע שיינע פרוי, מיט גרויסע ברענענדיקע אויגן, האָט זיך אַ פאַרשמאַיעטע גע׳עוסק׳ט אַרום די געגזעגנס: געזען, אַז ס׳זאָל זיין אויפן פאָרטיש פרישע, געבראָטענע גאַנז, העלזלאַך, לעבערלאַך און גריוון.

נאָטע די ״פעטע גאַנז״, (אויפן נאָמען פון שענקל), אַ איד אַ בעל־גוף מיט ספריטנע אויגן און באַסאָווער שטים, האָט ווי אַ געטרייער דינער פון מזבח געזען אָנצוהאַלטן דאָס פייער פון דער אויפגעבלאָזענער פריילאַכקייט און אויפגעלעבטקייט. זיין ווייב איטקע די „שוואַרצע״ האָט אים פייאיק אין דעם געהאָלפן: זיך צוגעלאָזט צו די קונדן, געוועזן „גוטברודער״ מיט יעדן איינעם, באַשפּרינקלט איר געשפּרעך מיט אַ גוטן חלק נבול־פּה, געוואָרפן דאָ אַהער, דאָ אַהין שעלמישע בליקן און אַזוי זונה׳דיק צוגעוואונקען.

— איטשע, — האָט זי היימיש גערעדט צו אַ הויכן מאַן, וואָס איז געשטאַנען זאָרגלאָז אָנגעשפּאַרט אָן פאָרטיש און געקוקט פאַרזיך סתם אין דער וועלט אַריין. — איטשע, ווילסט אַ פליגל... רייד זשע, דו אַלטער הינערפרעסער, — נאַ! ערשט פון אויוון, ס׳רינט די שמאַלץ.

און צוגערוקט אַ הייסע גאַנז־פליגל צו זיין נאָז.

— פאַרטרינק, צדוק, — האָט זיך נאָטע׳ס באַס געקייקלט. — גאַנז האָט ליב, אַז מ׳פאַרטרינקט... ווייסט דאָך די מעשה מיטן גלח און אידן.

די מעשה האָט ער דערציילט עטלאַכע מאָל אַ טאָג, און אַלע האָבן איר שוין געוואוסט און ניט געוואָלט מער הערן, און דאַרום האָט צדוק איצט אַ מאַך געטאָן די האַנט און דערעסלאַך געזאָגט:

— כ׳מיין, נאָטע, אַז דו האָסט זיך שוין געמאָגט אויסלערנען אַ נייע מעשה, — שוין צייט.

—האָסט דאָך ליב פופאָק, שמערל, — האָט איטקע גערעדט צו אַן אַנדערן. — דו, טריפה האַלז, פופקאַלאַך ווילט זיך דיר!?...

דער מאַן וועמען זי האָט אָנגעבאָטן דעם פופאָק האָט צוגערוקט זיין שוואַרץ באַוואקסענעם פנים צו איר׳ן און מיט פעט גלאַנציקע אויגן אין דער שטיל עפּעס אַריינגעזאָגט אויף וואָס זי האָט זיך פרעך און זונה׳דיק פאַנאַנדערגעלאַכט און אויפ׳ן קול אויסגעלאָזן:

— דיר געגזלט זיך, שמערל!...

און אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס איז איבער דער לענג און ברייט פון שענק שטענדיק געהאנגען אַ געדיכטער טומל: אידן זיינען געקומען און געגאַנגען, מ'האָט געגעסן, געטרונקען, דערציילט מעשיות און געזאָגט וויצן, און נאָטע די „פעטע גאַנז" האָט געהאַט פרנסה בשפע.

פאַרן טיר פון אַכסניה איז אין אַ טאָג געשטאַנען אַ איד פון פוילן אין אַן אָפּגעקראָכן שטריימל אויפן קאָפּ, אַזוי פאַרוקט אויף הינטן, פון דער שטריימל האָבן זיך געקרייזלט לאַנגע פאות, וואָס האָבן זיך געהוידעט לויטן בלאָזן פון ווינט. אַ לאַנגע לוסטרינענע קאַפּאָטע האָט אַרומגעכאַפּט זיין געזעצטן גוף, געגלאַנצט אַנטקעגן זון מיט אַ גרינלאַכן אָפּשיין, דער איד איז געווען אַביסל אונטער־געשנאָשקעט און האָט מיט דער מינע פון אַזאַ געקוקט, ווי ס'קוקן די וואָס זיינען שיכור'לאַך: אַביסל קאַסאָקע, און געהאַט אַ פאַר־לאַנג מיט יעדן זיך צו פאַרטשעפּן. דערווייל האָט ער געברומט אַ ניגון און געקוקט פאַרזיך אין דער לענג פון גאַס.

ס'איז אָנגעקומען אַזוי מיושב'דיק אַ איד מיט אַ צעשפּרייטער שוואַרצער באָרד און שבת'דיקער שטימונג, און ס'האָט געהאַלטן אַז ער זאָל פאַרבייגיין דעם האַלב שיכור'ן, אָבער יענער האָט אים באַמערקט און אָפּגעשטעלט. ער האָט אין פויליש־אידישער אויסשפּראַך אָנגעגריפן:

— מייער, דאָס ביסטו, מייער... האָסט שוין היינט געזען דעם בחיר ה'? זאָג...

דער איד, וועמען ער האָט גערופן מייער האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אויפן בגילופינ'דיקן, אַ שמייכל געטאָן און ווי כלאחר יד אַ זאָג געטאָן:

— שוין ווידער?

— וואָס זאָגסטו, מייער? — האָט זיך דער פאַרשנאָשקעטער גענומען בינדן און מיט אַ וואַקלעניש זיך אָנגערוקט אויף אים, — וואָס זאָגסטו? מיינסט אַך בין שיכור? זאָלסט מיך ניט נעמען פאַר אומגוט, דו ביזט...

דער אָנגעגריפענער איד, האָט ווי ס'ווייזט אויס אים גוט געקענט און זיך מיט אים ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין ווייטע דרכים, ער האָט אים ניט געלאָזן פאַרענדיקן און געזאָגט:

— נו, געענוג, געציל.

יענער האָט אים אָנגענומען ביי דער לאַץ פון זשופּיצע און אים פאַרטרוילאַך געפרעגט:

— מייער, האָסט שוין געבועל'ט אַ טערקישע ?

דער איד, ווען ער האָט גערופן מייער, האָט זיך אַביסל אַ צי געטאָן אויף הינטן, געהאַט בדעה צו ווערן בייז און אים שאַרף אָפּזידלען, אָבער האָט זיך איבערגעלייגט און גענומען שמייכלען. ער האָט גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן:

— אַצינד זע איך אַז דו ביזט טאַקי שיכור...

— איך שיכור ? — האָט זיך יענער געשטאַרקט און געמאַכט אַ פאַרזוך אים ווידער אָנצונעמען ביי דער לאַץ. — זאָל זיין שיכור, איז וואָס טאָר מ'ניט ? שטייט דאָך בפירוש געשריבן: „ויין ישמח לבב אנוש", — און האָט אויפן קול גענומען זינגען:

ברוב גילה נכון לבי

כי שת לי אלהים...

מייער האָט זיך אַ נעם געטאָן ביי דער באָרד און מיט אַ גמרא ניגון געפרעגט:

—— ולשמחה זו מה עושה ?

— מיינער אַ בן־עיר געקומען פון פוילן זיך זען מיטן משיח.

— ווער איז דער בן־עיר ?

— ר' חיימ'קע שאָשע'ס, — אַ איד אַ מופלג.

— אויב אַזוי איז וואָס אַנדערש, — האָט מייער אַ זאָג געטאָן,

— אַצינד זע איך...

דער האַלב שיכור'ער איד האָט זיך אַ וואַקלנדיקער אַוועקגע־לאָזט איבער דער גאַס און זיין הייזעריקער קול האָט געזונגען: „ימין ה' רוממה, ימין ה' עושה חיל".

צוויי שיין אויסזעענדיקע אידן מיט פעך שוואַרצע בערד און אויגן ,מיטן וואַרמען קלימאַט פון טיפן מזרח אַרום זיך, האָבן זיך אין מיטען גאַס געאַמפּערט וועגן דער אָפּשאַפונג פון די תעניתים שבעה־־עשר בתמוז און תשעה־באב. איין איד האָט מיט חשיבות גערעדט:

— כ'מיין, ר' ישראל, ס'איז שוין אַביסל צופיל.

דער אַנדערער האָט אַ פּאַך געטאָן די האַנט, אַ צי געטאָן די אַקסלען אין דער הויך און מיט אַ שמייכל פון בטול גערעדט:

— כ'מיין, ר' בנימין, אַז ס'איז ניט אַזוי די מעשה. ס'איז דאָ אין ערגעץ אַ קנייטש, ס'איז ניט אַזוי פשוט.

— וואָס דהיינו ?

— פשוט, מיט ביאת המשיח פאַלט אַוועק די עצבות.
דער ערשטער האָט זיך געקווינקלט:
— אָבער משיח איז נאָך דערווייל ניט געקומען.
דער אַנדערער האָט מיט זיכערקייט אַרויסגעזאָגט:
— ער איז דאָ! ער איז דאָ! שבתי־צבי איז דער משיח!... וואָס דו ביזט אין ספק?
דער ערשטער האָט זיך אָפּגעטרייסלט:
— חס־ושלום, ר' ישראל!
און דער אַנדערער האָט גערעדט:
— און אויב דער משיח איז דאָ, טאָ צו וואָס דאַרף מען האָבן תעניתים? גענוג געפּאַסט!
אַ טערק מיט אַ קאָרב געבעקס אויפן קאָפּ איז זינגנדיק אָנגעקומען. ער האָט זיך מיט אַ זייער פריילאַכן געמיט געווענדט צו די אַהער־און־אַהין גייענדיקע אידן.
— סאלאַם אַלייקעם, קויפט יהודים, קויפט.
— אַ וואוילער ישמעאל, — האָט אַ איד צופרידן אַ זאָג געטאָן, און געקויפט וואָס פון טערק.
און דער טערק איז ווייטער געגאַנגען און צוזינגנדיק אויפן קול גערופן:
— קויפט, יהודים קויפט.
אידן האָבן זיך גע'חידוש'ט:
— דער ישמעאל רעדט אידיש.
אַ צווייטער האָט זיך צוגעלייגט:
— עקבותי דמשיחא...
צוויי אידן תקיפים זיינען מיט ברייטקייט געגאַנגען אין זייערע ריפּסענע קאַפּאָטעס האָבן געסקריפּעט מיט נייקייט און עשירות. גייענדיק האָבן זיי דערווייל צווישן זיך געפירט אַ געמיטלאַך שמועס וועגן דער גאולה. אַנטקעגן איז אָנגעקומען אַ רייכער סוחר פון סאלאָניקי אין אַ ברייטפאלדיקן אַטלאַס מאַנטל און אַ רייך געצירטן טורבאַן. ער האָט זיך שטייף געגריסט:
— שלום עליכם.
— שלום לד' ולמשיחו.
— פון מגדל־עז?
— כן, ר' שמואל.

— מה חדשות ?

איינער פון די צוויי גוטע אידן האָט גערעדט אין העברעאיש:

— שמענו מפי ר' שמואל פרימא כי בקרב הימים אניה גדולה תביא לחוף הדרדנלים זהב רב, אשר שלחו יהודי המבורג ולבורנו...

דער סוחר האָט זיך גענומען ביי דער באָרד, אַרויסגערוקט די אונטערשטע פולע און רויטע ליפּ און מיט אַ מינע פון גוט־הייסונג צופרידן געזאָגט:

— אמנם שמועה טובה, — און באַלד געפרעגט: — ומה שלום המשיח ירום הודו.

איינער האָט געענטפערט:

— אור השכינה נוחה על פניו הנעים.

דער סוחר האָט אַ זאָג געטאָן:

— אני הולך הלום.

— אַ גוטן טאָג.

— אַ גוטן יאָר.

— לשנה הבאה בירושלים.

— אמן!

און זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

פאַרשלייערטע פרויען האָבן זיך מיט חן באַוועגט, געגאַנגען מיט געציילטע טריט און חשיבות, נאָכגעפאָלגט פון די שאַרפע, דורכנעמענדיקע אויגן פון די מאַנסביל. אויף איינער, וואָס איז געגאַנגען באַגלייט פון צוויי שוואַרצע קנעכט, האָט איין איד אָנגעוויזן דעם אַנדערן מיט אַזאַ פיל באַדייטנדיקן קוק און דערנאָך שטיל צוגעלייגט:

— ליאָן ד'קאַסטראָס טאָכטער פון סמירנא, — אַ יפת־תואר.

דער אַנדער איד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַזוי, אַזוי, ליאָן ד'קאַסטראָס טאָכטער. וואָס טוט זי דאָ?

דער ערשטער האָט זיך מיט אַ סודות'דיקער מינע אָנגעבויגן צום אַנדערנס אויער, דאָרט וואָס אַריינגעשושקעט, אויף וואָס יענער האָט מיט אַ איבעראַשטן פּנים גענומען שנעלן די צונג:

— טסאַ, טסאַ, טסאַ, מאו — אַזוי גאָר.

און געבליבן אַ פאַרטראַכטער.

אַ צווייטער טערק איז אָנגעקומען מיט אַ קרוג געפאַרבט וואַסער אויפן אַקסל און די פריילאַך, אויפגעלעבטע קונדן אָנגעבאָטן זיין פרישן און קאַלטן געטראַנק.

צוויי אידן האָבן זיך געקריגט, אָנגערופן איינע די אַנדערע „וואָס אין קאָרט שטייט" און זיך איינער אויפן אַנדערן אָנגערוקט ווי צוויי הענער, — גרייט צו אָנפאַלן.

איינער האָט מיט פאַרשטשימעטע ציין געשיפּעט:

— דו גימפּוש גולם, געוויאַנדלטע קישקע, גלויבסטו ניט, אַז שבתי־צבי איז דער משיח?... ווער ביזטו? זאָג, אַדרבה!... מ'וועט דיך עקר מין השורש זיין!...

און זיך מיט פאַריסנקייט אַרומגעקוקט, זייענדיק ביי זיך זיכער, אַז די אַרומיקע וועלן האַלטן מיט אים.

דער אָנגעגריפענער, אַביסל אויף אַ וואַקלנדיקן באָדן, האָט זיך אָבער ניט געלאָזט „שפּייען אין קאַשע". ער האָט אויך אָנגענומען אַ קריגעריש געשטעל און מוטיק צוריק געשליידערט יענעמ'ס אָנגריף:

— ווער ביסטו'ס אַזוינס? וואָס פרעגסטו עפּעס ווער איך בין? ווי געפעלט אייך אַזאַ העזה?!...

— „ווי געפעלט אייך אַזאַ העזה?" — האָט דער ערשטער איבערגעקרימט — אָנגערירט אים דעם יחוס!...

און האָט זיך אַרומגעקוקט.

דער אַנדערער האָט אויסגערופן אויפן קול:

— אַזאַ יחסן ווי דו!

דער ערשטער האָט זיך אויף אים אָנגערוקט און מיט כעס גערעדט:

— אַזוי זאָגסטו, אַזאַ יחסן ווי איך! איך וועל דיר באַלד ווייזן ווער ס'איז אַ גרעסערער יחסן...

יענער האָט זיך געשטעלט מיטן זייט צו אים, און אַזוי וואוי־לעריש אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ:

— זע נאָר, זע נאָר, ער מיינט איך האָב פאַר אים מורא! זאָל איך אַזוי פאַר דיר מורא האָבן טויטערהייט!

דער ערשטער האָט געשריען:

— אַזאַ כופר־בעיקר! מ'דאַרף אים באָרד און פּאות אויסרייסן!

דער אָנגעגריפענער האָט אָנגענומען אַ געשטעל פון איינעם, וואָס איז אויף אַלץ אין דער וועלט גרייט, און מיט שפּאָט אַ זאָג געטאָן:

— קוקט נאָר אָן דעם באָרד און פּאות רייסער! אדרבה לאָמיך ס'טאַקי זען!...

— וועסט באַלד זען מנוול!

— כ'וואָלט'ס טאַקי וועלן זען.

דער ערשטער האָט זיך פאַנאַנדערגעשריען:

— דער מנוול, כ'וועל אים באַלד דערלאַנגען אַ פּאָר פּעטש!

— די הענט וועלן דיר אָפּדאַרן!

— מירן זען.

— ניט דערלעבן וועסטו!

פון די אַרומיקע האָט זיך איינער אַרויסגערוקט, צוגעקומען צו די צוויי און אַזוי שלום'דיק אָנגעהויבן:

— וואָס קריגט איר זיך? קאָנט זיך מיט דער ירושה ניט צוטיילן?

דער עולם אַרום איז געוואָרן נייגעריקער און אייניקע האָבן זיך איינגער צוזאַמענגערוקט אין אַ קרייז אַרום די צוויי קריגנדיקע.

— וואָס איז?

— וואָס האָט געטראָפן?

— וואָס איז'ס פאַר אַ מהומה?

— שאַ, שפּאַרט זיך ניט, ס'איז גאָרנישט.

דער ערשטער האָט פאַר די אַרומיקע זיך באַקלאָגט אויפן צווייטן, אים באַשולדיקט אין אומגלויבן, אָבער דער וואָס האָט זיך אַריינגעמישט, קאָנטיק אַ רודף־שלום, האָט'ס צונישט געמאַכט:

— גענוג, גענוג, שלום על ישראל! גוים זאָלן זיך קריגן.

אַ נייגעריקער האָט געפרעגט:

— וואָס קריגן זיי זיך?

אַ ליץ האָט אַריינגעזאָגט:

— קאָנען זיך מיטן סולטאַנ'ס פאַרמעגן ניט צוטיילן.

אַרום די ווענט און טויערן פון שלאָס אַבידאָס זיינען געשטאַנען רעדלאַך מענטשן, וועגן וואָס מיט וואַרמקייט און אויפרעגונג זיך געאַמפּערט. אויף די מערסטע פּנים'ער איז געלעגן דער שטעמפּל, וואָס איז צו מערקן ביי מענטשן, ווען זיי קומען זיך צוזאַמען אויף איין פלאַץ געוואָר ווערן: אַ פאַרשפּיצטע נייגעריגקייט און דער־וואַרטונג. אַלע האָבן געקוקט אויף די קליינע, רונדע טיף געזעצטע פענצטער פון שלאָס, גלייך ווי זיי וואָלטן דערוואַרט אַז אימעצענס אַ קאָפּ זאָל זיך ווייזן אין איינעם פון זיי.

אין איין רעדל, האָט אַן אַלטער מאַן מיט אַ זילבערווייס

שפּיציקער באָרד און החרת־פּנים מיט האַרץ און זייער ווייכן קול געוועדט וועגן דער דערנענטערונג פון דער גאולה. ער האָט אין זודיק פּעטע פאַרבן געשילדערט דעם גרויסן משיח־צוג און מיט זאַפּטיקע ווערטער און טעקסטן פאָרגעשטעלט ווי דער גאָטגעזאַלבטער וועט אַריינרייטן אין די טויערן פון ירושלים אויף אַ שניייווייסן אייזל, און ווי די מלכים פון גאָר דער וועלט וועלן קניען פאַר אים — פאַר דעם קעניג פון אַלע קעניגע, און ער דער מלך המלכים וועט מיט יושר און חסד גוועלטיקן איבער אַלע פעלקער און די פאָן פון ציון וועט זיך דערהויבן איבער דער גאַנצער וועלט און אַלע וועלן דורשטיקע שטראָמען צום לעבעדיקן קוואַל פון דער תורה ווי ס'שטייט געשריבן: "הו כל צמא לכו למים" — "אין מים אלא תורה!"...

אין אַ צווייטער רעדל האָט אַ איד אַ בעל־גוף, מיט אַ קלוגן, העזה'דיקן פּנים דערציילט מיט פּעפּערדיקן לשון וועגן דורכפאַל וואָס אַ משולח פון ליטע האָט געהאַט אין אַ ויכוח מיט שבתי־צבי וועגן אַ פּסוק וואָס דער זהר הקדוש געפינט אויף אַ רמז וועגן ביאת המשיח. דער איד איז געשטאַנען ברייטלאַך מיט פאַנאַנ־דערגעשפּרייטע הענט, ווי איינער, וועלכער קלייבט זיך צונויפשאַרן דאָס אַרומיקע אין איין הורבע, און געלאָזט דערביי זיינע ספּריטנע אויגן לויפן אין אַלע זייטן, ווי צו זען, וואָס פאַר אַ רושם ס'מאַכן זיינע קלוגע און שאַרפע דיבורים. ער האָט מעשה תקיף גערעדט:

— דעם משולח, אַן אויסגעווייקטער, אַ חלוש, האָט זיך פאַר־גלוסט צו פאַרהערן מיטן גואל אין קבלה. — נו, פאַרשטייט איר דאָך אַליין וואָס פאַראַ פּנים ער האָט געהאַט?! דער משולח נעבאַך האָט זיך געמאַטערט, געדרייט אַהער און אַהין, כלומרשט געבראַכט ראיות פון אַנדערע ספרים, אָבער דער גואל־צדק האָט אים צושלאָגן, געמאַכט צו גאָרנישט. צום סוף איז יענער געבליבן אָן לשון און אַוועק „אבל וחפוי ראש". דערנאָך טרעף איך אים אין אכסניה ביי נאָטע די „פּעטע גאַנז" פרעג איך אים אין שפּאַס: נו, ר' שמעיה. ווערט ער מבולבל און קוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי איינער זאָגט: וואָס איז דאָ אַ סך צו ברייען, — ער איז דער משיח!

ר' גדליה, איינער פון די מקורבים צו שבתי־צבי, און איינער פון די רייכע אין סטאַמבול, איז געשטאַנען אין מיטען פון אַ גרעסערן געזעמל, דאָס רוב אָנגעזעענע בעלי־בתים, און זיך

געווערטלט מיט ר׳ שמואל דעם האַלץ־הענדלער וועגן דעם גרויס־וויזיר אחמד קאַפּרילי. שמואל דער האָלץ־הענדלער איז געווען באַקאַנט אַלס אַ וויצלינג און שפּאַסטרייבער. ער האָט איצט אין האַלב שפּאַסיקן טאָן באַהויפּטעט, אַז דער ישמעאל אחמד קאַפּרילי איז ווייט פון שוחד. ר׳ גדליה האָט אָבער בפה־מלא גע׳טענה׳ט אַז קיין גוי, דערהויפּט אַ טערק, קאָן ניט ביישטיין דעם נסיון פון פאַרמאַכן די האַנט, ווען מ׳לייגט אַהין אַריין אידיש געלט.

שמואל דער האָלץ־הענדלער האָט געלאַכט מיט אַ גוטן, זאַטן געלעכטער:

— ניין, ר׳ גדליה, איר קענט ניט גוט קאַפּרילי׳ן... ער איז גאָר אַן אַנדער סדרה. אים דאַרף מען פאַרוקן אויף דער אויבערשטער באַנק אין באָד.

ר׳ גדליה האָט אים אָנגעקוקט:

— וואָס איז ער קיין גוי ניט?

שמואל דער האָלץ־הענדלער האָט מיט הנאה גערעדט:

— אַ גוי איז ער טאַקי — אָבער שוחד... ער וויל אין גאַנצן. ער האָט׳ס פיינט ווי אַ קאַץ סמעטענע. ער רופט׳ס ניט שוחד... ער מיינט אַז ס׳איז זיינע... ס׳קומט אים!...

און האָט צופרידן געלאַכט מיט זיין ברייטן, זאַטן געלעכטער.

ר׳ גדליה האָט אויף דעם אומשולדיק אַ זאָג געטאָן:

— נו, איז דאָך טאַקי גוט, אַזאַ אדון איז דאָך טאַקי אַ געפינס...

שמואל דער האָלץ־הענדלער, האָט אָנגענומען דעם טאָן פון אַ דערפאַרענעם געלט־מענטש און געזאָגט:

— יע, אַ „געפינס", מ׳קאָן זיך מיט אַזאַ „מציאה" דער־ווארגן... גאָט זאָל שוין אונז אויסהיטן פון אַזוינע „געפינסן". ס׳איז גאָר ניטאָ אַזוי פיל געלט אויף דער וועלט וויפיל ער קאָן איינשלינגען. ער וויל מ׳זאָל אים לכל־הפחות אויסהאַלטן די איצטיקע מלחמה און אים אַליין אָפּשיטן ווי אַ חזיר מיט קאָרן.

גדליה האָט אַ זאָג געטאָן:

— ס׳איז ניט אַזוי שרעקלאַך, ר׳ שמואל... מ׳וועט קאָנען ביי אים ווי ס׳איז פועל׳ן...

— הלואי, ר גדליה, פון דיין מויל און גאָטס אויערן.

אַביסל אָן אַזייט איז געוואָרן אַן אויפגעלאָף.

— וואָס איז?

— וואָס איז דאָרטן פאַר אַ מהומה?

— ר׳ משה סערוויל.

— אויב אַזוי איז שוין ניחא.

אַ ראָד נייגעריקע האָבן אַרומגערינגלט ר׳ משה סערוויל, וועלכער איז געלעגן אויסגעצויגן מיטן פנים צו דער ערד און געשריען מיט באַנומענע קולות:

— אידן, איך בין מרגיש אין זיך די נשמה פון ר׳ שמעון בן יוחאי, און זי אַנטפּלעקט מיר די סודות פון זהר־הקדוש... פאַרנעמט מיינע רייד איר קינדער פון יעקב, נעמט די שטעקנס אין די הענט ופנו פניכם לעיר הקדושה, ושבתי־צבי מלכנו ומשיחנו הו יוליכנו...

די אַרומיגע זיינען געשטאַנען מיט אָנגעצויגענע פנימ׳ער און קיינער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגעזאָגט.

ר׳ משה סערוויל האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן, זיין מויל האָט געשוימט און זיינע אויגן האָבן צומישט געבלאַנדזשעט. ער האָט מיט די הענט פאַנאַנדערגערוקט די אַרומשטייענדיקע און זיך מיט וואַקלנדיקע טריט געלאָזט גיין אין דער וועלט אַריין.

—אַ הייליקער מאַן, — האָט איינער אים נאָכגעזאָגט.

— אַ נביא.

— האָט ער טאַקי אין זיך די נשמה פון ר׳ שמעון בן יוחאי?..

— ער איז די רעכטע האַנט פון משיח.

נענטער צו די קאַלטע, שטומע ווענט פון שלאָס האָט זיך געשפּירט אַ פאַרכטיקע איינגעהאַלטנקייט און אַזאַ הענגנדיקער געפיל: גאָט ווייסט, וואָס אינווייניק דאָרטן קומט פאָר. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די מורא׳דיקע, פון לופט און רעגן געפּלעקטע ווענט קוקן. טריב און אומפריינטלאַך, גיבן צו פאַרשטיין, אַז זיי זיינען פעסט געמויערט און זיינען ווידערגעשטאַנען פילע שווערע אָנגריפן. די טורעמס האָבן זיך שטייף און אויסגעצויגן געצייכנט אויפן טיפן בלוי פונ׳ הימל, און דאָס אַרומיקע געלאָזט וויסן, אַז וואָס ס׳זאָל ניט פּאַסירן, זיי שטייען אויף דער וואַך. די קליינע טיף געזעצטע פענצטער האָבן ווי שטאַרע אויגן געקוקט און אָן חשק דערציילט פון סודות׳דיקער געפאַנגענשאַפט, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פרעגן: אַנו, ווייסט איר ווער ס׳איז דאָ איינגעשפּאַרט?

אַ יאַניסאַר מיט אַ קרום שווערד איז געשטאַנען ביים טויער

ווי אַן אָפּגעמאָלענער און געקוקט פֿאַר זיך אַפּאַטיש אין דער וועלט אַריין. אַ איד איז צוגעקומען צו אים, זיך אַ שאַר געטאָן פֿאַרביי, עפּעס אַ זאָג געטאָן און באַלד פֿאַרשוואונדן אין אַריינגאַנג.

אַזוי איינער, אַ צווייטער און אַ דריטער.

און אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס.

ב

דאָס נאָכמיטאָג ליכט פֿון זומער טאָג האָט געטונקט די ווענט פֿון שבתי־צבי'ס חדר אין גאָלד־פּלעקן. אומרעגלמעסיקע לאַטעס זון האָבן זיך אין אומאָרדנונג אויסגעלייגט אויפֿן דיל, פֿאַרכאַפּט שטיקער ווענט און דעם סופֿיט, — און דאָס ליכט אַ שאַרפֿס האָט געלאָזט פֿילן, אַז אין דרויסן שטייט די זון ווייט צו מערב, און נאָך אַ פּאָר שעה און זי וועט אין גאַנצן אין ערגעץ פֿאַרשווינדן.

שבתי־צבי, אָנגעטאָן שבת'דיק אין אַ ניי געניייטן פּורפּור קלייד פֿון בעסטן ליאָנער אַטלעס, איז אַרומגעגאַנגען אַ צושטרייטער איבערן רייך אויסגעפּוצטן צימער און פֿאַרזיך געזונגען אַזוינע זיסלאַכע, געפּילפּולע ניגונים. ער איז איצט געווען אַביסל אנגענעם באַרוישט פֿון דעם שווערן שפּאַנישן מאַלאַגאַ, וועלכן ער האָט געטרונקען, ווען ס'איז אים באַפּאַלן אַן אומעט.

אַזוי שפּאַצירנדיק האָט ער צום אָנהויב געציילט זיינע טריט, און הגם ער האָט גוט געוואוסט, אַז אין דער לענג פֿון וואַנט צו וואַנט איז פֿערצן טריט און אין דער ברייט — צען, פֿונדעסטוועגן איידער ער איז אַריינגעפּאַלן אין טאַקט פֿון זיינע שנעל שפּרינגנ־דיקע מחשבות, האָט ער שטענדיק פֿריער אויפֿן קול געציילט די שפּרייזן און אַלעמאָל געטראַכט דערביי, אַז ס'איז זייער טשיקאַווע, וואָס ער ציילט אויפֿן קול: איינס, צוויי, דריי, פֿיר, פֿינף, זעקס, און דערנאָך איז אים איינגעפּאַלן צו פֿאַרגרעסערן די טריט, כדי צוצעשטערן די אייביקע רעגלמעסיגקייט.

גאַנץ אָפּט איז ער געבליבן שטיין אין מיטען־דערינען, גענומען מיט ליידיקע אויגן באַטראַכטן די צייכנונגען פֿון רייך געהעפֿטן טעפּיך, דערביי מיט באַזונדער הנאה געפֿילט דעם זאַפּטיקן און זעטנדיקן רויט פֿון הינטערגרונט און ס'איז אים געווען צום מוט ווי צו וויקלען זיך אין דעם פּיינעם, אָנרעגנדיקן פֿאַרב.

דערנאָך האָט ער געלאָזן פֿריי זיין דמיון, און זיין קאָפּ איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אַ קונציק געהאָפּטענעם געוועב: — אַלץ

אָבער אַזוי אומפאַרבונדן, אַזוי אומ׳כסדר׳דיק. זיין געמיט האָט זיך געהויבן און געפאַלן ווי אויף אַ הוידע: דאָ אַרויף, דאָ אַראָפּ. אין איין רגע האָט ער געבראַכט דעם סולטאַן מחמד דעם פערטן אַ נידערגעשלאָגענעם צו זיינע פיס, און ער דער מלך־המשיח קוקט אויף אים מיט אַ געפיל פון חסד און איינזען, און באַלד איז ער אַליין געלעגן אין אַ טיפן פינצטערן הייל, געשמידט אין קייטן. דאָ האָט ער געקעניקט איבער דער וועלט און די ערד איז געווען זיין פוס־בענקל, און דאָ איז ער געלעגן צווישן ראַצן אויף אַ פייכטן, שטינקנדיקן פלאַסטער, פאַרלאָזן פון אַלעמען, אַן עלנטער, צע־בראָכענער מענטש.

ווען ער האָט פאַרזיך שטיל געזונגען האָט ער מיט גאָר אַ באַזונדער האַרמאָנישן פאַרגעניגן געפילט ווי די טענער קייקלען זיך אַזוי גלאַט פון האַלז: — ווי אַ רויך פון אַ קוימען, און אים איז איינגעפאַלן, אַז ער וואָלט געקאָנט זיין אַ גרויסער זינגער, אין איטאַליענישן שניט, און זיך דערביי דערפילט דערהויבן: — אין אַ וועלט, וואו די רויע פּאַסירונגען פון אַלטאָגיקן לעבן ווערן באַפאַרבט און באַזעלט פון אַ ליכט, געקומען גאָר פון אַן אַנדער מקור, אין אַזעלכע רגע׳ס איז נאָך דאָס גאַנצע לעבן פאַר אים געלעגן באַשיינט מיט זון און חדוה. אָבער, ווי נאָר, ער האָט אויפגעהערט צו זינגען, אַזוי האָט ער גלייך דערפילט דעם יאָך פון יאָרן ווי אַ בייזן גורל אַרום זיין נאַקן, — און וואָס איז דער תכלית? וואָס? פינצטערניש און ליידיגקייט, און ביים סוף לויערט דער טויט ווי אַ בייזע חיה...

טויט?!...

ס׳האָט אַ פיינלאַך ווייטיק אויפגעשטשימעט זיין ברוסט, און ס׳איז אים געווען ווי דורך טרערן צו פרעגן: ניט שוין וועל איך, שבתי־צבי, דער מלך המשיח, אויך שטאַרבן? קאָן עס זיין? ביז אַהער זיינען אַנדערע געשטאָרבן — אָבער ער? —

אַך, רבונאָ דעלמאָ כולאָ!...

ביז לעצטנס איז אים קיינמאָל ניט אויסגעקומען אַ טראַכט צו טאָן וועגן שטאַרבן. ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיטן לעבן, אַז ס׳איז גאָרניט אַרויף אויפן זינען, אַז אַלץ קאָן מיטאַמאָל איבערגעריסן ווערן אין מיטען — און, און ליידיגקייט. אָבער אַצינד, ווען זיין געפאַנגנשאַפט האָט אים גענומען פייניקן, און די האָפנונג

אויף באַלדיקער באַפרייאונג האָט גענומען בלאַקירן, האָט אים פון צייט־צו־צייט גענומען נאָגן אַן אומבאַשטימטע מורא וועגן אַ דער־נענטערדיקער סכנה —

אך, רבוני דעלמה כולה!...

ער האָט אויפגעקוועטשט די אויגן, — פינצטערניש.

שטאַרבן, שטאַרבן: אייביקע פינצטערניש, — ניט זיין!... אַ נידעריקע מורא האָט אויפגעשרומפּן זיין לייב, און אַ רחמנות צו זיך אַליין האָט אים אָנגעגריפן, און ס'איז געווען ווי צו וויינען.

אַך, דו האַר פון דער וועלט!...

אַ גרויל איז געקראָכן איבער זיין רוקן. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאַרק, — אָ, דער קאָפּ. ער וועט אַראָפּגעשניטן ווערן! אַן עקלהאַפטער געפיל פאַר אַלץ וואָס איז קאַלט און גליטשיק ווי שטאָל האָט אים אַרומגעכאַפּט.

און אין ערגעץ, ווייט אויף הינטער איז אַלץ געלעגן אין שיינענדיקן ליכט, און אַלץ האָט געטאַנצט אין פריידיקן פאַרב: — די זון האָט דעמאָלט אַזוי יוגנטלאַך געשיינט.

אַ קאַלטע, גליטשיקע זאַך ווי דאָס בויך פון אַ פראָש וועט באַרירן זיין נאַקן — ברררררר... אַ געפרוירן לייב און טויזנטע נאָדלשטיך! ער האָט זיך אויפגעצויגן און זיך דערלאַנגט אַ כאַפּ פאַרן נאַקן. ס'איז אים געווען גלייך ווי אַ קאַלטער שאַרף וואָלט באַרירט זיין הויט.

אַך, רבונאָ דעלמאָ כולאָ!...

ס'האָט אים אַ שלאָג געטאָן:

„מעבר יבוק" —

איבערגאַנג....

מ'גייט איבער, מ'גייט איבער. — וואוהין? וואו גייט מען איבער?... מ'גייט איבער אַ טייך, אַ פעלד, אַ גרעניץ... ציגן שפרינגען, שטויסן מיט די הערנער, אַ הירש לויפט — רץ כצבי... מ'גייט איבער, מ'גייט איבער... און דער קאַליף פון באַגדאַד האָט אַרויסגעלאָזן אַ באַפעל... וואָס פאַר אַ באַפעל האָט דער קאַליף פון באגדאד אַרויסגעלאָזן? ווען מען דאַרף מען אַראָפּנעמען דעם קאָפּ?... „מעבר יבוק"... דער פּראָם גליטשט זיך איבערן וואַסער, מ'שווימט צו צו אַ ברעג... וואָס איז דער חילוק דער ברעג, דער ברעג? דערהויפט איז דאָס איבערגיין. אַלע ברעגן זיינען

דיזעלביקע. טעג און נעכט זיינען אויך דיזעלביקע, ס׳ווענדט זיך נאָר מיט וואָס מ׳פילט זיי אָן... אַ זאַק איז אַ זאַק, אַ קרוג איז אַ קרוג, — אַ קרוג גייט אַזוי לאַנג צום וואַסער ביז ער צעברעכט זיך... אַ שיף רוקט זיך אויפן וואַסער, אַ שטורם קומט אָן...

און ער האָט זיך דערמאָנט אָן שטורם אויפן ים אויף זייער רייזע פון סמירנא קיין סטאַמבול און האָט אויפסניי איבערגעלעבט די צעטרייסלעניש און שרעק פון יענעם שטורם. דער ווינט האָט מורא׳דיק געווילדעוועט. די שיף האָט זיך געהוידעט ווי אַ שאָלאָכץ. הויכע, כעס׳דיקע בערג וואַסער האָבן זיך מיט צעיושעטן אימפּעט געהויבן און געדראָט צו פאַרפלייצן די שיף... מער פון אַלעמען האָט שמואל פרימאָ געציטערט, — דערנאָך, אַז דער שטורם האָט זיך איינגעשטילט איז ער געווען דער ערשטער צו זיין אומעטום און דערציילן, אַז ער האָט זיך ניט געשראָקן. ער האָט דערנאָך איינגעשמועסט דעם קאַפּיטאַן און מאַטראָסן, אַז די שיף איז געראַטעוועט געוואָרן פון אונטערגאַנג צוליב שבתי־צבי׳ס זכות.

ער האָט געטראַכט: אַ נוצלאַכער מענטש שמואל. אָבער וואָס טראַכט ער? וואָס פאַראַ מחשבות פילן אָן זיין האַרץ און קאָפּ? ער מוז פאַרזיך פון אַלעמען חוזק מאַכן... ער איז אַן אַקטיאָר אין אַ איטאַליענישן שפּיל. ער איז אין גרונט אַ פאַרדאָרבן מענטש.

ס׳האָט אים אַ שווינדל געטאָן אין קאָפּ, און ס׳איז אים געווען גלייך ווי ער וואָלט פאַרנומען די שטים פון זיין פרוי שרה, — און די שטימען פון פרויען זיינען פאַלש און גרילציק. — שמשון הגיבור: „מעז יצא מתוק"... ביי זיי ווערט פון סם זיסקייט... און די שטים פון זיין פרוי שרה...

אַ שוידער האָט זיך געבלעזלט איבערן לייב.

פונדעסטוועגן האָט ער מיט אַ געפיל פון נאָגנדיקער בענקעניש געגאַרט צו פילן אַרום זיך די וואַרימע גלאַטקייט פון פרויען לייב: — פון יעדע אַנדער פרוי, אָבער ניט פון דער אייגענער.

דאָס שאַרפע ליכט פון בלייכנדיקן טאָג האָט אים געשטאָכן די אויגן, גורם געווען אַז ס׳זאָל דאַכטן, אַז עפּעס איז אין גאַנצן ניט גלאַט מיט זיין ראיה. ער האָט גענומען רייבן די אויגן, גלייך, ווי ער וואָלט פון זיי וועלן אַראָפּנעמען אַ הויט, דערביי האָט ער מיט ווייטיק געפילט, אַז ער קוקט אין ערגעץ אין אַ פינטלדיקער גרויקייט, אַזאַ מין וואַסערדעק פאַרשפּרייט אַלץ: ניטאָ קיין אָנהויב, ניטאָ קיין סוף: — וויסטער מדבר...

ער האָט מיט אַ געפּיל פון טרויער גענומען זינגען אַ שפּאַנישע באַלאַדע, אין וועלכער ס'האָט זיך געערעדט וועגן זודיקער ליבע, טויט און וועגן גרויסע העלדן, וואָס האָבן אומדערשראָקן געקעמפט מיט די מורן.

אַזוי ביסלאַכווייס האָט זיך אין אים דערוועקט דער אַמאָליקער יוגנטלאַכער פאַרלאַנג צו זיין אַ העלד, אַ גרויסער קריגער, און האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי ער רייט אויף אַ הייסבלוטיקן „אַראַבער", פון וועמעס נאָזלעכער ס'שפּאַרט אַ רויך מיט אַ געהאַקטן אומרואיקן אָטעם, און וועמעס געשווינדע וואָרפנדיקע פיס שיטן אַרום ערד און פונקען, און ער רייט פאָראויס און נאָך אים די גבורי ישראל:
— דער שונא אַנטלויפט...

שמואל פרימאַ האָט זיך שטיל און פּאַמעלאַך אַריינגערוקט דורך דער טיר, געקוקט מיט אַ אונטערדריקטן שמייכל אויף דעם פאַרטראַכטן, זינגנדיקן שבתי־צבי און אויף זיך דערווייל אָנגעצויגן אַ ערנסטע מאַסקע. ס'איז געווען צו דערקענען אָן זיין געשטעל און מינע, אַז אים איז זייער גוט באַקאַנט דער צושטאַנד, אין וועלכן דער „מלך־המשיח" געפינט זיך אַצינד. זיין אויבערהאַנט איבער שבתי־צבי איז געווען פון אַ דורכשניטלאַכן אָנפאַרטרויטן: ער ווייסט אַלץ, יענער — גאָרניט.

שבתי־צבי איז געבליבן אין מיטען זינגען, און ס'האָט אים זייער פאַרדראָסן: עפּעס צעשטערט אַזאַ וואוילגלעטנדיקע האַרמאָניע. ער האָט אָנגעקוקט דעם אַריינקומענדיקן מיט מבולבל'דיקע אויגן:
— שמואל?

שמואל פרימאַ האָט זיך אַביסל אָפּגעהוסט, אויסגערייניקט דעם גאָרגל, און אין אַ טרוקן געשעפטלאַך טאָן געמאָלדן, אַז פון פוילן זיינען געקומען שלוחים מיט בריוו און שליחות פון פילע קהילות און שטעט.

שבתי־צבי איז אַביסל צוזיך געקומען, זיך אָפּגעזעצט: זיין פּנים האָט אָנגענומען דעם געוויינלאַכן אויסדרוק, די צושטרייטקייט האָט זיך אויפגעלייזט און איז פאַרביטן געוואָרן מיט אַ דערעסלאַכן אויסדרוק, וואָס האָט אַזוי ווי געפרעגט: וואָס ווילן זיי פון מיר? ער האָט געזשמורעט די אויגן, געקוקט גלייך אויף שמואל'ן, און ס'איז אים מיטאַמאָל אַרויף אויפן זינען, אַז צייט עטלאַכע וואָכן, ווי אַ פאַרשלייערטע פרוי דרייט זיך אַרום אין די פאָרצימערן,

ווערליק שמואל האָט אים איבערגעגעבן. ער האָט זיך איצט צו אים געווענדט און זייער פּאָרזיכטיק געפרעגט:

— שמואל, ביזט ניט געוואָר געוואָרן ווער די פאַרשלייערטע פרוי אין פאָרצימער איז?

שמואל פרימא האָט זיך מיט אים אונטער פיר אויגן געפילט היימיש, און אין פילע פּרטים זיך מיט אים ווינציק וואָס געווענט. אויף שבתי־צבי'ס פראַגע האָט ער געענטפערט מיט אַ צי פון די אַקסלען און אַ ליידיקן גלאָטש מיט די אויגן.

— ווייסט ניט ווער זי איז?

— ניין.

— ווייסט ניט וואָס זי וויל?

— רעדט ניט קיין וואָרט.

— איז זי אַ יפת־תואר?

— זי איז פאַרשלייערט.

— אַ מחמד'אַנישע?

— איך גלויב, אַז ניט.

שבתי־צבי'ן איז איינגעפאַלן, אַז זי מוז זיין אַ „צוגעשיקטע" פון זיינע „מתנגדים", און באַשלאָסן צו זיין אויף דער וואַך, כאָטש ער האָט געברענט מיט אומגעזונטער נייגעריגקייט צו דערגיין ווער די אומבאַקאַנטע איז, ווייל יעדע אומבאַקאַנטע האָט אים פיינלאַך גערייצט און אויפגערעגט. ער האָט איצט געקוקט אויף שמואל'ס גאָרנישטזאָגנדיקן פנים און ס'האָט אים געשמאַרצט צו וויסן, וואָס ס'ליגט הינטער דער אָנגעצויגענער אומבאַוועגלאַכקייט, און ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז קיין „איש־תמים" קאָן אַזוי ניט אויסזען. ער האָט געזאָגט:

— ווען זי וועט קומען לאָז מיך וויסן. נאָר זיי געהיט, שמואל, אויב ס'איז ניט אַמאָל אַ "צוגעשיקטע".

שמואל האָט געמאַכט אַ מינע, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט פון דעם אַלעם און מ'קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן.

שבתי־צבי איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן חדר, געברומט אַ ניגון און געווען פול מיט דערוואַרטונג. ס'איז אים געווען צו מוט, גלייך, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ שפּייכלער מיט נאָך ניט אָפּגע'חתמ'עטע יאָרן, — און ווער ווייסט וואָס פאַראַ איבעראַשונג זיי באַהאַלטן אין זיך?

ער איז מיטאַמאָל געבליבן שטיין פאַר שמואל׳ן. זיין געשטעל און אויסדרוק פון פּנים האָבן אַצינד אָנגעוויזן, אַז דאָס וואָס ער גייט באַלד ריידן און זאָגן זיינען פון פּראַקטישן באַדייט. ער האָט געפרעגט:

— שמואל, האָסט געהערט פון ליוואַרנאָ און האַמבורג?

שמואל האָט אים שאַרף אָנגעקוקט, אָנגענומען אַ געשטעל פון איינעם, וואָס טראָגט אויף זיך אַ גרויס אחריות און זאַכלאַך גערעדט:

— דער שליח מיוחד איז נאָך ניט געקומען, אָבער קלאַנגען, וואָס האָבן זיך אַהער דערטראָגן דערציילן וועגן אַ גרויס אויסוואַנדערונגס באַוועגונג אין האַמבורג. אַ סך האָבן איבערגעגעבן זייערע מסחרים און זיינען גרייט צו נעמען די שטעקנס אין די הענט.

דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און דער אָנהויב פון אַ שטעכיק שמייכל האָט זיך גענומען שפּילן אַרום די ווינקלען פון מויל.

שבתי־צבי׳ס פּנים האָט זיך פאַרוואָלקנט. ער האָט דערשפּירט אין ערגעץ אַ פאַלש. ער האָט ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— וואָס איילן זיי זיך? ס׳איז אַ היפּשער מהלך... זאָג, שמואל, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען?

שמואל פּרימא האָט זיך אָנגעצויגן, געוואָרן ערנסט און פייערלאַך אַרויסגעזאָגט:

— די גאולה!

און זיין פּנים איז געוואָרן אַזוי שטרענג און אָנגעצויגן, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אָט קאָן ער פּלאַצן, און פון דאָרטן וועט זיך אַרויסרייסן אַ לצ׳אָנישער געלעכטער.

שבתי־צבי איז געוואָרן אויפגערעגט, ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט קלאָר וואָס ס׳טוט זיך הינטער שמואל׳ס מאַסקע. ער האָט שטיל געזיפצט און גענומען אויפסניי גיין איבערן צימער, און: — עלף, צוועלף, דרייצן, פערצן... „דער וועג איז פול מיט שטיינער״, און ס׳איז אים אויסגעקומען זייער טשיקאַווע וואָס ביי דער צאָל „פערצן״ פאַלט אים תמיד איין די איין און דיזעלביקע פראַזע.

שמואל פּרימא האָט געפרעגט:

— וואָס זאָל איך זאָגן דעם שליח פון פוילן?

שבתי־צבי איז געבליבן שטיין פאַר שמואל׳ן, זיך דערמאָנט אָן דעם וואָס אים שטייט פאָר און זיך אומגעדולדיק געכאַפּט פאַרן

קאָפּ. אַ ניטגוטקייט איז אים צוגעפאַלן, און האָט דערפילט דאָ־זעלביקע, וואָס מ'פילט, ווען די הענט, מיט וועלכע מ'דאַרף באַלד טאָן אַן איידעלע מלאכה, זיינען איינגעשמירט אין קלעפּיקער פעטקייט. ער האָט כעס'דיק אַרויסגעזאָגט:

— וואָס ווילן זיי פון מיר ? ! .. ווּעסט אים צולאָזן, ניט היינט,

— מאָרגן. — און האָט זיך אָפּגעזיפצט: — לאָזן ניט צו רו . . .

שמואל פרימא איז אַרויס.

שבתי־צבי האָט מיט אַ ווידער'טעם געטראַכט וועגן דער פאַר־שטייענדיקער באַגעגעניש מיט די פוילישע שלוחים. ער איז אַצינד בכלל געווען ווייט פון האָבן אַ פאַרלאַנג זיך אויפצוקומען מיט ווילד פרעמדע מענטשן. ער איז געווען פול מיטזיך אַליין. ס'האָט זיך נאָך אַלץ ביי אים ניט אויסגעוועפּט דער דערעסלאַכער טעם פון זיין באַגעגעניש מיט אַן אַנדער שליח. ס'איז אים אַרויף אויפן זינען יענער שליח, — אַן עלטערלאַכער מאַן מיט אַזוינע שפּיציקע אויגן, שפּיציקער נאָז, מיט אַ פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ דרינגלאַכקייט אים ווי אַ קדחת אַריינצוקריכן אין די ביינער. אין דער רגע האָט זיין אייגענער פּנים אָנגענומען אַ פיינטלאַכן אויסזען. ער האָט ממש געפילט, ווי ס'פאַרשפרייט זיך אויף זיין פּנים אַזאַ מין הויט. ער האָט מיט אַ געפיל פון עקעל זיך דערמאָנט אָן די שאלות, וואָס יענער האָט אים געשטעלט. ער האָט אַפילו געפרעגט וועגן „תשמיש־המיטה". ווידער האָט ער אים פאַרהערט אין קבלה, געפרעגט אין וואָסערע פלעצער ס'געפינען זיך אין זהר רמזים אויף דער גאולה. זיין כעס איז איצט געשטיגן, און האָט אויפן קול גענומען שרייען: גוואַלד, וואָס ווילן זיי פון מיר ? ! . . . כ'וועל פון זינען אַראָפּ ! . . .

ער איז צוגעגאַנגען אין אַ ווינקל, וואו אויף אַ קליין טישל איז געשטאַנען אַ געשליפן קאַראַפין מיט רובין־רויטן וויין. ער האָט אָנגעגאָסן אַ גאָלדענעם כוס, און גיכער פון געוויינהייט ווי פון פרומקייט געמאַכט אַ ברכה און גענומען פּאַמעלאַך, מיט דער מינע פון אַ ווײנקענער, טרינקען די רויטע פליסיגקייט.

ער האָט דערנאָך גערעדט: דאַנקן גאָט פאַרן וויין, — און האָט אָפּגעווישט מיטן טיכל די ליפּן.

דאָס בלוט האָט אַ שפּאַר געטאָן צום קאָפּ, אַן אנגענעמע וואַרעמקייט האָט זיך צוגאָסן איבערן קערפּער, ער האָט זיך דערפילט

דערהויבענער און מוטיקער, — און דאָס לעבן איז נאָך אין גאַנצן ניט פאַרלאָרן. עפּעס ליגט נאָך פאַר אים אין ערגעץ אָנגעגרייט, און האָט אַצינד געהאַט דאָס געפיל פון אַזאַ אויסגעצויגענער זשומעניש:
— און די זון שיינט און חדויסן אַזוי ליכטיק און פריידיק... לעבן, לעבן, לעבן...

ג.

שמואל פרימא האָט געמאָלדן שבתי־צבי, אַז די שלוחים פון פוילן האָבן פאַרשוועכט דעם יום־טוב פון דעם שבת־הגדול של המשיח דערמיט, וואָס זיי האָבן געשיקט זייער משרת קויפן שפּייז אין הייליקן טאָג. שבתי־צבי, ווען ער האָט זיי באַגעגנט אין פאָרהויז האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון זיין אויף זיי אָנגעשטויסן, און זיי האָבן דערנאָך געפרעגט שמואל'ן: „מדוע פני אדוננו רעים עמנו היום ואינם כפעם בפעם?" און שמואל האָט אָנגעשטעלט אַן אומשולדיקן פּנים און געפרעגט: „אפשר האָט איר ניט אָפּגעהיט דעם יום־טוב פון שבת־הגדול של המשיח? ווייל דער משיח ווייסט פון אַלץ, ס'איז פאַר אים ניטאָ קיין באַהעלטעניש, האָבן זיך די שלוחים מודה געווען אין זייער זינד און געבעטן סליחה. שמואל האָט איינגעזען אַז זיי זיינען אומשעדלאַך נאַרישע אידן, און וואָס שבתי־צבי וועט זיי זאָגן וועט'ס ביי זיי זיין הייליק, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט פועל'ן ביי שבתי־צבי, אַז ער זאָל זיי אויפנעמען. און דער משיח האָט פאַר זיי באַשטימט דעם דאָנערשטיק כ"ו בתמוז פאַר זייער אויפנאַמס טאָג.

די שלוחים מיט געבויגענע קני זיינען מיט פאַראַד צוגעלאָזן געוואָרן צו אים אין זיין חדר־מיוחד. איינער פון די שלוחים, דער מער געוואַגטער און ריידעוודיקער, איז געווען איינגעהויקערט ווי פון קעלט. אַ שטריימל פון אָפּגעקראָכענעם טכויר איז געזעסן שוואַך אויף זיין קאָפּ, צוויי לאַנגע פאות האָבן זיך לאַנג געקרייזלט פון די זייטן. ער האָט זיך פאַוואָליע אָנגערוקט אויף שבתי־צבי, זיינע רויט געלאָמעוועטע אויגן האָבן געזשמורעט, ווי ביי איינעם, וואָס קומט פון אַ פינצטערן אָרט אין אַ זייער ליכטיקן. זיין גרוי שפּיציק בערדל איז ווי אַ קלין אָפּגעשטאַנען אויף פאָרנט.

דער צווייטער שליח אין אַ לוסטרינענער קאַפּאָטע און שטריימל, מיט אַ געלער שיטער בערדל און זייער צושראָקענעם פּנים, האָט אַלץ געמאַרקירט אַז ער זאָל אויסקוקן פון הינטער יענעם.

שבתי־צבי האָט אויף זיי שטרענג געקוקט און דער ערשטער איד האָט גענומען באַוועגן די ליפּן ווי צו אַ "תפלה־בלחש" און אין דערזעלביקער צייט געקוקט אויף אים אַזוי תמ׳עוואַטע און הכנעה׳דיק.

שבתי־צבי האָט זיי מיט אָנשטעל באַגעגנט:

— שלום אידן.

און פוןביידנס מיילער איז געקומען שוואַך:

— שלום ל"ד ולמשיחו...

שבתי־צבי האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

דעם ערשטן אידנס האַנט איז געווען טרוקן און דריבלדיק און שבתי־צבי האָט גיך צוריקגעצויגן די האַנט, געשפּירט ווי ער וואָלט עפּעס געהאַלטן אַן אומאַנגענעמע זאַך. ער האָט זיין האַנט געריבן אָן זייט פון פוס, ווי ער וואָלט וועלן פון דאָרטן וואָס אָפּרייבן. ער האָט געפרעגט.

— מה שמיכם?

— ישעיה הלוי.

— לייב.

— פון וואַנען קומען אידן?

— פון לאַנד פּוילן.

שבתי־צבי האָט אויף זיי געקוקט און גערעדט:

— פון לאַנד פּוילן. אַ פיין לאַנד פּוילן. אַ סך גרויסע אידן...

און ס׳איז אים געווען קלאָר, אַז דאָסזעלביקע זאָגט ער צו אַלע אידן, וואָס קומען פון פּוילן, און ס׳איז אים געוואָרן אַזוי גרוי און אומעטיק אויפן האַרצן.

דער ערשטער איד האָט געזיפצט:

— אָבער מיר זיינען אין גלות.

ביי שבתי־צבי׳ן האָבן זיך אויסגענומען די פּראַגן, און ס׳איז אים באַפאַלן אַן אַפּאַטיע, — און וואָס ריידן. ער האָט פאַר׳דאגה׳ט אַרום זיך געקוקט.

ישעיה הלוי האָט כסדר געפינטלט מיט די אויגן, געקוקט ווי צו הבדלה אויף די ברענענדיקע ליכט.

ביי שבתי־צבי האָט די אויבערשטע ליפּ גענומען צוקן, ער האָט דעם אידן פיינט באַקומען. פונדעסטוועגן האָט ער מיט אַרויפּ־געצוואונגענער פריינטלאַכקייט געפרעגט:

— וואָס האָבן אידן גוטס צו זאָגן ?

ישעיה הלוי האָט ברייטער פאַנאַנדערגענומען די אויגן, זיך גוט צוגעקוקט צו שבתי־צבי׳ס פּנים, דערנאָך האָט ער גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און פון זיין מויל האָבן זיך שווער גענומען רוקן אַזוינע אומפאַרבינדלאַכע ווערטער.

שבתי־צבי איז געוואָרן אומגעדולדיק. אַ קאַלטער שווייס איז אין טראָפּנס אַרויסגעטראָטן אויף זיין שטערן.

און דער איד האָט גענומען ריידן.

לכתחילה האָבן זיך די ווערטער ניט געבונדן, ער האָט כסדר געמישט אידישע, העברעאישע און קבלה אויסדרוקן אָן אַ וועלכן ס׳איז סדר. דערנאָך האָט ער זיך אַביסל איינגעפּאָרן און זיין לשון און זיינע תנועות זיינען געוואָרן פרייער. ס׳האָט געהייסן, אַז ער איז דורכגעגאַנגען „כמה מדינות" און אומעטום שפּירט זיך אין דער לופט די גאולה. אַלע פאַרוויטאָגטע אידישע הערצער קלאַפּן מיט האָפנונג, אַז אָט, אָט וועט זיך דערהערן דאָס שאַלן פון שופר של משיח. אַלע אידן זיינען פול מיטן גרויסן רצון זיך מתדבק צו זיין מיטן בורא און זיין שליח: ברכת ה׳ על בחיר ה׳...

הגם שבתי־צבי האָט געקוקט דעם אידן גלייך אין די אויגן פונדעסטוועגן האָט ער ניט געהערט אַ וואָרט פון דעם, וואָס דער איד האָט גערעדט. די ווערטער, דער נוסח זיינען אים שוין פון לאַנג דערעסן געוואָרן. פּופּצן יאָר כסדר אַז ער הערט דיזעלביקע רייד. זיי האָבן שוין פאַר אים פאַרלאָרן זין און באַדייט. ס׳איז איצט אים געווען ווי ניט צו דער האַנט, עפּעס ניט זגראַבנע, פּונקט ווי זיינע הענט וואָלטן געווען איינגעשמירט אין קליי. ער האָט מיט אַנגסט געטראַכט וואָס ער זאָל די שלוחים עפּעס זאָגן, ער האָט זיך פּשוט געפוילט איבערצו׳חזר׳ן די אַלע אַלטע רייד, וואָס ער האָט יאָרן און יאָרן גערעדט צו אַזוינע אידן. דער שטומער קוק פון דעם אַנטקעגנדיקן האָט אים אַצינד דערמאָנט אין קוק פון אַ חיה, פאַרטריבן אין אַ ווינקל: אַזוי פּחד׳יק, אַזוי פאַרלאָרן.
— אָט קוקן אויף אים אַזוינע שטומע, צער׳דיקע אויגן פול תחנונים.
און דאָס האָט אים גערייצט, גערעגט, אַרויסגערופן סקאָמע אויף די ציין, ווי אויך אַ פאַרלאַנג צו ברעכן און שטערן. דעם אידנ׳ס צוויי פליישיקע, שאָקלנדיקע ליפּן, האָבן געבראַכט פאַר זיינע אויגן די ליפּן פון אַ מעלה־גירה׳דיקער בהמה און דערוועקט אין זיינע

פינגער אַ קרעמפּיקע שמאַרצעניס זיי אַ צופּ צו טאָן. ער איז געוואָרן שרעקלאַך אומגעדולדיק. דאָס בלוט האָט שנעל גענומען שפּאַרן צום קאָפּ. ס'האָט זיך אים געגלוסט שרייען, רייסן, ברעכן, — און גוואַלד וואָס טוט מען!

מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעצויגן אין פולער הויך, זיינע אויגן האָבן זיך פאַרקייקלט צו דער סטעלע, זיינע הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט ווי צו בעטן עפּעס ביים רבונו של עולם. זיינע פויסטן האָבן זיך קראַמפּיק צונויפגעשטייפט און פון זיין האַלז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ליידיק פאַר'דבק'עטער רוף:

— זכור עניי ומרודי! האַר פון דער וועלט נידער אַראָפּ!

די אידן האָבן געקוקט צושראָקן, און האָבן עפּעס אין דער שטיל געשעפּטשעט.

שבתי־צבי, מיט אויגן פאַרקייקלט אין דער הויך אַזוי, אַז ס'האָבן זיך נאָר געזען די בלויליאַכע ווייסל, האָט צום סוף מיט אַ ווילדן ניגון פאַרזיך אויסגעזונגען:

— די קינדער פון גאָט ברוך־הוא... עם ישראל חי וקים! געבענשט אויף אייביק — אמן!...

און האָט זיך פאַר'רבק'עט.

— אמן! — האָבן די אידן אונטערגעכאַפּט.

שבתי־צבי האָט ווי פאַר'חלש'ט גערעדט:

— אידן פון גאָר דער וועלט, זיי קומען אין די אלפים ורבבות! שאו נס לגוים!... איך זע, איך זע, זיי זיינען ווי די זאַמד פון ים... געבענשט דאָס פאָלק ישראל אויף אייביק!...

די אידן זיינען אַריינגעפאַלן אין טאָן:

— מי יתן עוז לישראל, ד' ד' הוא אלקים — אחד!...

און ער אויך האָט צונויפגעקוועטשט די פויסטן און זיך פאַרגאַנגען:

— ד', ד' ינחם אבלי ציון...

שבתי־צבי האָט פאַר'גנב'עטערהייט געקוקט אויף די צוויי מבולבל'דיקע אידן, אַ שפּיציק שמייכל האָט פאַרקרימט זיינע ליפּן, ס'האָט זיך אים געלוסט שפּאָטן, שפּילן קאָמעדיע, אָבער ער האָט זיך מיט אַלע כחות איינגעהאַלטן און ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— ס'דערנענטערט זיך דער טאָג פון דער גאולה.

ישעיה הלוי האָט אויסגעגלאָטשט די אויגן, אָנגעשטעלט נאָז און אויערן און תמ'עוואַטע געפרעגט:

— ווען, מלכנו, ומשיחנו?

— בקרב הימים.

און שבתי־צבי האָט געקוקט פאַרטראָגן פאַרזיך, געהאַט אַ מינע פון אַריינדרינגען אין ערגעץ ווייט: גלייך ווי די שווערע ווענט וואָלטן זיך פאַנאַנדערגעטיילט און זיינע אויגן וואָלטן זען אין דער ווייטקייט די צוריק אויפגעבויטע שטאָט ירושלים.

דעם אידנ׳ס תמ׳עוואַטע פנים האָט זיך גענומען אויסלייטערן. זיינע אויגן האָבן גענומען אַרויסווייזן סימנים פון אָנגייענדיקן לעבן ערגעץ אינווייניק ביי אים. ער האָט אויפסניי גענומען ריידן. ער האָט אַצינד געוועדט וועגן די אידישע צרות. ער האָט אויף אַן אומ־געלומפערטן לשון דערציילט אַ געשיכטע פון צוואַנציק יאָר אידישע צרות און רדיפות אין אוקראַאינע און פוילן. ער האָט דערציילט וועגן דער שחיטה אין טולטשין און נעמיראָוו. ער איז דערביי אַליין געווען און איז דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן, געלעגן באַהאַלטן אין אַ קאַטוך, — און ווי ס׳איז געקומען צום פלאַץ וואו אין זיין שילדערונג זיינען אַריינגעקומען די קאָזאַקן, וועלכע האָבן פאַראומווירדיקט די ריינינקייטן, האָבן טרערן געשטיקט זיין האַלז.

שבתי־צבי, ווי פריער האָט קיין וואָרט ניט געהערט פון דעם וואָס דער איד האָט דערציילט. זיין קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט אַנדערע מחשבות. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס איינער פון זיינע רייכע חסידים אין קאַירא, וואָס האָט שוין לפי זיין חשבון געדאַרפט זיין אין סטאַמבול, איז נאָך ניט אָנגעקומען. דער אָנהענ־גער האָט געדאַרפט עפּעס טאָן ממשות׳דיקס פאַר זיין באַפרייאונג — אָבער וואו איז ער? זאָל האָבן מיט אים אַן אומגליק פּאַסירט? נאָך שמואל׳ס חשבון האָט ער שוין געדאַרפט דאָ זיין פון אַ פּאָר וואָכן. אפשר האָט ער זיך דערווייל אָפּגעשטעלט אין אַנדריאַנאָפּל. דאָס לעצטע מאָל, וואָס ער האָט פון אים געהערט איז געווען נאָכדעם, ווי ער איז אַרויסגעטראָטן אויף אַן אַסיפה אין סמירנא געגן די רבנים. די רבנים לייגן איין וועלטן, דערהויפּט זיינען זיי אויפגעבראַכט אויף דעם, וואָס ער האָט אָפּגעשאַפט די תעניתים... אפשר איז׳ס טאַקי געווען צו ווייט געגאַנגען?... ס׳איז געווען שמואל׳ס עצה... און וואָס דאַרף מען טאַקי האָבן טעניתים? אידן האָבן גענוג זיך אָנגעפאַסט.

ס׳איז אים אַרויף אויפן זינען דער געשפּרעך, וואָס ער האָט

געהאַט מיטן סולטאַנ'ס לייב־רופא דידון, אַ גע'שמד'טער איד. דער געשפּרעך האָט זיך געדרייט אַרום זיין אַצינדיקער לאַגע, און יענער האָט אים געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ווי אים דאַכט זיך, איז מען אין הויף מיט אים ניט צופרידן, אום צו זיין אויפן זיכערן וועג מוז עפּעס געטאָן ווערן אַזוינס, וואָס זאָל געפינען חן אין סולטאַנ'ס אויגן, ווייל ער דער סולטאַן, מחמד דער פערטער ירום הודו, האָט גאָר אַ באַזונדער הנאה ווען ס'פאַלט אַ קאָפּ פון אַן „אומגלויביקן" פון צייט צו צייט. און בעת'ן ריידן האָט דער לייב־רופא אַזוי שפּיציק געשמייכלט. — וואָס האָט ער געמיינט?

ס'איז אים געוואָרן הייס און האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ פאַרלאָרענעם. ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז סוף־כל־סוף וועט ער זיך מוזן אויף עפּעס באַשליסן: מ'קאָנ'ס ניט לאָזן אַזוי הענגען אין דער לופטן... ס'האָט אים אַ שלאָג געטאָן: און דער קאָפּ וועט אָפּגעטיילט ווערן פון גוף! ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער שפּירט דעם גליטשיקן ריר און קאַלט פון שטאָל אויף זיין נאַקען. אַ שוידער האָט אויפגענומען זיין לייב און האָט זיך געכאַפּט מיט דער האַנטביים קאַרק, און ס'איז אים געוועזן ווי אָפּצורייבן מיט עקעל די קאַלטע קלעפּיקע זאַך, און דערווייל האָט ער אויפגעכאַפּט וואָס דער שליח האָט מיט אַ סליחות ניגון גערעדט:

— טויזנטער אידן זיינען אומגעקומען אויף קדוש־השם, ווי די לעמער זיינען מיר געפירט געוואָרן צו דער שחיטה. — „באו זרים בנחלתנו...

און אַנטקעגן אים זיינען געשטאַנען צוויי אידן מיט אַזוינע נידערגעשלאָגענע פּנימער און געמיטער און האָבן הכנעה'דיק געקוקט אויף אים, — און ווער איז ער? וואָס קוקן זיי אויף אים אַזוי? און וואָס קאָן ער העלפן?

ס'האָט אים אַ שלאָג געטאָן:

די צוויי אַנטקעגן אים שטייענדיקע זיינען שליחים פון טויזנטער אידן, וואָס וואַרטן יעדן טאָג אויף משיח'ן, און אָט די צוויי אידן, ווי שוואַך און אומבאַהאָלפן זיי זיינען וואָלטן זיך צו יעדער צייט זיך געלאָזט מקריב זיין פאַר זייער אמונה.

ער האָט זיך געשעמט פאַר דער אייגענער שוואַכקייט, און פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגן, און פון האַלז האָבן זיך געריסן אַזוינע אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער און אויסרופן.

דערנאָך האָט ער זיך באַרואיקט, געשמייכלט און גענומען זינגען פסוקים פון זהר, אַ קוש געטאָן די ספר־תורה, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש אין אַ רויטער זיידענער העמדל און גאָלדענער קרוין, און גערעדט צו די אידן:

— איר וועט זיך וואונדערן פאַרוואָס טראָג איך אַ רויטן מאַנטל און די ספר־תורה איז געוויקלט אין רויטן, ס'איז דערפאַר וואָס מיין האַרץ איז פול מיט נקמה און ס'איז דער יאָר פון דער גאולה.

די אידן האָבן אויף אים געקוקט מיט געטרייע אויגן און זייערע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ תפלה.

ווען די אידן זיינען געוועזן אויף דער אַנדער זייט טיר, האָט ער פריי אָפּגעאָטעמט, אַרומגעווישט מיטן רויט טיכל דעם שווייס פון שטערן און זיך אָפּגעזיפצט:

אַך, רבונאָ דעלמאָ כולאָ! ·

ער איז צוגעגאַנגען צום טישל, אָנגעגאָסן אַ כוס וויין, פּאַמעלאַך אויסגעטרונקען, געטראַכט, אַז דער וויין איז אַ מתנה פון אַ שפּאַנישן אידן, און אַז ס'איז באַלד ניטאָ מער, און ס'האָט אים פּאַר עפּעס פאַרדראָסן, און ס'איז אים געווען ווי מיט באַדויערן צו זאָגן: אַלץ קומט צו אַ סוף. ער האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ כוס, און ס'איז אים, גאָט ווייסט פאַרוואָס, איינגעפאַלן, אַז אין מצרים איז דער הימל אַזוי בלוי ווי תכלת און זאַפטיק ווי די טרויבן פון מאַלאַגאַ...

ער איז געוואָרן אויפגעראַמטער.

ד.

שמואל פרימא האָט ווי זיין שטייגער געעפנט שטיל און פּאַמעלאַך די טיר, געהאַט, דאָס טוענדיק, אַ כונה צו כאַפּן דעם משיח ניט קיין צוגעגרייטן אויף זיין אַריינקום, דערביי האָט ער זיך תמיד אין דער שטיל געקוויקט פון דעם, וואָס שבתי־צבי ווערט איבעראַשט און שטעלט אויס אַזוינע גרויסע און פאַר'חידוש'טע אויגן. און איצט ווי אַלעמאָל האָט ער גלייך אויפגעכאַפּט, אַז ער האָט שוין געהאַט אַ פּאָר כוסות, און האָט געשמייכלט אין די וואָנצען. שבתי־צבי האָט אים באַגעגנט מיט אַן אויפגעלעבטן פּנים. ער האָט גלייך אָנגעהויבן:

— זאָג, שמואל, האַלסט זיך דאָך פּאַר הרואה את הנולד.

אַלע מאָל זאָגסטו, אַז דו האָסט אַזוי געזאָגט. טאָ זאָג מיר, וואָס וואָלט מען געזאָגט למשל, ווען איך נעם אָן די מחמדנישע אמונה?

און האָט מיט גלאַנציקע אויגן און נייגעריקען פּנים געהיט שמואל׳ס אומבאַוועגלאַך פּנים.

שמואל פּרימאַ האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט אַז ס׳איז אַ שפּאַס און געשמייכלט מיט אַ מינע פון איינעם וואָס ווייסט אַז ס׳איז אַ שפּאַס, אָבער ס׳מאַכט ניט.

שבתי־צבי האָט געמאָנט:

— נו, וואָס שווייגסטו?

שמואל האָט אַ הויב געטאָן די ברעמען, אַ טראַכט געטאָן: משוגע, און אום צו פּטור ווערן פון אומאַנגענעמען ענין האָט ער גלייכגילטיק אַ זאָג געטאָן:

— שווער צו זאָגן.

— אָבער דאָך?

שמואל׳ן איז איינגעפאַלן אַז שבתי־צבי מוז זיין שיכור, ער האָט געקוקט אויף דער האַלבליידיקער פלאַש און געטראַכט: ס׳איז קיין וואונדער ניט. אַ דין שמייכל האָט אַ שווינדל געטאָן איבער די פולבלוטיקע ליפּן און האָט גלאַט אין דער וועלט אַריין אַ זאָג געטאָן:

— דאָס רוב וועט מצדיק את הדין זיין: וואָס דער מלך־המשיח טוט איז גוט.

שבתי־צבי האָט געלאַכט אויפן קול:

— אַזוי, אַזוי, שמואל: וואָס דער מלך־המשיח טוט איז גוט!... איך האָב וועגן דעם גאָרניט געוואוסט. איצט ווייס איך.
— און אין מיטען איז אים אַזוי קוקנדיק אויף שמואל׳ן איינגעפאַלן:
— און וואָס טראַכט ער? אַ ים מרמה איז פאַרבאָרגן הינטער זיין פּנים...

שמואל האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ האַרטקייט, געלאָזט מיט זיין שטרענגן קוק פילן, אַז ס׳איז אַצינד ניט די צייט צו שפּאַסן, און איז גלייך צוגעטראָטן צום ענין, וועגן וועלכן ער האָט געוואָלט ריידן. ער האָט אין אַ טרוקן געשעפטלאַך טאָן אָנגעהויבן:

— די רבנים פון אַמסטערדאַם, פּראַג, האַמבורג, ווענעדיק און ליוואָרנאָ האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא צו די אידן אין אַלע מדינות. אין דעם דאָזיקן קול־קורא ווערן זיי שטרענג געוואָרנט ניט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון די זיסע און פאַלשע רייד פון דעם

באַטריגער און משיח־השקר, ווי אויך פון די רייד פון די פאַלשע נביאים נתן פון עזה, אברהם היכיני, ר. משה סערוויל און זיין בעל־סוד שמואל פרימאַ, ווייל אַ גרויסע סכנה לויערט איבער דער שארית הפליטה...

שמואל האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף דעם ליידיק־קוקנדיקן שבתי־צבי און געטראַכט, אַז דערווייל איז גענוג, אָבער שבתי־צבי האָט געפּאָדערט:

— נו ?

שמואל האָט אָן חשק גערעדט:

— דער דאָזיקער קול־קורא ווערט פאַרשפּרייט און אָנגעקלעפּט אין אַלע שולן, באַזאַרן און אַפילו קלייטן, און ער רופט אַרויס אַ גרויסע אומצופרידנקייט און קריגערייען.

אויף שבתי־צבי׳ס פּנים האָט זיך געשפּילט אַ מינע, וואָס האָט דייטלאַך געלאָזט וויסן, אַז ער איז געוואוינט צו הערן אַזוינע מעלדונגען. ער האָט געפּאָדערט:

— וואָס אַנדערש ?

שמואל האָט מיטן אָנשטעל פון אַן אָפיציעלן מענטשן ווייטער אין זעלביקן טאָן געמאָלדן:

— אין ווענעדיק איז אין דער קאַלטער שול פאָרגעקומען אַ בלוטיק געשלעג צווישן אונזערע און די מתנגדים.

— וואָסער צד האָט מנצח געווען ?

שמואל פרימאַ האָט שטייף געזאָגט:

— אין בריוו ווערט ניט דערמאָנט וועגן דעם.

— וואָס נאָך ?

שמואל פרימאַ האָט זיך אויסגעהוסט, געמאַכט הכנות, באַקומען אַן אָנשטעל, אַז אָט קומט ער צו דאָס וויכטיקסטע. ער האָט געזאָגט:

— ליאָן ד׳קאַסטראָ האָט זיך געזען מיטן וויזיר.

— יע ? ווען ?

— נעכטן.

— נו ?

דער גרויסוויזיר פאַרלאַנגט אַ גרויסן מטמון.

— שוחד ?

— ער רופט׳ס פאַר מלחמה הוצאות.

— פאַר מלחמה הוצאות ?

— די סומע איז ריזיג גרויס — אַ שלל מיט גאָלד.

— למשל ?

— ער האָט ניט אַרויסגעזאָגט קיין באַשטימטע סומע, וואָס דאָס איז ערגער. ס'קאָן אַמאָל מיינען אויסהאַלטן די גאַנצע מלחמה... ליאָן ד'קאַסטראָ האַלט ניט פון גאַנצן עסק.

— כ'וואָלט אים וועלן זען.

— מאָרגן.

— גוט, שמואל.

ווען שבתי־צבי איז געבליבן אַליין האָט ער ווי פריער גענומען שפּאַצירן איבערן צימער. בכלל, האָט ער די לעצטע צייט ליב געקראָגן צו שפּרייזן פון איין וואַנט צו דער אַנדערער, ווייל ווען ער האָט'ס געטאָן איז אים געווען לייכטער צו פאַרטראָגן זיך אין די עולמות העליונות, אָדער אַריינדרינגען אין דעם, פאַר אים אַזוי טייערן עבר פון וועלכן ס'האָט נאָך געוויייעט דער בלייכנדיקער ריח פון דער אַמאָליקער, בלומענדיקער צייט. אַזוי שפּאַצירנדיק האָט ער זיך פאַרטראָגן אין אַ וועלט, אין וועלכער ער האָט זיך בפועל־ממש געזען אַלס דער אידישער מלך — און ס'איז געווען אַזוי מאָדנע: אומבאַשטימט אָרט, אומבאַשטימט ליכט און עפּעס אַזאַ בלענדנדיקע זשומעניש... און ער שבתי־צבי איז דער קעניג פון די אידן. אַרום אים איז עפּעס אַזאַ כסדר'דיקער טומל, פון אַלע זייטן געשרייען: יחי המלך־המשיח! הידד! „יחי משיחנו וגואלנו! און ער אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה גבורים, אָנגעטאָן אין אַ מאַנטל פון פורפור און אַ קריין מיט די טייערסטע איידלשטיינער אויפן קאָפּ באַטראַכט פון זיין כסא־המלכות די טויזנטקעפּיקע מאַסע... די גאַנצע וועלט איז פול מיט זיין לויב און נאָמען. קאַראַוואַנען קעמלען, שווער באַלאָדן מיט גאָלד פון אופיר און עלפאַנטן פון אינדיע, שיפן פון צור און צידון ציען זיך מיט די טייערסטע מתנות צו זיין פּאַלאַץ. מיידלאַך פון עטיאָפּיע מיט בראָנזענע שלאַנגבויגיקע קערפּערס, — אַזעלכע בלוטאויפרעגנדיקע, גאָלדהאָריקע מיט ווייסע בלענדנדיקע לייבער; — מיידלאַך פון ווייטן קאַלטן צפון, פרויען, וואָס פאַרשפּרייטן אַרום אַזויפיל געגנוס... אַלע, אַלע קומען צו בוקן זיך צום בענקל פון זיינע פיס... און ער קעניגט מיט חסד און יושר איבער דער גאַנצער וועלט. ער איז אַ מלך־חסד, און איז ווי שלמה המלך אַרומגערינגלט מיט ווייבער און פיל אוצרות און חכמה, — און וואָס דעמאָלט?...

זייער אָפּט איז ער נאָך אַזאַ פּאַרטראַגן זיך געבליבן שטיין אַ צוטומלטער מיט ברייט פאַנאַנדערגעוומענע אויגן, ווי אַזאַ גרויע ליידיגקייט וואָלט אים פאַרשלונגען. ער האָט זיך געפילט ווי נאָך אַ הייסער באָד: די גאַנצע כחות פאַרשווענדט פאַר איינמאָל. די גאַנצע דמיונות אויסגעליידיקט, גאָרנישט געבליבן, — און אַצינד איז ער ווי אַ פויגל פאַרשפאַרט צווישן הויכע, אומעט אָנוואַרפנדיקע ווענט — אַ גרויל.

ער איז אַצינד געגאַנגען הין און צוריק, געזשומעט אַ טרויעריקן ניגון און אַליין ניט געפילט וואָס ער זינגט. ער האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, זיך אַליין איינגעהערט צום פלוס פון מעלאָדיע און זיך גע׳חידוש׳ט: פאַרוואָס גראָד אַצינד איז אים איינגעפאַלן אָט דער ניגון, — אַ ניגון וואָס מ׳האָט געזונגען אין יענער צייט, ווען צו זיינע אויערן זיינען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן עפּעס אַ געהיימניספול מיידל אין קאַירא, און דעמאָלט איז זיין האַרץ פול געווען מיט דערוואַרטונג, פול מיט שטרעבונג נאָך דאָס אומבאַ־וואוסטע, — און די נעכט זיינען געווען אַזעלכע גליאיקע, זודיקע, פול מיט דעם כשוף פון דער גיפּטיק שמעקנדיקער אַפריקע.

ער האָט מיט טרויער און בענקשאַפט געקוקט אין וואַלד פון טעג און יאָרן, ווען זיי פאַנאַנדערגעוויקלטע, געטונקט אין פאַר־טראַכטער איינזאַמקייט, האָבן זיך געצויגן און געצויגן אַזוינע פרומע, זוניקע און זאַפטיקפאַרביקע, — און ערגעץ אין דער ווייט האָט דער רוקן פון אַ באַרג זיך געוויקלט אין מילכבלוילאַכן שלייער.ביים פוס פון באַרג האָט אַ שעפער געפיטערט זיין טשערעדע. ווייכע, איינזאַמע קלאַנגען פון אַ פייפל האָבן זיך געטראָגן און געטראָגן און שעפסן פרידלאַכע האָבן גלייכגילטיק און פאַרשלאָפן געהריי־זשעט די גראָז. אַ הונט מיט אָנגעשטעלטע אויערן און פאַריסן עק איז אָנגעשטעלט געשטאַנען און אַזוי פאַרשטענדיק באַטראַכט דאָס אַרומיקע, און דער שעפער האָט געצויגן פון פייפל אַזוינע ווייכע, אומעטיקע טענער און: פעלדער, וועלדער, זיסע פאַרשלעפערנדיקע קלאַנגען, און דער שלאָף פון פרימאָרגן, — שנה של שחרית... יע אַזוי איז׳ס „שנה של שחרית ויין של־צהרים מוציאין את האדם מן העולם״... און דאָס לעבן גייט און גייט, און אָט איז ער שוין פערציק. די עלטער פון גבורה איז אַריבער, די עלטער פון בינה איז אָנגעקומען... בעסער גבורה ווי בינה, און פון הינטן

ליגן פעלדער, וועלדער און דאָס טרויעריקע ווייך־פייפן פון אַ שעפער, יוגנט און זון... דאָס ראָד קייקלט זיך ביז ס׳שטעלט זיך אָפּ, — און שנה של שחרית ויין של־צהרים...

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דער פּסוק פון פּרק האָט זיך אין אים צופיל איינגעגעסן. — וואָס קאָנ׳ס מיינען ?...

**
*

## פערטער קאַפּיטל

### א.

יחזקאל האָט זיך געפילט שבת׳דיק און אויפגעראַמט, זיינע אויגן האָבן געלויכטן, דאָס פּנים געשיינט, אויסגעצוואָגן און בכלל געהאַט אַ פאַרלאַנג אויסצודריקן זיין גוט הארץ צו אַלעמען. לעם אים איז אין טראָט געגאַנגען יצחק „ליטוואַק". יחזקאל האָט פון שול צוזיך געפירט אַן אורח אויף שבת. דערביי געהאַט דעם גרויסן עונג, וואָס מענטשן האָבן, ווען זיי האָבן אויפן זינען, אַז זיי טוען אַ גוטן טאַט. ער איז געווען זייער ריידעוודיק, אַלעמען געזאָגט מיט אַ הייטערן געמיט „גוט־שבת", "גוט־יאָר" און אַזוי אַרום מיט גרויס צופרידנקייט באַטראַכט די פּרייטאָגצונאַכטיקע וועלט.

אָבער ניט אַזוי יום־טוב׳דיק האָט זיך געפילט דער אורח, יצחק „ליטוואַק". עפּעס איז אים געווען ענג און ניט אין אָרט, הגם ער האָט דורך און דורך געהאַט אַ מאָנענדיקן פאַרלאַנג אָנצופּילן דעם „חומר" מיט וואַרעמע און און באַ׳טעמ׳טע שבת־מאכלים.

גיין צו פרעמדע טישן איז בכלל געווען פאַר אים אַן הכבדה און איינע פון יענע אָפּקומענישן, פאַר וועלכע ער האָט זיך תמיד געהיט, ניט דערפאַר, וואָס ער איז חלילה געווען שלעכט געשטימט געגן מענטשן, ווי גיכער דערפאַר וואָס ער האָט באמת ליב געהאַט מענטשן, און דאַרום קיינמאָל ניט געוואָלט זיי דאַקוטשען, פאַלן שווער אום דערמיט ניט צושטערן די גוטע באַציאונג, אָדער שטעלן זיי צו אַ נסיון. ער איז געגאַנגען מיט יחזקאל׳ן „אויף שבת", ווייל ער אָהט אים ניט געקאָנט מעיז זיין, ווען יענער האָט אים אַזוי ברייט און האַרציק פאַרבעטן. אגב האָט ער עפּעס געפילט צו יחזקאל׳ן אַ באַזונדער געפיל, ס׳קאָן זיין דערפאַר, וואָס יחזקאל האָט אים דערמאָנט אָן זיין טאַטן, און תמיד, ווען ער איז פאַר

אים געשטאַנען האָט ער עפּעס געפילט אַזאַ אנגענעם קרובה׳שאַפט און זיך תמיד צוגעהערט מיט פאַרגעניגן צו דעם וואָס יחזקאל האָט גערעדט, דערציילט, געשאַצט דעם פאָלקס־חוש פאַר דאָס זיין אומגעלומפּערטן צאָרן געגן אַלץ וואָס איז פאַלש און צופוילט.

פונדעסטוועגן האָט ער דאָס מאָל גייענדיק ביי יחזקאל׳ס זייט זיך געפילט שווער און געצוואונגען. עפּעס איז אים אָפּגעגאַנגען. ער האָט זיך אַליין ניט געקאָנט אָפּגעבן קיין חשבון פאַרוואָס ס׳איז אַזוי. ער האָט ווי דורך אַ נעפּל אַלץ געזען, וואָס איז פאַרביי זיינע אויגן. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז אים דערוואַרט אין יחזקאל׳ס הויז אַן איבעראַשונג. ס׳איז אים פון דעם געוואָרן וואויל,
— אָבער, וואָס איז די פּעולה?

ער האָט מיט אומעטיקע אויגן געקוקט אין אָוונטיקן חלל, געשפּירט אין דער טונקלקייט פון גאַס דעם אָנקום פון שבת אויף יעדער טראָט: מענטשן זיינען געגאַנגען פון שול, מיידלאַך זיינען געשטאַנען פאַר די טירן, אין די פענצטער האָבן זיך געזען ברענענ־דיקע ליכט, און אַ שאַרפער ריח פון געקאָכטע פיש האָט אַרום מחיה׳דיק געשוועבט, און שבת׳דיקע, אויסגעצוואָגענע אידן האָבן זיך באַוועגט:

— גוט שבת.

— גוט יאָר.

— ווער האָט היינט ביי אייך מקבל־שבת געווען?

— לייבעלע סמירנער.

— נו, ווי איז ער?

— בחיר...

— ביי אונז אין שול איז אויך געווען אַ נייער חזן.

— נו, ווי איז ער געווען?

— ניט שלעכט.

יחזקאל האָט גערעדט צו יצחק׳ן:

— כ׳האָב זייער ליב אַ גוטן חזן. צווישן אונז זאָל׳ס בלייבן, איז אונזער חזן, אַ וואוילער, שטילער איד, נאָר אַ בעל תפילה. גוט פאַר שחרית אָבער ניט פאַר מוסף. ער איז אַ גוטער זאָגער, אָבער האָט ניט קיין קול. מיט עטלאַכע יאָר צוריק, ביזט נאָך דאָ ניט געווען, האָבן מיר געהאַט אַ חזן — בחיר! איינס אין דער וועלט. אַ קול פון אַ לייב. די ווענט פלעגן ציטערן ווען ער

פלעגט אַזוי זיך אַרויסלאָזן אַ „המלך", אָדער אַ „ממקומך מלכנו"... היינט אַ בעל מנגן איינער אין אַ מדינה. נו, וואָס־זשע מיינסטו איז געווען דער סוף?... די ספרד'ישע אידן האָבן אים אויסגעכאַפּט... מער געלט... אַזוי איז'ס. — יחזקאל האָט געזיפצט: אָט אַזוי איז'ס שוין אין אונזער וועלט. די רייכע האָבן ביידע וועלטן...

יצחק האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט. ער האָט געוואָלט אַריינוואַרפן אַ פּאָר ווערטער וועגן עניין "חזן", ווייל ס'איז דאָך ניט שיין אין גאַנצן צו שווייגן, אָבער די צונג האָט זיך ניט באַוועגט, — און וואָס זאָל ער וועגן דעם זאָגן?

אָבער יחזקאל איז געווען אין געהויבענער שטימונג און ס'האָט זיך אים געפילט ווי אַ סך צו ריידן. ער האָט פאָרגעזעצט:

— איך ווייס ניט פאַרוואָס די ספרד'ישע אידן בלאָזן זיך אַזוי קעגן אונזעריקע. אסור אויב איך ווייס, וואָס ס'איז מיט זיי אַזוי דער יחוס? דאַכט זיך אַלע זרע־אברהם. און וואָס איז טאַקי מיט זיי אַזוי די גדולה?... אַלע לויטער פיינע לייט: סוחרים, רופאים, מעקלער, קרעמער, וואָכערניקעס... פיש, פיש — אַ גרויסע מציאה!... אַ בעל־מלאכה איז ביי זיי טריף ווי חזיר...

יצחק האָט כמעט ניט געהערט וואָס יחזקאל האָט גערעדט. ער האָט געקוקט אין דער פאַרנאַכטיגקייט פון גאַס און ס'איז אים אויסגעקומען אַזוי טשיקאַווע: — ווי אין אַ חלום. שוין לאַנג, אַז ער איז אין דער צייט פון אָוונט ניט געווען אין דרויסן. תמיד צווישן די ווענט פון שול. און איצט? ער האָט געקוקט פאַרזיך, געזען דעם טונקעלן פורפור ביים ברעג הימל און זיין האַרץ האָט געקלעמט און געקלעמט. — און מיט אַמאָל האָט ער געהערט ווי יחזקאל האָט געזאָגט:

— דאָ וואוין איך.

אינווייניק אין שטוב איז דאָס אָנקום פון שבת געווען אין פולן באַווייז: אויפן ווייסגעדעקטן טיש זיינען געשטאַנען פיר מעשענע לייכטער, אין וועלכע ווייסע ליכט האָבן לוסטיק געברענט, זיך געשמאָלצן און געציטערט פון דער לופט. אויבן־אָן ביים סוף טיש האָבן זיך בערגלדיק דערהויבן צוויי איבערגעדעקטע חלה לעם וועלכע ס'איז אין פרידלאַכער פאַרגליווערטקייט געשטאַנען אַ קאַראַפין בורשטינפאַרביקער ראָזשינקעס וויין. די דיל איז געווען

באַשפּרינקלט מיט פרישן געלן זאַמד און אַרום האָט געשמעקט מיט גוט איינגעקאָכטן ברוצקע־צימעס.

דעם אורח׳ס אויגן האָבן זיך געזשמורעט פון דעם וויגנדיקן ליכט אין די לייכטער; די ווייס געקאַלכטע סטעלע מיט די דיקע באַלקענס איז געהאנגען צו נידעריק, און האָט אַלץ געהאַט אַ געפיל, אַז אָט וועט ער אויסשמירן זיין היטל אין קאַלך. די אויפגעראמטע שבת׳דיגקייט פון שטוב און שמעקעדיקע וואַרמקייט פון אויוון האָבן אים אַרומגעכאַפּט און איינגעוויקלט אין אַ לאַנג פאַרגעסענער היימישקייט, אים פאַרטראָגן ווייט אויף הינטער — צו די טעג פון זיין קינדהייט.

פון אַלקער האָט זיך אַרויסגערוקט אַ ליכטיק געזיכט מיט שאַרף געצייכנטע שוואַרצע ברעמען און אַזוינע גרויסע אויגן, פּונקט ווי אויף די בילדער, וואָס ער האָט אַמאָל געזען אין אַ הויז אין ווענעדיק. אַ קלאַנג פון טעלער און לעפל, און אַ געזונטער יונג מיט קאָסאָקע אויגן, אַ צופרידן פאַר׳עוסק׳טע פרוי ביים אויוון און יחזקאל׳ס דומפּיק, זינגנדיק קול:

אשת חיל מי ימצא, ורחק מפנינים מכרה,

בטח בה לב בעלה, ושלל לא יחסר...

און דער אורח האָט געקוקט אויף דער פאַרשמאַיעטער האָדע׳ן, וואָס האָט אויף אים צוריק געקוקט מיט גוטע און מילדע אויגן. איר פּנים האָט געלויכטן, אויסגעדריקט טרייהייט און שבת׳דיקע גוטסקייט. אירע באַקען, כאָטש געקנייטשטע האָבן זיך גע־רויטלט, און: —

היתה כאניות סוחר, ממרחק תביא לחמה...

און דאָס ליכטיק פּנים האָט אַרויסגעקוקט פון אַלקער, אַ געקווייטלט טיכל אויפן קאָפּ, און עפּעס אַזוינע קאָנטיקע, אויף איין פּונקט אָנגעשטעלטע אויגן, — און ס׳איז אים געווען אַזוי מאָדנע אומעטיק, ווי באַדויערט פאַר די פרישע טעג פון יוגנט, און אין דערזעלביקער צייט איז אים געווען אַזוי ווייך און ליבלאַך — און ס׳האָט זיך אים געבענקט...

ברוך דער געזעל האָט קרום אָנגעקוקט דעם אורח, און ס׳האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז יעדע פרעמדע מאַנסבילשע אויג, איז דאָ איבעריק. ער האָט זיך בגנבה צוגעשאַרט צו שפרה׳ן און איר אַריינגעזאָגט:

— שיינסט, זעסט אויס ווי אַ יונג ווייבל...

און האָט געלאַכט, געוויזן זיינע געזונטע ווייסע ציין.

און דעם אורח׳ס האַרץ האָט געזונקען און געזונקען: — ערגעץ אין דער וועלט איז דאָ גליק און פרייד — אָבער?...

שפרה האָט געקוקט אויפן געזעל, ווי מ׳קוקט אויף אַ זאַך, וואָס פאַרשטעלט עפּעס, געהאַט אַ דערעסלאַך מינע און זיך אָפּגעקערט.

ברוך דער געזעל האָט זיך געבונדן:

— וואו האָסטו גענומען אַזאַ חן־טיכל?.. קוקסט דאָך אויס ווי אַ ווייבעלע צו דער ערשטער נאַכט...

זי האָט מיט כעס אַ זאָג געטאָן:

— הערסט אויף, ברוך?!...

דער געזעל האָט זיך דערלאַנגט אַ כאַפּ צו איר, און געלאַכט ווי זי האָט זיך צוריקגעצויגן, עפּעס אַ זאָג געטאָן אַ שאַרפן נבול־פה׳דיקן אויסדרוק, און געבליבן צופרידן.

האָדע האָט אויסגעלייגט וואַרימע און שמעקעדיקע שטיקער געפילטע פיש אויף אַ פאַלומעסאָק, און דער ריח האָט צוזאָגנדיק געקיצלט דעם אורח׳ס נאָז, און יחזקאל האָט מיט חשק געזונגען:

ידיה שלחה בכשור, וכפיה תמחו פלך...

איבער יצחק׳ס לייב האָט מיטאַמאָל געשפּאַרט אַ שטראָם וואַרמקייט. ער איז געוואָרן מיט עפּעס פול. זיינע אויגן האָבן באַגעגנט אַ פּאָר פולע, גלאַנציקע אויגן געפראַמט אין שאָטן, — אויגן אַזוינע ווייכע, אָבער אין דערזעלביקער צייט אַזוינע האַרץ אָנגרייפנדיקע, און ס׳האָט אים גענומען נאָגן און מאָנען. ער האָט פאַרשעמט אָפּגעווענדט זיין קוק און יחזקאל׳ס, אַצינד, גיך לויפנ־דיקער קול האָט כסדר געשאָטן:

שקר החן והבל היופי, אשה יראת ד׳
הי תתהלל, תנו לה מפרי ידיה
ויהללו בשערים מעשיה...

— גוט שבת, גוט שבת!...

און די שטוב האָט זיך אָנגעצויגן מיט אַ נייער הויט: ס׳איז געוואָרן אַביסל פרייער, און האָדע האָט צופרידן געזאָגט:

— גייט וואַשט זיך.

אין לויף פון מאָלצייט איז יצחק געוואָר געוואָרן, אַז דאָס

יונגע מיידל שפרה איז יחזקאל׳ס ברודער׳ס אַ טאָכטער, געקומען מיט אַ פּאָר חדשים צוריק פון פּוילן. דאָס אַלץ האָט אים יחזקאל מן־הצד דערציילט, כדי ס׳זאָל אים ניט אויסקומען קשה, און איז דערווייל אויסן געווען צו פאַראינטערעסירן אים. פּאַרטיק געוואָרן מיט דעם האָט ער אַ קירעווע געטאָן דעם שמועס אָן אַזייט.

יצחק איז געזעסן ווי אויף געברענטע קוילן. דאָס עסן הגם באַטעמ׳ט, איז אים ניט איינגעגאַנגען. ס׳האָט זיך אים אַלץ געדאַכט, אַז ער ווערט אַן ענין פון אויפמערקזאַמקייט און אַלגעמיינע גאַסט־פריינטשאַפט. ס׳איז אים איינגעפאַלן, אַז גוטסקייט מאַכט אַ מענטשן שוואַך און אומבאַהאָלפן. דער אַבסאָלוטער אמת ליידט: מ׳קאָן ניט זיין אין גאַנצן אמת׳דיק קעגן מענטשן, וואָס ווייזן צו דיר אַרויס צופיל גוטסקייט. צופיל אַרויסגעוויזענע גוטסקייט פאַרקנעכט אַ מענטשן: קאָנסט זיך ניט ווערן, און קאָנסט דאָס מויל ניט עפענען. אַזוי האָט ער זיך אַצינד געפילט. ער האָט אויסגעמיטן די אויגן פון די הויזיקע, אָבער ער האָט זיי אויף זיך געפילט, ווי מ׳פילט אָפט דורך די פאַרמאַכטע אויגנדעקלאַך די ליכטיגקייט פון דער זון. ער האָט פון צייט צו צייט אויפגעכאַפּט די צוויי מיידלשע אויגן, דערפילט ווי ס׳שטייגט דאָס בלוט צום פּנים און אַ נאָגנדיקער באַגער דראשעט אין האַרצן, און אַזאַ העפטיק מאָנענדיקע אומרואיגקייט פאַרשפּרייט זיך אין לייב און בלוט.

יחזקאל האָט גערעדט וועגן דער אַלטער היים, אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט, אָנגעוויזן, ווי דאָס לעבן איז דאָ גאָר אַנדערש. דאָ איז בעסער, זיכערער, מ׳דאַרף אַזוי ניט ציטערן, אָבער פונ־דעסטוועגן איז עפּעס ניט דאָס! ס׳פעלט עפּעס!...

האָדע, כאָטש זי האָט ניט גערעדט, איז אָבער געווען איינ־פאַרשטאַנען מיט יחזקאל׳ן. איר פּנים, איר באַנעמונג האָבן עס דייטלאַך געוויזן. שפרה איז געווען פאַרטראַכט, געעסן אָן חשק. ברוך דער געזעל האָט ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון טעלער: געעסן מיט אימפּעט און רוגזה, פון צייט צו צייט פרעך אַ קוק געטאָן אויף שפרה׳ן, געטראַכט ווי אַזוי זי אַרויסצוקריגן אין גאַס נאָך וועטשערע.

יחזקאל האָט מעשה בעל־הבית גערעדט:

— הערט וואָס איך וועל אייך זאָגן. יע, איך בין שוין אין סטאַמבול אַן ערך, יע, אַן ערך פון אַ יאָר צוואַנציק... יע, האָדע?

ס'וועט ווערן צוואַנציק יאָר נאָך סוכות... נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגן?... אין צוואנציק יאָר ווערט דאָך אַ מענטש אַ ביסל צוגעוואוינט צו אַ פּלאַץ... שוין גענוג צייט, פונדעסטוועגן וועל איך אייך זאָגן, אַז ס'גיט אַמאָל אַ צי אין האַרצן, און מ'ווערט עפּעס אומעטיק... ס'טרעפט אַמאָל ביינאַכט פאַר פּסח אָדער ראש־השנה מ'זיצט און מ'אַרבעט מיט אַמאָל טוט עפּעס אַ בלאָז אַ ווינטל און ס'טוט עפּעס אַ פאַרשמעקן מיט געברענטע קאָרטשעס, אָדער פרישע מצה, אָדער צייטיקע אייבס, און מ'דערמאָנט זיך אָן שטעטל, די מענטשן, שולהויף, דער מאַרק... אַך, קינדער — צווינציק יאָר!... עפּעס אַ קליינינקייט צוואַנציק יאָר!...

און האָט זיך אָפּגעזיפצט, געהאַט אַ מינע פון איינעם, וואָס פילט מיט טרויער ווי דאָס לעבן גייט אַוועק.

יצחק איז אויך אַריינגעפאַלן אין דער מרה־שחורה'דיקער שטימונג און זיך אויך דערמאָנט אָן זיין שטעטל ערגעץ אין ליטע, און ס'איז אים אויסגעקומען אַזוי ווייט און פרעמד דער געדאַנק פון זיין ווען ס'איז פאַרוויקלט אינם געוועב פון צייט און אָרט. און ער האָט זיך דאָך פאַרט געוועבט אין דער גרויער ליידיגקייט פון שטח... און ס'איז אים געוואָרן אַזוי מאָדנע אומבאַשטימט:

— וואָס איז'ס אַלץ? און וואו איז ער איצט ערגעץ אין דער וועלט?... אָבער ס'איז דאָך ניט שיין צו בלייבן אין גאַנצן אַ שווייגנדיקער, און אום אַזוינער ניט צו בלייבן האָט ער אויך אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער אַלטער היים, אָנגערופן דעם נאָמען פון שטעטל און שררה. ביים נאָמען פון גרויסן דוקעס האָט זיך יחזקאל דערלאַנגט אַ כאַפּ און גענומען ריידן מיט דער באַהאַוונטקייט פון אַ מענטשן, וואָס איז גוט אויסגעבונדן אין ספר־היחוס פון אַלע גרויסע פירשטלאַכע משפחות. ער האָט גערעדט:

— די ראַדזיווילס, די וואַריאַטס, ווער קען זיי ניט... זיי שמ'ען דאָך אין דער גאַנצער וועלט... ס'זיינען דאָך דיזעלביקע ראַדזיווילס וואָס אין רייסן, אין אונזער געגנט ניט ווייט פון אונז... שפּילסט זיך עפּעס מיט די ראַדזיווילס... גרויסע דוקעס'ן, פאַר'שדכנ'ט צו אַלע מלכים'שע פאַמיליעס... גרויסע משוגעים!... יעדער איינער האָט אַ באַזונדער שגעון... מ'דערציילט זיך פון זיי אָן זאַכן, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויר... אַזעלכע הולטאַיעס... געדענקסט, האָדע, וואָס אפרים דער שניידער פלעגט זיך אָנדערציילן?...

האָדע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַרויסגעזאָגט:

— קנאַפּ איז ער אַליין זיך פון זיי אויסגעשטאַנען.

שפרה האָט פאַר׳גנב׳עטערהייט ערטערווייס געכאַפּט אַ קוק אויף יצחק׳ן, געוואָר געוואָרן, אַז דער פעטער שרויפט עפּעס און איז געווען גלייכגילטיק, ניט געפילט קיין וועלכן ס׳איז ווידערגעפיל ביים געדאַנק פון ווערן פאַר׳קנס׳ט צום שטילן און פרעמדן מענטשן. זי האָט זיך געפילט אַזוי ווייט פון אָט דעם אַלעם, אַז ס׳האָט זי ניט געאַרט. יצחק, הגם אַ שיינער אין פנים, האָט איר ניט אינטערעסירט, כאָטש ער האָט אויך אין איר ניט אַרויסגערופן קיין ווידערווילן, — עפּעס אַזוי טשיקאַווע: זיצט אַ מאַן, אַ ווייטער, אַ פרעמדער און קאָן נאָך ווערן איר מאַן...

יחזקאל האָט אַצינד געזוכט צו פאַרבינדן זיין משפחה מיט יצחק׳ס. ער האָט געהאַט אַזאַ שוואַכקייט. אַזוי זוכנדיק האָט ער דערגרייכט אַ פונקט, וואו ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט זיינען זיי משפחה פון טאַטנס צד: ס׳איז אויסגעקומען, אַז יחזקאל׳ס זיידע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, אַ געבוירענער אין טראָקי האָט געוואוינט אַ שטיקל צייט לעם לידע און דאָרטן חתונה געהאַט מיט הירשל דעם קירזשנער׳ס טאָכטער גישע. איין טאָכטער האָט חתונה געהאַט אין יצחק׳ס שטעטל און וועדליק דער נאָמען פון יצחק׳ס באָבע איז זי געווען זיין זיידנס ווייבס אַ שוועסטער.

— אָט האָסטו זיך קלאָר! — האָט ער גערעדט מיט זיכער־קייט. — ס׳שטימט דער חשבון! — און געקוקט אויפן גאַסט מיט אַ צופרידענער מינע.

יצחק׳ן האָט זיכ׳ס געלייגט אויפן שכל: ס׳קאָן דאָך געמאָלט זיין, און ס׳איז אים אַפילו ניט איינגעפאַלן צו צווייפלען: וואָס איז דער חילוק? יחזקאל פון זיין זייט האָט געכאַפּט אַ קוק אויף שפרה׳ן, אום צו זען, וואָס פאַראַ איינדרוק די משפחה־קרוב׳שאַפט צווישן אים און גאַסט האָט אויף איר געמאַכט.

ברוך דער געזעל האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך און איז געוואָרן נאָך מער אָנגעבלאָזן, און געטראַכט, אַז זאָל ער זי נאָר אַ כאַפּ טאָן איינע אַליין וועט ער זי שוין זייער גוט אויסטאַפּן: — זאָל זי שרייען, און וועט דערנאָך דערציילן זיין חבר דעם שניידער־געזעל און וועלן זיך ביידע קייקלען פון געלעכטער. ער האָט פונדעסטוועגן געקוקט קרום אויף יצחק׳ן, געמאַכט מינעס

צו שפרה'ן: אויסגעצויגן די נאָז, אַרויסגעשטעקט די אונטערשטע ליפּ און געגלאָטשט די אויגן.

פון צייט צו צייט האָט ער זיך אַריינגעמישט, אַריינגעוואָרפן אַ קלין, און יעדעס מאָל האָט אויף אים יחזקאל אַזוי קרום אַ קוק געטאָן, ניט געוואָלט גאָרנישט זאָגן: ס'איז דאָך עפּעס שבת־צו־נאַכט ביים טיש, און ס'איז דאָ אַ פרעמדער מענטש. אָבער ביי זיך געטראַכט, אַז ער וועט אים שוין אַן אַנדערש מאָל געבן דערפאַר אַ גאָב.

דער געזעל האָט דערביי געלאַכט נאַריש, געוויזן זיין פולן מויל געזונטע ציין, און געוואונקען צו שפרה'ן.

יחזקאל האָט זיך געווענדט צו שפרה'ן און אַזוי כלאחר־יד אַ זאָג געטאָן:

— אונזער אורח איז פון זעלביקן געגנט וואָס מיר זיינען און געהער זיך אָן אָן אונזער משפחה.

שפרה האָט געקוקט אויפן פעטער, געהאַט אַ גלייכגילטיקן פנים, ווי ס'וואָלט איר גאָרניט אויסגעמאַכט, און האָדע האָט פרום אַ זאָג געטאָן:

— כל ישראל חברים.

יחזקאל האָט איר צוגעשיקט אַ שטרענגן קוק, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי האַלט זייער ווינציק פון זיינע השערות וועגן דער קרוב'שאַפט פון ביידע משפחות. ער האָט מיט פאַריבל אַ זאָג געטאָן:

— האָדע, איך ווייס וואָס איך רייד.

יצחק, אָנשטאָט זיך איינצולעבן אין דער שבת'דיקער וואַרעמקייט האָט זיך אַלץ מער גענומען פילן געאיינגטער און באמת זיך דערפרייט, ווען ער'ט דערשפירט דעם איינגעבריטן ריח פון ברוצקע־צימעס און דערזען די געזונטע, אויפגעלעבטע פאַרע זיך לוסטיק אויפגעהויבן פון שיסל, וועלכע האָדע האָט געטראָגן צום טיש. — וואָס דאָס האָט געוויזן אַז דאָס מאָלצייט איז צום סוף.

און ווען ער איז געווען אויף דער אַנדער זייט טיר האָט ער זיך דערפילט פריי, ווי אַרויסגעקומען פון אַ פאַרשטיקטן אָרט, גענומען מיט גרויס הנאה אַריינציען אין זיך די חיות'דיקע נאַכט־לופט, פאַריסן דעם קאָפּ צום הימל, געפילט ווי אַ גרויסע געראַמקייט ווערט אים אַזוי נאָענט, — און דאָרטן און דאָרטן אין דער סופלאָזיגקייט . . .

ער האָט זיך אויף אַ רגע פאַרלאָרן, ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט.

ס'איז געווען אַ צייט, וואָס ער האָט געשטרעבט צו דערגיין וואָס ס'קומט פאָר דאָרטן במרומים. ער האָט דעמאָלט פּלייסיק געלערנט, קעפּלער'ן, קופּערניק'ן. — אַצינד ?

אַצינד אַרט'ס אים מער ניט וואָס ס'קומט פאָר איבער אים דאָרטן צווישן די הימלשע קערפּער... אַצינד אַרט אים די ערד מיט אירע באַוואוינער... קיינער וועט קיינמאָל ניט דערגיין וואָס דאָרט טוט זיך, — אָבער די ערד ?

שפּרייזנדיק איבער די פינצטערע געסלאַך האָט ער אָנגעטראָפן יונגע בחורים, ריידנדיקע, יונגע מיידלאַך זינגנדיקע. דאָס זיינען זיי אַרויס נאָך וועטשערע אין דרויסן זיך פרייען מיט דער יוגנט, און ער האָט וועגן זיך געטראַכט, אַז ער איז ניט געבאָרן געוואָרן זיך צו פרייען, די וועלט פון מעשים איז ניט זיין אָרט, דערביי האָט ער געפילט אַזאַ נאָגנדיקע בענקשאַפט און איז אין גאַנצן אַרומגענומען געוואָרן פון אַזאַ שיינריידנדיקע נאַכטשטילקייט.

אַלץ אין לעבן ציט צו אַ באַשטימטן אָרט, — איז אים איינגעפאַלן און דערביי געהאַט אַ פּאָעטישע הנאה פון פילן דעם משקל פון אַזאַ שורה: — אַלץ אין לעבן ציט צו אַ באַשטימטן אָרט...

דערנאָך האָט ער זיך געוואונדערט אויפן זין פון דער נאָר וואָס אַרויסגעשמידטער שורה: פאַרוואָס איז'ס אים גאָר איינגעפאַלן ?...

די אנגענעמע פרידלאַכקייט פון דער מחיה'דיקער זומער נאַכט האָט אים אנגעשטימט צו טראַכטן וועגן פעלדשטילקייט: — איינער אַליין ביינאַכט אין פעלד.

ס'איז אים אַרויף אויפן זינען, ווי מיט יאָרן צוריק אויפן וועג קיין ליוואָרנאָ, האָט אים די נאַכט איבערגענומען און ער איז געבליבן נעכטיקן לעם אַ קאָרן־פעלד, — און אַזאַ טיפע שטילקייט און פרידלאַכקייט, געשטערט און פאַרטיפט פון דער איינטאָניקער און כסדר'דיקער גרילינקייט, וואָס דאָס האָט נאָך מער די זשומנדיקע שטילקייט אויסגעצייכנט און פאַרבאַדייט. ער איז דעמאָלט געלעגן אויסגעצויגן מיטן פנים אַרויף און געקוקט און געקוקט אין טיפן סאַמעט געהעפט און פיין געצייכנטע אוזאָרן, געפילט דעם גרויסן גענוס פון אויפלייזן זיך אין אַ געוועב פון אַ קינסטלער.

און פון ערגעץ, פון אָט דעם פינטלדיקן נאַכטגעוועב האָבן אַצינד געקוקט אויף אים אַ פּאָר אויגן, — אַ דערקוויקנדיקע וואַרמקייט איז זיך צוגאַנגען איבערן לייב.

פאַרוואָס לעבן מענטשן, לעבן און שטאַרבן? — האָט ער זיך אין מיטען געפרעגט און זיך אויפן אָרט גע׳חידוש׳ט אויפן זין פון דער פראַגע. ווי קומט׳ס ער זאָל זיך פרעגן אויפן קול אַזאַ שאלה?... עפּעס טשיקאַווע מיטן מענטשלאַכן גייסט. אָפט מישן זיך אין אים אַזוינע זאַכן, וואָס האָבן לפנים גאָר קיין שייכות ניט מיט זיין תוכן.

ער איז געוואָרן אויפגערעגט און גענומען גיכער גיין.

שפּעטער איז ער, אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט אַ צייט אַרומגעגאַנגען הין און צוריק און אימפּעטיק געטראַכט וועגן פאַרשיידענע און ווייטע ענינים.

ער האָט געטראַכט וועגן דעם ווי דער גורל פון יעדן מענטשן איז אַ שפּילצייג אין אימעצענס הענט. ס׳איז אים אַרויף אויפן זינען יהודה הלוי און האָט מיט באַדויערן געפילט דעם פינצטערן גורל פון אומגליקלאַכן משורר: — דאָס האַרץ צואווייטיקט פון גרויסן פּאַלקסאומגליק, צעריסן פון נאָגנדיקן באַגער נאָך קיום הלאומה, זיך געצויגן צו שפּירן דעם שטויב פון אַמאָליקער גרויסקייט, קושן דעם באָדן פון צוגעזאָגטן לאַנד — און געפאַלן צעטראָטן פון לייכטפוסיקע קאָפּיטעס פון אַן אַראַבישן פערד...

דערנאָך האָט ער געטראַכט וועגן רמב"ם מיט וועמען ער איז אין פילע פרטים ניט געווען איינפאַרשטאַנען, דערהויפּט מיט דאָס אַריסטאָטעלישע און מיט די צוויי אמת׳ן, וואָס דערגייען צום מענטשן: איינער דורכן ווען גאָט, דער צווייטער דורכן פאַרשטאַנד. ער האָט פאַרזיך גע׳חקירה׳ט: ניטאָ קיין צוויי אמת׳ן נאָר איינער, ווי גאָט איז איינער. אַזוי ווי די השגה גאָט קאָן אַנדערש ניט עמפונדן ווערן ווי נאָר דורכן שכל, אַזוי אויך דער באַגריף אמת. גאָט און אמת זיינען איינס ווי דער מענטש און זיין שאָטן. דער אמת איז דער שאָטן פון גאָט. און אויב ס׳איז ניטאָ קיין גאָט איז ניטאָ קיין אמת...

ער האָט זיך פאַרטראַכט:

קאָנ׳ס געמאָלט זיין אַז אַן גאָט איז ניטאָ קיין אמת?

ס׳איז אים געוואָרן ענג. עפּעס האָט זיך אין זיין קאָפּ ניט

איינגעלייגט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. ס׳איז אים געווען ניט ניחא. ס׳איז אים איינגעפאַלן אויף אַ רגע אַ געדאַנק, וועלכן ער האָט גלייך פאַרשאַרט אָן אַ זייט, ניט געוואָלט גאָר טראַכטן: מאַלע וואָס, מאַלע וואָס ? — האָט ער נאָכאַנאַנד צו זיך גערעדט.

ער האָט געקוקט אַרום זיך, באַגעגנט טונקלקייט, געגאַנגען און געהערט דאָס שומנע הילכן פון זיינע טריט, געהאַט די עמפינדונג פון זיין אין אַ וואַלד, געהאַט אַ בענקשאַפט נאָך ליכט, וואַרמקייט און ליבלאַכע צערטלאַכקייט, און ס׳איז אים אויסגעקומען אַזוי טשיקאַווע, וואָס ער געפינט זיך דאָ איינער אַליין צווישן שאָטנס פון דער נאַכט, און ס׳האָט אים דערלאַנגט אַ שלאָג: און אפשר איז ער איינער פון די שאָטנס, אַביסל נאָר באַלויכטן פון אימעצענס אַ רעיון ?...

ער האָט געטראַכט: דער רמב״ם האַלט זיך פעסט אָן אַריסטאָטל׳ס שיטה. דאָ זיין טעות. פלאַטאָן, — גאָר אַנדערש. סאָקראַטעס — אַ איד...

ער איז געוואָרן אויפגערעגט, געפילט זיין אייגענעם פנים. ער איז צוגעקומען צום פענצטער, אַריינגעקוקט אין דער נאַכט, דערביי חיות׳דיק אויף זיך געפילט דאָס איידעלע בלאָזן פון לייבגלעטנדיקן ווינטל. ער האָט אַזוי געקוקט און געקוקט ביז ס׳איז געוואָרן צו מוט ווי ער וואָלט זיך באַהעפטן מיטן כשוף, וואָס ווייעט פון פינטלדיקן נאַכטגעוועב: — אַזאַ כשוף, וואָס האַלט לעבן, נשמה און גוף געבונדן מיט פעדים פון טויזנטע באַגערן און פאַרלאַנגען.

ב.

אין אַ צייט אַרום איז יצחק ליטוואַק געזעסן ביינאַכט הינטערן בימה ביים סטענדער פאַר אַ חלב׳ן ליכטל און אַריינגעקוקט אין אַ ספר וואָס איז פאַר אים געלעגן, און אין דערזעלביקער צייט גאָר געטראַכט וועגן אַנדערע זאַכן, — זאַכן, וואָס האָבן גאָר אַ קנאַפּע שייכות מיט דעם וואָס אין ספר. ער האָט געטראַכט, אַז ס׳איז שוין צייט זיך אַרויסצולאָזן אויפסניי אויף דער וועלט, שוין צופיל זיך פאַרזעצט אויף איין אָרט, און אגב... דאָ איז ער געבליבן שטיין, איבערהיפּט דאָס, וואָס איז באמת די סיבה פון זיין וועלן זיך אַרויסלאָזן אויף דער וועלט, און איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע רעיונות.

מיט אַמאָל האָט ער אָנגעשטעלט די אויערן, געוואָרן וואַכיק: הינטער דער בימה האָט די טיר געסקריפּעט, און באַלד האָבן טריט געהילכט אין חלל. ער האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, געקוקט אין דער טונקלקייט: — ווער קאָנ׳ס זיין?

אַ פיגור האָט זיך סודות׳דיק אַרויסגערוקט פון דער פינצטערער מאָסע. ער האָט אָנגעשטרענגט זיין בליק.

צו אים איז צוגעקומען אַ מאַן מיט ספּריטנע אויגן, שוואַרץ שפּיציק בערדל און שיטערע וואָנצן, אָנגעטאָן אָרעם און שלומ־פערדיק, דאָס פּנים איז אים פאַרגעקומען באַקאַנט.

דער אָנגעקומענער האָט אויף אים געקוקט מיט שפּיציק שמייכלענדיקע אויגן, זיך ניט געאײַלט צו נתגלה ווערן, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר האָבן אַ געוויסע הנאה דערפון, וואָס יצחק דערקענט אים ניט גלייך: — און זאָל ער אַ ביסל קניטשן דעם שטערן.

יצחק האָט שוין געהאַלטן ביי פרעגן די געוויינלאַכע פראַגע: ווער זייט איר? אָבער יענער האָט אים פאַרכאַפּט מיט דעם וואָס ער האָט אַזוי פאַר׳חידוש׳ט געפרעגט:

— איטשע, דערקענסט מיך ניט?

יצחק האָט געזשמורעט די אויגן, געקוקט און געקוקט, מיטאַמאָל זיך דערלאַנגט אַ כאַפּ:

— אָ, אָ, דוד־חיים!

— דוד חיים מיט די ביינער! — שלום!

און האָבן זיך געגעבן די הענט.

יצחק האָט זיך דערלאַנגט אַ רוק, מיט דעם אַרויסגעוויזן זיין ווילינגקייט פון אַ באַלעבאָס אויפצונעמען דעם אורח, און געזאָגט:

— גאָרניט דערקענט. אין מיטען־דערינען, זיך קיינמאָל ניט געריכט.

דער אָנגעקומענער האָט גענומען באַטראַכטן יצחק׳ן מיט אַ מינע פון וועלן אָפּזוכן אין אים אַזוינס אָן וואָס ער זאָל זיך קאָנען דערמאָנען, און צום סוף אַרויסגעזאָגט:

— דערזעלביקער איטשע, אויף אַ טאָג ניט עלטער געוואָרן. שוין צען יאָר, אַז מיר האָבן זיך ניט געזען?

— בערך.

— נו, און וואָס?

— גאָרנישט.

— אַזוי איז׳ס.

— פון וואַנען קומסטו אַצינד ?

דוד־חיים האָט צוגעצויגן אַ סטענדער, זיך געזעצט און מעשה דערפאַרענער מענטש פאַרנומען די האַנט אין קרייז און ווי אַזויזיך אַרויסגעזאָגט :

— פון גאָר דער וועלט.

— האָסט זיך אַרומגעוואָגלט ?

— וואו די וועלט האָט אָן עק.

— פון וואַנען קומסטו אַצינד ?

— אַצינד קום איך פון אַמסטערדאַם האַאַג.

— ביזט שוין דאָ לאַנג אין סטאַמבול ?

באַלד אַ וואָך. דיך אַרומגעזוכט די גאַנצע צייט. זיך קאַם דערפרעגט.

— האָסט געוואוסט, אַז איך בין אין סטאַמבול ?

— אודאַי. באַגעגנט אין האַאַג שמואל׳יקן דעם פוילישן. ער האָט׳ס מיר געזאָגט... נו, וואָסזשע מאַכסטו ? בקו הבריאה ?

יצחק האָט ניט געקאָנט סובל זיין, צי דער שמועס, וועלכער זאָל ניט זיין, איז אים געווען נוגע, דאַריבער האָט ער אָן חשק געזאָגט :

— ווי דו זעסט.

דוד־חיים האָט אַ רוק געטאָן דעם אָפּגעניצטן טורבאַן אָן אַ זייט, אויפגעעפנט די אויסגעדריבלטע לוסטרינענע קאַפּאָטע, פון וואַנען ס׳האָט אַרויסגעקוקט אַ שמוציקער אַרבע־כנפות מיט געלבע געקרייזלטע וואָלענע ציצות, און זיך דערפילט היימיש, זיך אַרומגעקוקט און גערעדט :

— נשקשה פון אַ שול. וואָס פאַראַ סאָרט מענטשן ?

— וואוילע מענטשן. דאָס רוב בעל־מלאכות.

— ס׳מיינט אָרימע לייט.

יצחק האָט געצויגן די אַקסלען :

— וואָס איז די נפקא־מינא ?

דוד־חיים האָט זיך אַ קרים געטאָן און געזאָגט :

— ס׳איז שוין גאָר אַ נפקא־מינא... דאָס עסן, די איבעריקע זאַכן.

— מיך אַרט׳ס ניט, אַבי מענטשן.

— אַזוי ביזטו די גאַנצע צייט דאָ? און איך בין שוין אויסן געווען אַ וועלט...

— ווייסט דאָך, אַז מ'זיצט זיצט מען.

— נו, איטשע, איך פרעג דיך, וואָס וועט זיין דער סוף?

— ווער ווייסט?

דוד־חיים האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צום עמוד, זיך קורצזיכטיק איינגעקוקט אין די פּאַרטושעוועטע ווערטער, וועגן עפּעס אַ טראַכט געטאָן און זיך פאַרקרימט, גלייך ווי ס'וואָלט אים אין ערגעץ אַ שאַרף שטאָך געטאָן, דערנאָך איז ער צוגעקומען צו יצחק'ן, זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ געשטעל און מינע ווי צו אַנטדעקן עפּעס. ער האָט זיך אַ נעם געטאָן ביי דער געבערדלטער מאָרדע און מיט פיל חשיבות אָנגעהויבן:

— מ'רעדט, איטשע, וועגן אַ סוף, וועגן אַ תכלית, נו פרעג איך וואָס וועט טאַקי זיין דער תכלית? וואָס וועלן מיר זיך אַרומדרייען ווי נאַרן אויף אַ חתונה? אַ מענטש, נאָך אַלעמען, דאַרף זיך צו עפּעס פאָרט צושלאָגן. וואָס, ס'איז אַ תכלית אַזוי אָפּליגן דאָס גאַנצע לעבן און פאַרפוילט ווערן? ס'איז ווי אין פּסוק שטייט: לא טוב לאדם להיות לבדו — הערסט?...

יצחק האָט אויף אים געקוקט מיט גוטע אויגן, אים מיטגעפילט, און ס'האָט אים פאַר עפּעס באַנג געטאָן.

דוד־חיים האָט גערעדט:

כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, מיר איז שוין נמאס געוואָרן אַזוי כסדר צו זאָגן: „גירא בעיניך שטן" ... איך וויל חתונה האָבן. וואָס איז דער תכלית אַזוי?

יצחק האָט געשמייכלט:

— נו, וואָס איז די מניעה?

— טאַקי ניט קיין מניעה מער... כ'האָב זיך פאַר'שדכנ'ט, טאַקי דאָ אין סטאַמבול.

— זאָל זיין מיט מזל.

— נו, וואָס איז עפּעס מכח דיר?

— איך וועל שוין מסתמא פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור.

דוד־חיים האָט איינגעבויגן פאַרטרוילאַך דעם קאָפּ צו יצחק'ס אויער און שטיל געפרעגט:

— ס'גלוסט דיך זיך קיינמאָל ניט קיין אשה?

ס׳האָט יצחקן אַ שפּאַר געטאָן דאָס בלוט אין פּנים, און ער איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ בושה־געפיל, און אין דערזעלביקער צייט האָט אַ ווייטאָקדיק באַגער אַ צופּ געטאָן דאָס האַרץ און ס׳האָט אים אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן אַ געשטאַלט מיט גרויסע אויגן און אָפּשטייענדיקע שטייפע בריסט און זיין האַרץ האָט געשרומפּן פון פאַרצערנדיקער תאווה.

דוד־חיים האָט געמאָנט:

— וואָס שווייגסטו?

יצחק האָט מיט אַ דערעסלאַכע מינע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און פאַרשעמט געזאָגט:

— לאָמיר דערפון בעסער ניט ריידן.

דוד־חיים האָט געלאַכט:

— שעמסט זיך?

— וואָס איז דער חילוק?

— ס׳איז אַ אידישע זאַך.

— גענוג. לאָמיר ריידן וועגן אַנדערע זאַכן.

דוד־חיים האָט זיך גענומען קראַצן, געמאַכט אַ זויערן פּנים און גערעדט:

— אַן אומגליק די דריי וואָכן, מ׳קאָן אין אַ מרחץ ניט גיין... ס׳בייסט שרעקלאַך.

איבער יצחק׳ס לייב האָט גענומען קריכן אַ לייכטע בייסעניש. ער האָט געפרעגט:

— האָסטו וואו צו שלאָפן?

— דערווייל יע, ביי מיינעם אַ בן־עיר, דערזעלביקער, וואָס האָט אויסגעפירט דעם שידוך.

יצחק האָט זיך פאַרטראַכט. ס׳איז אים מיטאַמאָל אַלץ אויסגעקומען אַזוי מאָדנע ווייט: — דוד־חיים, אַ טונקעלע שול, אַ פּאָר חלב׳נע ליכטלאַך און אַ דערעסלאַכע בייסעניש איבערן גאַנצן לייב.

דוד חיים איז בטבע געווען אַ ריידעוודיקער. ער האָט אַ רגע ניט געקאָנט בלייבן שטיל. ער האָט ניט געקאָנט משיג זיין ווי אַזוי אַ מענטש קאָן זיך איינהאַלטן און שווייגן ווי איטשע. אין דער צייט וואָס יצחק איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער האָט זיין קאָפּ געאַרבעט וועגן וואָס צו ריידן. ס׳איז אים עפּעס איינגעפאַלן און זיך דערלאַנגט אַ כאַפּ:

— ווייסטו, איטשע, ווען איך האָב באַגעגנט אין האַג? ווען ווערסט קיינמאָל ניט טרעפן...

יצחק האָט אים אָנגעקוקט:

— ווען?

— געדענקסט, איטשע, ברוך ספּינאָזאַ פון אַמסטערדאַם? דער וואָס מ'האָט מחרים געווען... מיר זיינען דעמאָלט אין שול געווען. געדענקסט?

יצחק'ס אויגן זיינען גרעסער געוואָרן און האָט נאָר שטיל געזאָגט:

— יע, איך געדענק.

דוד־חיים האָט ווייטער געטריבן:

— כ'האָב אים געטראָפן אין האַג. כ'האָב אים געפונען זיצנדיק אין דרייען איינגעבויגן ביי אַ קליין וואַרשטאַט שלייפנדיק גלעזלאַך פאַר שפּאַקולן.

יצחק האָט זיך גע'חידוש'ט:

— אַזוי גאָר. וואָס מאַכט ער? איז ער אַ מרי־נפש?... געווען אַ שוואַכער...

דוד־חיים האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— די וואָס ווינשן אידן בייז זאָלן אַזוי אויסזען: — הויט און ביינער. זיצט איינגעקאָרטשעט, דאָס פּנים דאַר און אַיינגעצויגן. הוסט, זיצט און פּורקעט זיך מיט גלעזלאַך.

— האָסט מיט אים גערעדט?

— וואָס איז דער חידוש?

— וואָס טוט ער אויסער שלייפן גלעזלאַך? געהאַט אַ גאון'ישן קאָפּ.

— איך האָב אים געפרעגט אויב ער איז שוה־בשוה מיט דער וועלט און מיט די רבנים, וואָס האָבן אים מחרים געווען, האָט ער געשמייכלט, געזאָגט אַזוי בנעימות'דיק, אַז ער האָט בכלל אויף קיינעם קיין תרעומות ניט. ער האָט אויף דיר נאָכגעפרעגט, גערעדט וועגן די נעכט וואָס מיר פלעגן זיך אַזוי היצן וועגן תורת־משה און רמב"ם און אויך וועגן אַריסטאָטעלן. און וואָס איך האָב זיך צומאַטערט אַרויסקריגן וועגן אים אַליין, צי ער שרייבט ספרים, — אַ וואָרט ניט! אַ טשיקאַווער מענטש. תמיד געווען אַזוינער. געדענקסט? געהאַט אַ שטיקל שגעון. אַ פּרוש, אַ גריבלער, געקאָנט גוט לאַטיין...

— אָבער וואָס טוט ער פאָרט ? — האָט יצחק מיט אומגע־דולד געפרעגט און געווען זייער נייגעריק צו הערן וואָס ער טוט אויסער די מלאכה.

— איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז איך האָב פון אים גאָרנישט געקאָנט אַרויקריגן, נאָר ווי אַנדערע האָבן מיך איבער־געגעבן שרייבט ער אַצינד אַ ספר אין לאַטיין וואָס וועט מרעיש עולם זיין.

יצחק האָט פאַרטראַכט אַרויסגעזאָגט :

— יע, דוד־חיים, ער איז אַ גרויסער גייסט. די וועלט וועט ווען ס׳איז מיט אים זיין פול.

— מיינסט ער איז גרעסער פון רמב"ם ?

— ביזט אַ קינד, וואָס איז שייך גרעסער ? ווער קאָנ׳ס מעסטן ?

— כ׳מיין ביזט דאָך אויך עפעס אַ שטיקל פילאָזאָף.

יצחק האָט זיך פאַרטראַכט, געלאָזט אַלץ הענגען אין דער לופטן, און איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַזאַ אַנגענעמע ווייסקייט, וואו אַלץ ווערט קלאָר און אָפען. באַלד אָבער איז ער געקומען צוזיך און אַן אומצופרידנקייט האָט אין אים סיסלאַכווייז גענומען געדייען. ס׳האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס ער איז ניט ווי ברוך ספינאָזאַ, פאַרוואָס ער האָט אָפּגענויגט זיין לעבן אָן אַ זייט, פאַרפירט אים אין אַ שטילן וואַסער. אויף אַ רגע האָט אין אים אויפגעלאַמט אַ פאַרלאַנג צו זיין אַ וויכטיקער מענטש און שרייבן וויכטיקע ספרים. באַלד אָבער איז דער פאַרלאַנג אויסגעלאָשן געוואָרן און איז געבליבן ליידיק.

דוד־חיים האָט גערעדט :

— ווייסט, איטשע, איך שרייב שירים.

יצחק האָט זיך אויפגעטשוכעט, געהאַט אַ געפיל פון אויפוועקן זיך, פון קומען פון ערגעץ, ער האָט אים אָנגעקוקט :

— שרייבסט שירים ?

דוד־חיים האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין בוזים, פון דאָרט אַרויסגעצויגן אַ פעקל כתבים, זיך געפּאַרקעט און דערנאָך אַרויס־גענומען אַן איינציק פאַרגעלבט בלאַט און געזאָגט :

— ס׳איז אַ קליין ליד, אין וועלכן איך באַקלאָג זיך אויף מיין גורל. ווילסט הערן ? — און גענומען לייענען :

בין ככבי שחק,

בליל קיץ נאה
ראיתי גם ככבי.
כולם יצאו במחול,
וגם הם מזהירים
בנוגה אבני יקר,
אבל ככבי —
אבל וחפוי ראש...

דוד־חיים האָט אויפגעהויבן די אויגן פון כתב־יד, זיי אָנגעשטעלט אויף יצחק׳ן, געוואָלט דערגיין וואָס פאַראַ רושם דער שיר האָט אויף אים געמאַכט. יצחק האָט געשוויגן. דוד־חיים האָט גיך גערעדט:

— דער שיר איז אין רוח פון אברהם אבן־עזרא... איך האָב אים זייער ליב. ער איז צו מיין האַרצן מער ווי יהודה־הלוי. פאַרשטייסט, ער איז דאָס וואָס ער איז. ער קאָן פון זיך און פון דער גאַנצער וועלט גוטמוטיק לאַכן... יהודי הלוי איז שוין וואָס אַנדערש, אַ משורר לאומי. די אומה איז ביי אים איבער אַלץ. דער אבן־עזרא איז מענטש... איך גלויב, איטשע, אַז אין אַ סך פּרטים בין איך געראָטן אין אבן־עזרא: אַזאַ עני מדוכה, אַזאַ אָרומוואָגלער, אַ פרייליכער לונג און לעבער, איצט האָב איך נאָך געדאַרפט קאָנען שרייבן לידער ווי ער! — און האָט געלאַכט.

יצחק האָט געשמייכלט:

— איז דאָך גוט.

דוד־חיים האָט אויף אים געקוקט מיט גלאַנציקע אויגן און מיט זיי געמאָנט:

— נו, ווי געפעלט דיר דער שיר? אַפילו אָן גראַמען, אָבער דאָס איז׳ס ניט דער עיקר. דערהויפּט איז דאָך דער רוח השירה... זאָג, איטשע, שעם זיך ניט.

יצחק איז געוואָרן רויטלאַך. ס׳איז אים געווען שווער צו ריידן און זיין אַ מבקר. ער האָט זיך פאַרענטפערט:

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, דוד־חיים, איך בין קיין מבין ניט... מיר דאַכט זיך ס׳איז אַביסל תמימ׳דיק. ביזט צו אַלט פאַר אַזוינע שירים...

דוד־חיים האָט זיך געפילט אויפגעראָמט. ער האָט גערעדט:

— אַך, דו ווייסט ניט. איך האָב גאַנצע בערג שירים. איך

האָב העקזאַמעטערן, און אַלעקסאַנדרינען, סאָנעטן, — אַלערליי חרוזים... ווילסט וועל איך דיר לייענען...

יצחק האָט אים אָפּגעהאַלטן:

— אַן אַנדערש מאָל. מיין קאָפּ איז ניט פאַר שירים היינט. לאָמיר בעסער אַזוי שמועסן.

— פונמיינעטוועגן.

ביידע האָבן געשוויגן. דוד־חיים האָט זיך גענומען קראַצן, געהאַט אַן אויסזען פון איינעם וועמען ס'קוועטשט אַ שוך. ער האָט גערעדט:

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך וויל שוין ס'זאָל זיין שבת־נחמו. איך וואָלט זיך מחיה געווען מיט אַ מרחץ... יע, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן, יע, ביי אייך אין סטאַמבול קערט זיך דאָך וועלטן: שבתי־צבי. וואו מ'גייט, וואו מ'שטייט — שבתי־צבי! דער מלך־המשיח, דער גואל, און היינט די לידער וואָס מ'זינגט... וועסט אויף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, איטשע, — שלעכטע לידער...

— און וואָס הערט זיך טאַקי, דוד־חיים, אויף דער וועלט?

— האָט יצחק געפרעגט, — טומלען זיך דאָרטן די אידן ווי דאָ?

דוד־חיים האָט אויפגעלעבט. זיין פנים האָט אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג זיך צו טיילן מיט אַלץ וואָס ער ווייסט. ער האָט מיט הנאה גערעדט:

— וואָס פרעגסטו, וואָס ווייסטו? נאָך מער ווי דאָ. ס'קערט זיך הימל און ערד. אַן אמת'ע מהפכה. וואו דו קומסט: — שבתי־צבי, שבתי־צבי... דער קול פון שופר של משיח. עקבותי־דמשיחא, די גאולה, דער קץ, מ'קאָן משוגע ווערן. פון קליין ביז גרויס נשים וטפים, פון יונג ביז אַלט — אַלע גרייטן זיך און זשומען ווי בינען... היינט די בתולות, זיי קערן גאָר וועלטן. אַלע ווילן זיך מתדבק זיין מיטן מלך־המשיח. — דאָ האָט ער מעשה כוואָט אַ וואונק געטאָן מיטן אויג און יצחק איז רויט געוואָרן. ער האָט ווייטער געטריבן: — ס'קערט זיך וועלטן... די לופט איז פול מיט גאולה, אַ סך גיבן אויף זייערע מסחרים, אַ סך פאַרהאַנדלען מיט קריסטלאַכע סוחרים, און אַלע זיינען גרייט זיך אוועקצולאָזן אין ירושלים. ס'טוט זיך אַזוינס וואָס דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן: מ'טאַנצט אין די גאַסן, מ'זינגט און מ'שיכור'ט,

מ׳רייסט זיך פאַר די נעזער, — ס׳איז אַ גאַנצע בהלה... אין אַמסטערדאַם אין שול איידער איך בין אַוועק האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעגע צווישן שבתי־צבי׳ס חסידים און זיינע מתנגדים, מ׳איז שיר אָן קעפּ ניט אַוועק. ס׳האָט זיך געטאָן אַזוינס אשר לא יעשה בישראל... נו, וואָס וועט זיין דער סוף פרעג איך דיר? איך האָב זייער מורא פאַר ניט קיין גוטן סוף. וואָס זאָגסטו?

יצחק האָט געקוועטשט די פּלייצעס:

— ווער ווייסט.

דוד־חיים האָט זיך געקראַצט, געוואָרן פילאָזאָפיש און גערעדט:

— איטשע, איך זאָג דיר אַז אַ מענטש אָן מזל זאָל ניט געבאָרן ווערן. צו וואָס זיך מוטשען אויף דער וועלט? אַזאַ שקרן, אַזאַ ליידיקע כלי — און זעסט? נעם ברוך שפּינאָזאַ, מיר האָבן אַ סך געזאָגט, אַז ער איז אַן אדם גדול, און זעסט מאַטערט זיך און בלענדט די אויגן עפּעס ביי גלעזלאַך, קיינער ווייסט פון אים ניט, קיינעמ׳ס דאגה איז ניט וואָס ער טוט, — פון זייערטוועגן זאָל ער אויסגיין פון הונגער — און דער? לעבט אַ גאַנצן לעבן אין רחבות און ס׳קאָכט מיט אים די וועלט, וואָס איז, ער זאָגט צו זיי אויסצולייזן... ווי אַזוי, וואָס ווען? — און ער האָט געצויגן אין דער הויך די אַקסלען מיט אַ מינע פון ניט וויסן וואָס ס׳טוט זיך מיט די פאַרפירטע מענטשן, — געדענקסט דאָך אים מיט פופצן יאָר צוריק? זיך אַריינגעלאָזן אין קבלה, אַ קאָפּ אַ גוטן האָט ער, און דאָרטן — שווים. ס׳איז קיין גרונט ניטאָ. געדענקסט ווי מיר האָבן זיך אַמאָל פאַרטיפט אין קבלה, אָבער מיר האָבנ׳ס באַלד אַוועקגעוואָרפן. מ׳קאָן פון מח אַראָפּ. — און זעסט, ער איז געווען קליגער פון אונז. באַלד געקראָגן חסידים און נאָכשלעפּער און איצט קלינגט מיט אים די וועלט, לעבט ווי אַ מלך!... נו, זאָג אַליין ,איטשע, איז דאָ יושר אין דער וועלט? מיר, אַזוינע אָרנטלאַכע מענטשן פינצטערן אָפּ אונזערע טעג און נעכט און וואָגלען זיך אַרום, וואו אַ טאָג, וואו אַ נאַכט און ווערן צופרעסן פון לייז, און זע נאָר ווי דער כזבן לעבט: אין עושר און אין כבוד מיט אַזוי פיל ווייבער... איך שווער, איטשע, זאָל מיך גאָט שטראָפן, אויב איך בין אים מקנא, — אָבער וואו איז יושר? דערקלער מיר, איטשע, דעם שכל?

יצחק האָט זיך געפוילט צו אַריינלאָזן אין חקירה און האָט דאַרום נאָר אַ זאָג געטאָן:

— נעלמים דרכי הבריאה.

דוד־חיים האָט זיך פאַרקרימט:

— נעלמים דרכי הבריאה הייגט, נעלמים דרכי הבריאה מאָרגן, ס'איז ווערט אַ פעטרושקע. עפּעס מוז דאָך אין ערגעץ זיין אַ קנייטש, אַ תירוץ. גלאַט אין דער וועלט אַריין איז דאָכ'ס ניט. ס'קאָן דאָך ניט זיין, ס'מוז דאָך אין ערגעץ ליגן אַ שכל.

יצחק האָט געהויבן די אַקסלען:

— ווער ווייסט.

דוד־חיים האָט אים אָנגעקוקט:

— איטשע, ווּעסט אויף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, ביזט געוואָרן אַן אַנדער מענטש, ניט דערזעלביקער וואָס אַמאָל. עפּעס ביזטו אַזוי ניט נוגע'דיק. געדענקסט אַמסטערדאַם ווי מיר פלעגן אָפּ'חקירה'ן גאַנצענע נעכט. געדענקסט ליוואָרנאָ? הייגט פּאַדואַ, וואו דיר האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואָלט אָנצוקומען דאָרט אין אוניווערזיטעט? הייגט וואו איז האַמבורג, סמירנא, סאַלאָניקי?... אַך, איטשע, ניטאָ אַמאָליקע יאָרן...

און דוד־חיים האָט זיך ליריש' אָפּגעזיפצט.

— עלטער געוואָרן.

דוד־חיים האָט מיט אַ דערעסלאַך מינע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט:

— איטשע, ס'איז ניט דאָס! עפּעס אַן אַנדער סיבה... איטשע, הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן. הערסט? אַ מענטש מוז חתונה האָבן! — און איז געבליבן שטיל, געהאַט אַ געפיל, אַז ער האָט צום סוף אַרויסגעזאָגט אַ גרויסן אמת.

דאָס חלב'נע ליכטל האָט מיט ענערגיע זיך גענומען שמעלצן און צישן. אַ בלויליאַך, שטינקענדיק רויך האָט זיך ווי אַ פון ווינט געפלאָנטערטע סטענגע אויפגעהויבן. דאָס קנייטל איז געוואָרן שוואַרצער, דאָס פייער רויטער, דער חלב האָט זיך פאַנאַנדערגע־שמעלצט, פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ צערונענעם פלעק, אַן אומ־היימישע שאָטנדיקייט האָט געוויקלט די ווענט.

יצחק האָט גענומען זוכן אין אַלמערל פון סטענדער, געפונען אַ שטיקל ליכט. דוד־חיים האָט זיך טיכטיק גענומען קראַצן, און געזאָגט, אַז ס'איז שוין צייט צו שלאָפן, און אַז ער וועט בלייבן דאָ אין שול, ווייל ס'איז שפּעט צו וועקן זיין בעל־עיר.

יצחק איז צוגעגאַנגען צום האַנטפאַס הינטער דער בימה, וואו ס'האָט נעבאַכדיק געברענט אַ פאַררויכערטער לאָמפּ. ער האָט אָפּגעגאָסן די הענט, דערנאָך זיך גוט אַרומגעווישט און דערווייל איז אים איינגעפאַלן: מ'גייט איבער אַ וועג אין אַ שטורמדיקע ווינטערנאַכט, מ'קריכט איבער די קני אין שניי, דער ווינט שמייסט ווי מיט בייטשן, דער אָטעם ווערט קירצער און קירצער...

און פאַרוואָס איז'ס אים איצט גראָד איינגעפאַלן?

דוד־חיים האָט זיך אויסגעצויגן אויפ'ן באַנק, די קאַפּאָטע האָט ער אונטערגעלייגט צוקאָפּנס, די פיס אויפגעשטעלט ווי קראָקוועס און האָט זיך פאַרקוקט אין חלל, זיך געקראַצט און געוואָרטשעט.

יצחק האָט געקוקט אויפן אויפגעקאָרטשעטן דוד־חיים און ס'האָט אים אַ שלאָג געטאָן דוד־חיים'ס ווערטער: "אַ מענטש מוז חתונה האָבן".

ג.

איטקע, פינע דעם מעלקרעמערס ווייב, האָט זיך פאַר האָדע'ן באַקלאָגט אויף איר ביטערער מערכה און האָט זיך אַזוי אַרום אַראָפּגערעדט פון האַרצן.

האָדע איז געווען פאַר'עוסק'ט, זי האָט צוגעגרייט וועטשערע, אָבער איר האַרץ איז געווען מיט איר. זי האָט איר מיטגעפילט.

איטקע האָט גערעדט:

— איך רייד'ס אַלץ וועגן מיינעם. ער איז גאָר קיינמאָל אַזוי ניט געווען, עפּעס אַ קליפה איז אין אים אַריין זינט שבתי־צבי איז אַהער אָנגעקומען. זיין קאָפּ האָט זיך פאַרדרייט ווי ביי אַ שיכור'ן, און איך האָב פון אים געברענטע צרות. ער איז גאָר קיינמאָל אין שטוב ניטאָ, אָפּגעגעסן און גלייך אַנטלאָפן, אָדער אַמאָל קומט ער גאָר עסן אויך ניט. גלייך ווי ער פאַרמאַכט די קראָם אַזוי פאַריסן די פאָלעס און הענדאָם פענדאָם זיך אַוועקגעלאָזט צו עפּעס אַן אסיפה, אָדער אַזוי אַ הולאַנקע. איך ווער פון אים אויסגעריסן. זייער אָפט קומט ער אַ שיכור'ער, זינגט אויפן קול, שרייט, ליאַרמט און טענה'ט, אַז ער וועט פאַרקויפן די קראָם. ער דאַרף מער קיין קראָם ניט, ווייל ער לאָזט זיך מיט אַלעמען גלייך אַוועק אין ירושלים. אַ נייע אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ!... איך זאָג אייך, האָדע, ער רעדט עפּעס אַזעלכע רייד אַז מ'קאָן פון מח אַראָפּ...

נעכטן האָט ער געזונגען און געוואָלט איך זאָל מיט אים טאַנצן. ער האָט אַלץ געשריען, אַז ס׳איז שוין מער קיין צרות ניטאָ אויף דער וועלט, מער ניטאָ קיין תענותים, מ׳דאַרף זיך פרייען און טאַנצן אין אַלע שולן — אַ שמחה אויף זיין קאָפּ!... היינט קריגט ער זיך אַרום מיט אַלעמען, ער לאָזט ניט דורך אַ משוגענעם הונט. נעכטן האָט ער זיך אויפגעריסן מיט יודל דעם בעל־עגלה. ס׳איז נאָך געווען אַ גליק, וואָס איך בין גראָד אַריין אין קראָם, אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, מ׳וואָלט זיך אפשר גע׳ממית׳ט, וואָס רייד איך, מ׳וואָלט אָן קעפּ אַוועק. קענסט דאָך יודל׳ען, — מיינער האָט ביי אים אַ ווערדע ווי ביי אַ פערד אַ פורושקע — אויף איין צאָן. ווען ניט איך וואָלט ער אים דער׳הרג׳עט. איך זאָג אייך דעם אמת, האָדע, איך בין אַ נאַר, געדאַרפט זיי לאָזן... ער וואָלט אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער, אפשר וואָלט׳ס געווען אַ רפואה. איך קאָן פון אים שוין גאָרניט אויסהאַלטן!...

האָדע האָט שטיל געזיפצט, געפילט דאָסזעלביקע וועגן יחזקאל׳ן, וואָס איטקע וועגן פינע׳ן. איז יחזקאל ניט געוואָרן קיין אַנדערער זינט שבתי־צבי איז געקומען? זי האָט איצט פאַר׳גנב׳עטערהייט געקוקט מיט איין אויג אין יחזקאל׳ס זייט און געדערט צו איטקע׳ן ווייכע רייד:

— עסט זיך ניט אָפּ אַזוי דאָס האַרץ. ס׳איז ניט אַזוי סכנות׳דיק. נאָך אַלעמען איז ער דאָך אַ מאַנסביל, און שבתי־צבי וועט דאָ אייביק ניט בלייבן. ס׳וועט דאָך קומען אַמאָל אַ סוף...

— אָבער, האָדע, איך קאָן אייך ניט אַזויפיל אויסדערציילן וואָס איך שטיי פון אים אויס? היינט אַ חוץ דעם קאָסט נאָך אים גענוג געלט די חתונה! איך ווייס ניט וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבן...

יחזקאל האָט זיך מיט איין אויער צוגעהערט צו דעם וואָס די ווייבערריידן און פאַריבל געהאַט אויף איטקע׳ן וואָס זי באַקלאָגט זיך אויפן מאַן. אין אַזאַ פאַל איז ער תמיד געווען אויפן מאַנס זייט, מאָג אַפילו זיין ווען ער האָט געוואוסט, אַז דער מאַן איז אומגערעכט: — אַ מאַן איז אַ מאַן! פינע איז טאַקי אַ צודולטער אָבער ער איז דאָך פאָרט אַ מאַן און זי בלויז אַ אידענע!

ברוך דער געזעל האָט טיכטיק געקלאַפּט הילצערנע טשוועקלאַך אין אַ ברוינער פּאָדעשווע, געזונגען אַ ליד און פון צייט צו צייט

געטראַכט וועגן שפרה׳ן, וועלכע איז איצט אין הויז ניט געווען. ער האָט געזונגען.

איך האָב געבעטן קום אין שייער,
זי האָט פאַרדרייט די נאָז,
דו שלעכטע ביזט מיר טייער,
ווערסט חרטה האָבן אויף דאָס.

ברוכ׳ן האָט זיך אַלץ ניט פאַטויפּעט אין מח פאַרוואָס שפרה קווינקלט זיך, און פאַרייסט קעגן אים די נאָז. ער האָט זי אויף זיין שטייגער ליב געהאַט. און ס׳איז אים געווען שווער צו פאַר־שטיין פאַרוואָס זי האָט אים ניט ליב. עפּעס — אַ צודרייטע. מ׳דאַרף מיט איר ווייסן ווי אָנצוגיין. ס׳איז אים אַפילו איינמאָל איינגעפאַלן, אַז מ׳דאַרף איר גוט אָנשלאָגן, ווי אַרע דער שניידער געזעל האָט געטאָן מיט ישראל דעם בעקערס מיידל, ווען יענע האָט גענומען פראַווען אָנשטעל... דערנאָך איז זי טאַקי געוואָרן אַזוי ווייך כאָטש לייג זי צו צו אַ געשוויר. אַזוי באַדאַרף זיין... איר אַ כאַפּ טאָן, טאָמער וועט זי מאַכן שטיק איר אַזוי גוט אָנפּאַטשן...

יחזקאל האָט אים אין מיטען געפרעגט:

—האָסט גוט אויסגעווייקט די פּאָדעשווע איידער האָסט זי אָנגעשלאָגן?

— ס׳האָט זיך געווייקט אַ גאַנצן נאָכמיטאָג.

— שלאָג די טשוועקלאַך געדיכט. ס׳איז פאַר לייבקע דעם שניט־קרעמערס זונדל, — אַ מפונק.

— וואָס ווייסט דער יאָלד?!

צו די ווייבער איז צוגעקומען פּעסיע די אלמנה, אַ פאַרהאָ־רעוועטע פרוי, און וואָס האָט דערהויפּט געליטן פון דעם, וואָס איר יונגע און שיינע טאָכטער רחל האָט נאָך ניט קיין חתן, וועדליק זי האָט זיך גערעכט. ווי אַ מוטער פון אַן איינציק קינד, האָט זי איבערטריבן איר שיינקייט און מעלות און זיך פאַרגעשטעלט, אַז מיט איר וועט זי קיין שוועריגקייט ניט האָבן צו קריגן אַ גוטן חתן: מ׳וועט זי אויסכאַפּן, און וועט זיכער קריגן אַ רייכן מאַן. אָבער זינט ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז ס׳גייט ניט אַזוי ווי זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, האָט זי גענומען האָבן עגמת־נפש, און דאָס איז פאַר איר געוואָרן די הויפּט זאָרג אין איר לעבן. איר אָרימע חיונה האָט זי געצויגן פון פאַרקויפן באָב און אַרבעס.

לעצטנס איז זי געוואָר געוואָרן, אַז אלחנה דעם פּראָצענטניק׳ס „זונדל" שאַרט זיך צו רחל׳ן, און כאָטש זי איז אויפן אַלטן געווען אש־להבה, ווייל אַלע אירע קופּערנע כלים זיינען ביי אים געווען פאַר׳משכנ׳ט, פונדעסטוועגן האָט זי אין האַרצן געוואָלט, אַז ס׳זאָל זיך אויסלאָזן מיט אַ שידוך. דער אַלטער איז טאַקי אַ חזיר, אַ בלוטזויגער, אָבער אַן עושר איז ער דאָך, און נאָכן טויט וועט דער גאַנצער פאַרמעגן בלייבן פאַרן זון. וואָלט׳ס געווען גוט, — אָבער האָט זי צו איר „גרויס גליק" מיט האַרץ קלעמעניש באַמערקט, אַז רחל קלעפּט זיך עפּעס ניט צו אים. אמת, דער בחור איז ניט אַזאַ חכם, — אָבער וואָס דאַרף אַן עושר זיין אַ חכם? זיין געלט פאַרדעקט שוין אַלץ.

אַצינד האָט וואָס אַנדערש שווער געמאַכט איר האַרץ: רחל האָט לעצטנס גענומען לויפן צו אָפט אין גאַליפּאָל אין פעסטונג־שטעטל ניט ווייט פון סטאַמבול, דאָרט וואו שבתי־צבי איז איינגע־שפּאַרט. זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס איז ניט גלאַט, און אַז קיין גוטס קאָן דערפון ניט אַרויסקומען. אמת, רחל, איז אַהין אַליין קיינמאָל ניט געגאַנגען, תמיד מיט שפרה׳ן, אָבער ווער ווייסט וואָס שפרה טוט דאָרטן. עפּעס איז זי צו פאַרבאַהאַלטן, און די אויגן אירע ברענען. זי איז פון די שטילענקע, און אַ שטילער וואַסער גראָבט טיף.

פּעסיע די אַלמנה האָט זיך באַלד אַריינגעלעבט אין שמועס פון די צוויי שכנות, דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן פון מיטען:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז מאָרגן עפּעס פאַראַ יום־טוב? ווערליק איך האָב געהערט וועט זיך קערן וועלטן. הינט וועלן שלעפּט גאַנצע קעפּ. ס׳וועט זיך אָפּטאָן אַזוינס אין אַלע שולן און קלויזן. מ׳זאָגט, אַז ס׳וועלן שוין מער ניט זיין קיין תענותים, אָנשטאָט פאַסטן וועט מען מאַכן סעודות, אָנשטאָט דאגה׳ן וועט מען הוליען און טאַנצן. ס׳וועט זיין חי געלעבט... מיינע זאָל געזונט זיין גרייט זיך שוין און קלייבט זיך ווידער צו גיין אין גאַליפּאָל, זי און אייער פלימעניצע... זינט זי איז געקומען...

זי האָט ניט פאַרענדיקט, וואָס זי האָט געוואָלט אַרויסברענגען, ווייל האָדע האָט אויף איר אַזוי באַדייטנדיק אַ קוק געטאָן, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז זי זאָל דערפון אַצינד ניט ריידן.

יחזקאל האָט געטראַכט וועגן מאָרגנדיקער שמחה מיט ביטער־

קייט. פאַר אים איז׳ס ניט געווען קיין שמחה. ס׳האָט אין אים געשוימט אַ כעס, — אַ כעס פון איינעם וואָס פילט זיך אוממעכטיק. ס׳זיינען אים איינגעפאַלן ווילדע מחשבות, — ער וואָלט זיי אַלעמען דערטרינקען, און ס׳איז ביי אים געבליבן, אַז וואָס ס׳זאָל ניט געשען, ער וועט מאָרגן אויך גיין אין גאַליפּאָל. קיין איבעריקע מלאכה איז ניטאָ, טאָ וועט ער זיך אַרויסלאָזן. ס׳איז כדאַי אָנצוקוקן.

איטקע, פאַרלייגט אַ האַנט אויף אַ האַנט, האָט אין אַ זייער אומעטיקן טאָן גערעדט:

— מיינער שלאָפט ניט קיין נעכט. ער ריכט זיך שוין אויף דער שמחה פון עטלאַכע טעג. ס׳איז עפּעס ביי זיי נאָכאַנאַנד יום־טובים. דאָ דאַכט זיך אייערנעכטן איז עפּעס געווען אַ חגא, מאָרגן שוין ווידער. וואָס הוליען זיי אַזוי? וואָס איז זיי אַזוי גוט?... אַ קליפּה איז ניט פאַר קיין אידן געדאַכט אין אים אַריין און מ׳קאָן פון מח אַראָפּ!...

— און וואָס דאַרפט איר מער,, — האָט פּעסיע די אַלמנה אַ זאָג געטאָן, — ס׳איז גאָר געוואָרן אַזוי פריי. די מיידלאַך און בחורים שעמען זיך גאָרניט, מ׳טאַנצט און מ׳האַלזט זיך... ווען איז׳ס אַזוינס געשען?... מיינע זאָל לעבן, איז גאָר אַן אַנדערע. איך דערקען זי גאָרניט... אפשר וועט שוין טאַקי זיין אַ סוף צו די אידישע צרות. — שאַ, אָט גייען זיי!...

אין שטוב זיינען מיט יוגנט־טומל אָנגעקומען שפרה און רחל.ביידע זיינען געווען אויפגעלעבט און גערויטלט. רחל, דערזעענדיק דער מוטער האָט אָנגעשטעלט אַ פאַר׳חידוש׳טן פּנים:

— ביזט גאָר דאָ, מאַמע?

פּעסיע האָט אַ ברוגז׳ע געקוקט אויף דער טאָכטער און מעשה מאַמע געפרעגט:

— וואו ביזט׳ס געווען, שיינע טאָכטער?

— אין ערגעץ ניט.

— אויפן הימל ביזט דאָך ניט געווען?

— מיר האָבן גענומען אַ שפּאַציר.

— אַ שפּאַציר אין מיטען דערינען! וואָס איז היינט שבת צו נאָכט?

— אָבער וואָס ווילסטו, מאַמע? — האָט רחל אויפגעהויבן דעם קול.

— קום שוין אַהיים, קום שוין.

רחל האָט זיך פאַרנומען צו דער טיר און פּיעסע האָט געזיפצט, אַריינגעכאַפּט זאָגן אין דער שטיל צו די ווייבער:

— ניט גוט צו האָבן איין קינד. — אַ גוטע נאַכט.

און איז אַרויס.

— יעדער מיט זיין פּעקל, — איז איטקע געוואָרן פילאָזאָפיש,

— האָט זי ניט קיין מאַן האָט זי אַ טאָכטער. צרות פעלט ניט.

ברוך דער געזעל איז געוואָרן מיט שפרה'ס קומען מער אויפגעלעבט, ער האָט פלייסיק געקלאַפּט מיטן האַמער און אויפן קול געזונגען:

אין פעלד זיינען מיר געגאַנגען
דער הימל פול געווען מיט שטערן,
זאָג צי האָסט מיך ליב, טייערע,
צי ס'וועט ביי אונז אַ שידוך ווערן...

ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו שפרה'ן, צוגעוואונקען מיט איין אויג, און געלאַכט אויפן קול.

שפרה האָט זיך פאַרקליבן אין אַלקער, זיך געזעצט אויפן בעטל, געקוקט אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, אויף וועלכער ס'איז געהאַנגען אַן אָפּגעריבן שטיקל שפּיגלגלאָז. זי איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, זיך איינגעקוקט אין גלאָז, געקוקט, און געקוקט, אַ טראַכט געטאָן, אַז זי וועט גיין אין גאַליפּאָל אין אַן אָוונט. זי וועט זיך פאַרשליירן, וועט זיך אַריינשלייכן אין טויער, וועט בעטן דעם אידן שמואל פרימאַ, וואָס קוקט אויף איר אַלעמאָל אַזוי מאָדנע, אַז ער זאָל זי צולאָזן צו שבתי־צבי. — זי מוז אים זען.

זי איז איצט געווען פול מיט נייגעריגקייט, — אַ נייגעריגקייט וואָס האָט געמאָנט, געפאָדערט. ס'האָט זיך איר געוואָלט עפּעס איבערקומען, וויסן וואו זי האַלט אין דער וועלט, און צוליב וואָס זי איז אַהער געקומען. איז זי דען אפשר אַהער ניט געקומען זיך זען מיטן משיח און ווערן אַ משיח־כלה?

און אירע חבר'טעס דאָרט אין פוילן חלומ'ען זיי ניט אַוועק זייערע נעכט? ציען זיי זיך ניט אַלע אַהער?

ברוך דער געזעל האָט אַריינגעשטעקט דעם קודלעוואַטן קאָפּ אין אַלקער, אויסגעלופּעט אויגן און ציין און אַ זאָג געטאָן.

— וואו ביזטו'ס געווען?

שפרה האָט געקוקט אויפן קאָפּ און בשעת־מעשה ניט געוואוסט צי זאָל זי זיין אין כעס צי ניט. זי האָט זיך אָפּגעקערט, און ברוך האָט מיט חוזק גערעדט:

— אַרומגעלאָפן אַרום גאַליפּאָל דאָרטן מיט די יאָלדן! — און האָט געלאַכט אויפן קול.

שפרה איז געוואָרן אין כעס:

— וואָס לאַכסטו?!

— טאָר איך ניט?

יחזקאל האָט אים גערופן:

— ברוך, וואָס טוסטו דאָרטן?

— גאָרנישט! — און האָט זיך פאַרנומען צום וואַרשטאַט.

## פינפטער קאַפּיטל

### א.

שבתי־צבי האָט אַרויסגעקוקט דורכן קליין קיילעכדיקן פענצטער, געהאַט דערביי אַ געפיל פון אָנגעשטרענגטער אומבאַקוועמלאַכקייט: ווייל צו קוקן אין ליכטיקן, זומערדיקן דרויסן האָט זיך געפאָדערט גאָר אַ באַזונדער אָנשטרענגונג: ער האָט געמוזט שטיין אויף די שפּיץ פינגער, האַלטן דעם קערפּער אין גוטער גלייכגעוויכט ווי אַ שטריקגייער. זיינע פינגער האָבן ניט געקאָנט געפינען קיין געהעריקן אָנהאַלט. די פינגער זיינען געווען שטום און ניט זגראַבנע, די פיס האָבן וויי געטאָן, — אָבער אַרויסקוקן אין דרויסן האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט.

ער איז געווען אומרואיק און נייגעריק: ס'האָט זיך אים זייער געוואָלט וויסן וואָס ס'קומט פאָר פאַר די טויערן פון פעסטונג. ער האָט געוואָלט מיט די אייגענע אויגן זען די פאַרזאַמלונג, — איז ניט היינט דער יום־טוב: התחלת־עטרת־תפארת? און אַלע זיינען דאָרטן פאַרזאַמלט, און ער האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געזען דעם פרייען דרויסן?...

רעדלאַך אידן, ווי שוואַרצע צעשאָטענע פלעקן, זיינען געווען צעשפּרייט איבערן פלאַץ, און אומעטום האָט זיך געשפּירט אַ פייערלאַכע אויפלעבונג. אַלע, אָן אויסנאַם, האָבן זיך געפילט אויפגעראַמט, ווי מ'פילט זיך אָפט אין אַ שיינעם זומער פרימאָרגן. אַלע האָבן גערעדט, געטומלט. צו זיינע אויערן האָבן זיך דערטראָגן

צעקלעקטע אויסרופן, וואָס האָבן ווי אָפּקלאַנגען זיך פון ערגעץ ווייט דערטראָגן:

— יחי המלך המשיח!

— איה הוא?

— שלום לד׳ ולמשיחו!

— לאַנג לעבן זאָל דער גואל!

שבתי־צבי האָט מיט ביטערקייט געוואָרטשעט: משיח, גואל. דער „מלך־המשיח״ קאָן זיך פון אָרט ניט רירן.

און אויפן האַרצן איז אים געווען שווער: דאגה האָט אים אומ׳רחמנות׳דיק געדריקט, — און אין דרויסן איז זומער, און די זון שיינט אַזוי פרייליך און ליכטיק.

אין די קני האָט ער געפילט אַ פיינלאַכן ווייטאָק. זיין גאַנצער קערפער איז אַרומגענומען געוואָרן פון אַזאַ שווייסיקע קלעפּיגקייט. ס׳האָט אים געשפּאַרט אונטערן האַרצן.

און אין דרויסן? —

אַ שטיק בלויער הימל, שפּיצן פון זאַפטיק גרינע בוימער. אַ שטיק זילבער־וואַסער און אַזוי פיל פרייע און אויפגעראַמטע מענטשן.

אין איין געזעמל האָט זיין אויג אויפגעכאַפּט שמואל פרימאָן, וועלכער איז מיט זיכערקייט געשטאַנען אין מיטען און מיט גרויס חשיבות באַוועגט די הענט. שבתי־צבי האָט זיך משער געווען, אַז דאָס מוז ער אַצינד די אַרומיקע דערציילן וועגן די בריוו, וואָס די גרויסע אידישע קהילות האָבן צוגעשיקט, און אין וועלכע ס׳ווערט גערעדט וועגן די הכנות וואָס זיי מאַכן זיך בקרוב אָנצושליסן אָן גרויסן גאולה־צוג. ער האָט גוט געקענט שמואל׳ן און דאַרום געוואוסט, אַז מיט זיין ליבע פאַר אָנשטעל און געפליגלטע ווערטער, מוז ער אַצינד מאָלן אין מגושמ׳דיקער מליצה פאַר די פאַרזאַמלטע אַ בילד פון דער גאולה, און אין אים האָט זיך אַצינד פאַרשטאַרקט די געוויסהייט, אַז דער סוף וועט זיין אַ ביטערער: — „ואחריתו יהיה מר״ — האָט אים אַ שלאָג געטאָן, און ס׳איז אים געוואָרן הייס, דאָס בלוט האָט זיך געאיילט צום קאָפּ. אַ קאַלטער שווייס האָט זיין שטערן באַדעקט און די שפּיצן פינגער פון הענט און פיס האָבן גע׳חלש׳ט.

ער האָט געזיפצט.

ס׳האָט זיך אים שטאַרק געלוסט צו זיין אַצינד אין דרויסן און פילן אויף זיך דעם בלאָז פון ווינט, זען דעם הימל אַרום און אַרום. ס׳האָט זיך אים געוואָלט זיין אין מיטען פון אַ רעדל און זיך צוהערן וואָס שמואל רעדט. ער איז מיט עקשונת׳דיקער אָנשטרענגונג געשטאַנען אויף די שפּיץ פינגער מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלז און געקוקט אויף דער מאַסע טורבאַנען, שטריימלאַך, קאַשקעטלאַך, און אים איז איינגעפאַלן, אַז שמואל מוז פון אים אין האַרצן חוזק׳ן, און דער געדאַנק וועגן אַזאַ מעגלאַכקייט האָט אים פאַרשאַפט עגמת־נפש. דער קאָפּ האָט זיך גענומען דרייען און די קני האָבן זיך געבויגן.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון בענקל אויף די פולע טריט און זיך געכאַפּט ביים האַרץ. ער האָט זיך דערנאָך אַרומגעווישט מיט דער רויטער זיידענער טיכל דעם שווייס פון פנים, אַרויסגעלאָזן אָטעם און אַרויסגעזאָגט: — לא טוב, לא טוב...

ער איז אָפּגעגאַנגען פון פענצטער מיט אַן אָנגעלאָדן געמיט. ס׳האָט זיך אים געפילט, דאָס וואָס מ׳פילט ווען מ׳ווערט געוואָר, אַז אַלע וועגן פון אַנטרינונג זיינען אָפּגעשניטן. ער האָט מיט טרויער אַרויסגעזאָגט אויפן קול: — יעדערער מיט זיין גורל.

אָבער וואָס פאַרט וועט זיין דער סוף? ווי לאַנג נאָך וועט ער זיין איינגעשפּאַרט? וואָס האָט דער סולטאַן׳ס לייבהאַרצט צו אים גערעדט?...

ער איז געבליבן זיצן מיט אויסגעשטעלטע אויגן. געזען דעם בויגנדיקן סופית, זיך געפּלאָנטערט אין די רייך רויטע קווייטן פון הענגענדיקן טעפּיך, און: — רבונו דעלמא כולה!

און איז צוריק צוגעקומען צום פענצטער.

אין דרויסן האָט די זון ליכטיק געשיינט, אַ קיל ווינטל איז פון וואַסער געקומען, אַרום האָט זיך געשפּירט דער ריח פון פריש געבעקס און צייטיק ווערנדיקע פּירות.

שמואל פרימא איז געשטאַנען אין מיטען פון אַ געזעמל נייגע־ריקע. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בריוו און מיט דער אַנדערער האָט ער זיך געשפּילט מיט די פרענז פון גאַרטל. זיין רואיקער פנים האָט אויסגעדריקט פולע צופרידנקייט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויף אַ געוויסע פענצטערל אין שלאָס, געזען דעם ווייטן ברעג פון באָספּאָר געהילט אין מילכיקן גאַז. איייניקע מינאַרעטן און עטלאַכע באַגילטע

קופּאָלן, אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז שוין באַלד צייט צו עסן, און דערווייל דערנענטערט דעם בריוו צו די אויגן, זיך אָפּגעהוסט און אַזוי לאַגאָדנע אַ זאָג געטאָן:

אַ בריוו פון האַמבורג.

ס'האָבן פון אַנדערע רעדלאַך געגומען אָפּשטיין מענטשן און צוגעשטאַנען צום געזעמל, וואו שמואל פרימאָ איז געשטאַנען אויף אַ בענקל גרייט צו פאַרלייענען דעם בריוו פון האַמבורג. אַלעמענס אויגן האָבן אויף אים אַצינד געקוקט מיט דערוואַרטונג. אַרום האָט זיך געפילט אַן אָנגעצויגנקייט. דער עולם האָט זיך מכין געווען צו הערן עפּעס וויכטיקס.

שמואל פרימאָ האָט אָפּגעמאָסטן די פאַרזאַמלטע מיט זיין באַזונדער דורכבויערדיקן קוק, וואָס ער האָט תמיד ביי אַזעלכע געלעגנהייטן מיט דערפאָלג פּראַקטיצירט. ער האָט מיט אָנשטעל געוואַרט אויף דער געוואונשטער שטילקייט און אויפמערקזאַמקייט. ווען אַלץ האָט זיך איינגעשטילט האָט ער מיט רעדנערישער וויכטיקייט גענומען לייענען:

צום מלך־המשיח שבתי־צבי ירים הודו, — אַ שליחות פון די אידן פון ק"ק האַמבורג, אשר באשכנז.

געבענטשט צו גאָט זאָל זיין דער גואל און אויף זיין קאָפּ זאָל רוען גאָטס־זעגן — אמן!

די אידן פון האַמבורג האָבן מיט גרויס עונג פאַרנומען די גוטע בשורה, געקומען פון מלך־המשיח'ס בעל־סוד ר' שמואל פרימאָ. די בשורה טובה, וואָס פאַרקונדיקט די גאולה האָט אין אַלעמענס הערצער אַריינגעבלאָזן אַ רוח חיים, אויפגעלעבט די האָפנונג צו זיין אין גיכן אין הייליקן לאַנד פון די אבות, פון וועלכן מיר זיינען צוליב אונזערע חטאים פאַרטריבן געוואָרן. גרויס איז גאָטס גענאָד, אַרויסגעוויזן דורך זיין געבענטשטן שליח, דער מלך־המשיח פון איזמיר — שבתי־צבי בן מרדכי צבי, וברכת ד' תנוח על ראשו. דאַרום איז ביי אונז אַ גרויסע שמחה צו באַנאַכריכטן אַז אַלע מקטן ועד גדול זיינען גרייט צו נעמען די שטעקנס אין די הענט און וואַנדערן אין די געבענטשטע פּוסטריט פון געזאַלבטן, — ואור פניו יזריח עד סוף הדורות.

שמואל האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויסגערייניקט דאָס האַלז, זיך

אַרומגעקוקט, באַטראַכט די ליידיקע פּנימ'ער פון עולם און געוואַרט צו הערן וואָס.

אַ הויך קלינגנדיקע שטים האָט זיך פון ברעג ראָד אויפגעהויבן און דערגאַנגען צו זיינע אויערן:

שמואל, —לייען ווייטער. ס'איז אַ נחת צו הערן וואָס די יידן פון האַמבורג שראַבן!

שמואל האָט דערקענט די שטים, אַ שמייכל געטאָן: ס'איז געציל דער פּוילישער.

אַ צווייטע באַס שטים האָט אין פּוילישער אויסשפּראַך איבער־געקרייצט דער ערשטער:

— מיר ווייסן שוין וואָס עטס שראַבן. בעסער לאָמיר הערן וואָס ס'באַפעלט דער משיח!

און קולות פון אַלע זייטן:

— וואָס זאָגט דער משיח?!

— שוין צייט צו וויסן!

— לאָמיר הערן!

— רייד, שמואל!

— יחי המלך־המשיח!

אַ יונגער מאַן מיט גרויסע פונקען שיסנדיקע אויגן האָט זיך אַרויסגערוקט פון צווישן די אידן, ווי פון אַ וואַלד און גלייך גענומען ענערגיש פאָכן מיט אַ גרינעם באַנד, דערביי האָט ער מיט אַ קול, געקומען פון געזונטע לונגען, גענומען שרייען:

— לאַנג לעבן זאָל דער משיח! גרייט זיך, אידן, צו צום גרויסן טאָג פון דער גאולה. די גאולה איזביים שוועל! — און האָט שטאַרקער גענומען פאָכן דעם גרינעם באַנד: — יחי המלך־המשיח!

אין געזעמל האָבן זיך געוויזן נאָך פאָכנדיקע גרינע בענדער. מיילער האָבן זיך געעפנט, אויגן האָבן געגלאַנצט, קולות האָבן געהילכט:

— יחי המלך־המשיח!

— לאַנג לעבן זאָל דער גואל!

— שאַ, איינציקווייס, מ'קאָן דאָך דול ווערן!

— לאָזט הערן!

— מ'קאָן דאָך טויב ווערן!

דער יונגער מאַן מיט די בליציקע אויגן האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן. ער איז געווען צוקאָכט. ער האָט אַלעמען גערופן צו די טויערן פון שלאָס, מיט באַנומענע קולות געשריען:

— זאָל זיך די טוירן עפענען פאַרן משיח! וואָס איז ער דאָרט איינגעשפאַרט? לאָמיר אים באַפרייען. זאָלן די טרומייטערן שאַלן, זאָלן די ווענט איינפאַלן, ווי די ווענט פון יריחו! אידן, לאָמיר באַפרייען דעם משיח! בלאָזט דעם שופר־של־משיח!...

אַ טייל פון דער פאַרזאַמלונג האָט זיך אַלאָז געטאָן צום טויער מיט קולות.

אַ איד מיט אַ פירקאַנטיק שוואַרצע באָרד, אַ ספרדי, איז מיט ווערדע צוגעקומען צו שמואל'ן און שטיל געזאָגט:

— שמואל, האַלט איין די אויפגערעגטע. מ'טאָר ניט טרייבן צו ווייט. ס'איז ניט קיין שפילכל.

אַ איד אין אַ שטריימל און לוסטרינענע קאַפאָטע האָט אויפן קול געשריען:

— גוואלד, אידן, וואָס טומלט איר זיך?!

שמואל פרימא האָט מיט אויסגערעכנטער גדלות אויפגעהויבן די רעכטע האַנט, ווי אַמאָל יהושע בן נון ביים אָפּשטעלן די זון. ער האָט געהאַלטן די האַנט הויך אויסגעשטרעקט און העפטיק אַ זאָג געטאָן אין אַ באַפעלנדיקן טאָן:

— שאַ, רבותי!

דער הוזשענדיקער טומל האָט זיך גענומען איינלייגן. ביי די ברעגן האָבן זיך נאָך אייניקע געהיצט, זיך געריסן, אָבער שמואל פרימא'ס צווייטער „שטיל זאָל זיין, רבותי" האָט זיי אין גאַנצן איינגעשטילט, און ערשט דעמאָלט האָט ער געלאַסן און מיט טראָפּ גענומען ריידן:

— ליבע אידן. בריוו און שליחות מכל ארבע פנות העולם, פון אַלע אידישע קהילות בכל תפוצות הארץ, וואו נאָר ס'שלאָגט אַ אידיש האַרץ. די אַלע בריוו און שליחות זאָגן עדות, אַז די אידן פון גאָר דער וועלט זיינען אָנגעפילט מיטן גרויסן רעיון פון באַלדיקער דערלייזונג: מעבדות לחירות. זיי זיינען גרייט מקבל צו זיין דעם מלך־המשיח און לייגן זייערע פאַרמעגנס און לעבנס צו די פיס פון בחיר־יה. דער מלך־המשיח שבתי־צבי ירום הודו, בשם ה' אלוהי ישראל בתפארת ישראל, תלת קשרי די מהימנותא דאינון אילאה

דאדונונו שבתי־צבי משיחנו גאולנו משיח אמיתי ירום הודו, האָט מיך באַפוילן אייך מודיע זיין וואָס ס'וועט געשען בקרוב הימים. מיט דער הילף פון בורא־עולם איז די גאולה פאַר אונזער שוועל און במהרה וועט זיך איבער דער וועלט טראָגן דאָס שאַלן פון שופר של משיח...

די שטילקייט, וואָס האָט זיך ווי איינגעפונדעוועט אין עולם איז פלוצים צעשטערט געוואָרן פון אַן אויסרוף וואָס איז געקומען פון ערגעץ:

— ביזט אַ כזבן!

און נאָך אַ מער אָנגעשטרענגטע שטילקייט.

שמואל פרימאַ איז געבליבן ווי אַ געניט פערד, וואָס פילט בחוש תמיד איבער זיך דעם פאָרערס בייטש: זיך אָפּגעשטעלט ראַפּטאָם. ער האָט געקוקט מיט ליידיקע אויגן אויף דער שטומער מאַסע, וואָס איז ווי אַ גרויסער טינטפלעק געלעגן צעקלעקט אויפן גלאַטן גרינס. זיין אויסדרוק פון פנים אַ פאַרגליווערטער, אַ גאָר־ישט זאָגנדיקער האָט אין ערגעץ באַהאַלטן דעם אָנהויב פון אומצו־פרידנקייט: האָט זיך אויף אַ רגע פאַרלאָרן, און אַ פּאָר פנימ'ער אַנטקעגן זיינען פאַר אים מער אויסגעצייכנט געוואָרן און אויף זיי געהאַלטן זיינע אויגן: — ווער איז דער מיט דער גרויסער נאָז? און דער אַנדערער מיט דער שפּיציקער בערדל?... און וואָס קוקן זיי אַלע ווי ציגן?... שאַ, ס'באַוועגט זיך... באַלד האָבן אַלע קעפּ ווי אויף אַ פאַראַד־פעלד לויט אַ באַפעל זיך אַ קער געטאָן אין ריכטונג פון וואַנען דער אויסרוף איז געקומען און גלייך האָט זיך אויפגעהויבן אַ געוויש ענלאַך צו דער הוזשעריי פון דרעמלענ־דיקע בוימער, ווען ס'פּאָרט איבער זיי איבער אַ פלוצים אָנקומענ־דיקער ווינט, — און דער שטורעם האָט אויסגעבראָכן: ס'האָבן אַלע גלייך גענומען ריידן, פרעגן און באַזונדערע קולות האָבן זיך גענומען אויסצייכענען פון אַלגעמיין פלאַכן געוויש, אימעצער האָט רוגזה'דיק געפרעגט:

— וואו איז ער?!

און פון אַלע זייטן זיינען געקומען אויסרופן:

— ווער האָט'ס געוואָגט?!

— וואו איז ער דער ליידאַק?!

— מ'זאָל אים אין לייַאַכער אַוועקטראָגן!

— גיט אים אַהער! וואָס קוקט איר?

— מ'זאָל אים צערייסן אויף שטיקער!

— וואו איז דער חצוף?!

פון די ברעגן געדיכטער מאַסע האָבן זיך איינציקע מענטשן גענומען אָפּברעקלען און לויז ווערן ווי די ברעגן פון אַ לויזוווערנדיקע הורבע עפּל: דער געזעמל איז געוואָרן שיטערער, זיך פאַנאַנדער־געשאָטן. אימעצער האָט הויך און שריל אויסגערופן:

— דאָס איז ער!

און האָט מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויף אַ קרעפּטיקן מיטל־יאָריקן מאַן, וואָס איז אַביסל אַ צוטומלטער געשטאַנען און געקוקט אַרום זיך מיט צופּוזשעטע אויגן.

אַלע האָבן אַ דריי געטאָן די קעפּ אין זיין זייט, אָבער דער שולדיקער, יחזקאל דער שוסטער, האָט זיך אין גאַנצן ניט פאַרלאָרן, געהאַט אין זינען, אַז מ'דאַרף ניט אַרויסווייזן קיין מורא. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער געוואָרן מוטיקער: דער ערשטער שטויס איז אַריבער בשלום. מ'האָט זיך אויף אים גלייך ניט אַרויפגעוואָרפן, און דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז געוואָרן פרייער: — „מ'וועט אים ניט אויפעסן", — און האָט אַלעמענס אויגן באַגעגנט מיט מער שטייפקייט.

אייניקע האָבן געשריען:

— אָט איז ער:

— וואָס קוקט איר, אידן?!

— דער חצוף!

— דער פּושע־ישראל!

— מ'דאַרף אים עוקר מן השורש זיין!

יחזקאל איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אויפגערעגטע, הענט־פאָכענדיקע אידן. איינער מיט פאַנאַנדער געפּליגלטע פּאָלעס, כעס'דיקע אויגן און אויף פאָרנט אַרויסגעשפּיצטע בערדל האָט זיך אויף אים אָנגערוקט און מיט שוים אויף די ליפּן געשריען:

— כופר בעיקר, ביזט חייב מיתה!

— אַנדערע האָבן געשריען:

— שלאָגט אים!

— פּאַטשט אים!

— וואָס שטייט איר און קוקט?

— ווער איז דער ליידאַק ? !

— אַזאַ נבלה !

אַ פּאָר נייגעריקע טערקן האָבן זיך דערנענטערט, אָנגעקוקט די אויפּברויזנדיקע אידן, געשמייכלט אין די וואָנצען מיט אַ ביטול׳דיקן שמייכל, גלייך, ווי זיי וואָלטן ווינציקוואָס געהאַלטן פון דער אידישער העלדישקייט . . .

דער מאַן מיט די פאַנאַנדערגעפליגלטע פּאָלעס און ביסטרע אויגן, האָט זיך ווי אַ האָן, גרייט צו שפּרינגען, זיך אַלץ מער אויף יחזקאל׳ן אָנגערוקט. ער האָט געשטשימעט די ציין און געשפּריצט כעס :

— וואָגסט אַהער צו קומען, שוסטער יונג !

יחזקאל האָט געקוקט אַזוי ליידיק אויף דעם פּיינטלאַך צעקרימטן פּנים. אַן אָנצוהערעניש אויף פּחד האָט אויפגעשרומפּן זיין האַרץ :

— זיי וועלן אים באַפאַלן, — האָט אים אַ שלאָג געטאָן.

פון אַלע זייטן האָבן זיך איילנדיק גערוקט מענטשן. אַלע אַזוינע נייגעריקע מיט ברייט געעפנטע אויגן.

— וואָס איז ? וואָס איז ?

ס׳האָט יחזקאל׳ן געשווינדלט אין די אויגן : — אַ שטיק הימל, דער שפּיץ פון אַ טורם, אַ שטיק וואַסער, — און אָט וועלן זיי אים באַפאַלן. זיין האַרץ האָט גענומען זינקען.

— וואָס איז דאָ פאַר אַ בהלה ? — האָט אַ הויכער קרעפטיקער מיטליאָריקער מאַן זיך מיטן זייט גענומען דורכשטויסן און דערווייל גערעדט : — וואָס טוט זיך דאָ, יחזקאל ?

יחזקאל׳ס אויגן האָבן באַקומען לעבן. זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן : — יודל דער בעל־עגלה ! פון הימל אַראָפּגעפאַלן. ער האָט אַ זאָג געטאָן :

— יודל !

— וואָס איז ?

— זיי ווילן מיך שלאָגן.

— שלאָגן גאָר ? — האָט זיך יודל דער בעל־עגלה גע׳חידוש׳ט,

— פאַרוואָס ? . . . האָב קיין מורא ניט, יחזקאל, — און האָט זיך לעם אים געשטעלט אין אַזאַ שטעל, וואָס האָט דייטלאַך געמיינט, אַז ער איז גרייט צו באַגעגענען די אַלע כעס׳דיקע אידן.

דער אָנלאַף פון עולם האָט זיך אַביסל אָפּגעהאַלטן אין פּנים פון אומדערוואַרטעטע הילף, און יחזקאל מיט אָנגענומענעם מוט האָט אַ זאָג געטאָן :

— ווער האָט מורא ?
אימעצער פון עולם האָט אַרויסגעלאָזן אַ רוף :
— שלאָגט אים אידן !
— וואָס קוקט איר ? !
— מ׳דאַרף אים באָרד און פאות אויסרייסן !
פון געדרענג האָט זיך אַרויסגערוקט יהודה־לייב דער וואָכערניק, ער איז צוגעקומען צו יחזקאל׳ן און צו אים מיט פריינטלאַכן כעס געזאָגט :
— האָסט פאַרקאָכט אַ קאַשע ! מ׳וועט דיר צורייסן אויף שטיקער. תמיד אַזוי : רוקסט דיין נאָז וואו מ׳דאַרף ניט. מיינסט ס׳איז אין שול. פאָלג מיך טראָג זיך אָפּ פון דאַנען מיט גאַנצע ביינער.
יחזקאל האָט געמאַכט אָנשטעל :
— ווער האָט פאַר זיי מורא ?
— וואָס איז ר׳ יהודה־לייב ? — האָט יודעל דער בעל־עגלה גערעדט. — וואָס איר האָט מורא זיי וועלן זיך שלאָגן. אַדרבה נו. זיי זיינען ניט קיין גרויסע גזלנים.
יהודה־לייב דער וואָכערניק האָט זייביידן מיט חוזק אָנגעקוקט און אַ צי געטאָן די אַקסלען :
— אַ פאָר משוגעים. ווילן זיך שטעלן קעגן אַ גאַנצע עדה.
דער עולם איז געוואָרן טומלדיקער און גענומען אַלץ נעענטער אָנרוקן זיך אויף זיי.
איינער האָט געשריען :
— נעמט זיי צום פרנס !
אַ צווייטער :
— וואָס שטייט איר ווי גולמים ? !
אַ דריטער :
— אַ שמאַך און שפּאָט, אַזוי פיל אידן קיין עין־הרע און זאָלן מורא פאַר צוויי. שעמען מאָגט איר זיך !
און דער יונגער מאַן מיט די פאַנאַנדערגעפליגלטע פאָלעס האָט זיך געריסן און קריגעריש געשריען :
— כ׳וועל דיר אויסרייסן באָרד און פאות, משומד !
יהודה־לייב דער וואָכערניק האָט זיך אַ קער געטאָן צום עולם און מיטן געשטעל פון אַ מיושב׳דיקן מענטשן גערעדט :
— וואָס רעש׳ט איר זיך ? וואָס ווילט איר ? אַזוי פיל אידן

קיין עין־הרע און אַלע אויף איינעם. גרויסע גיבורים! שעמען מאָגט איר זיך אין אייערע ווייטע העלזער! גייט אַוועק! — און צו יחזקאל׳ן האָט ער אין דער שטיל געזאָגט: יחזקאל טו מיר אַ טובה און טראָג זיך אָפּ פון דאַנען, — דו אויך יודעל... ס׳איז פשוט אַ חילול־השם פאַר די ישמאלים...

אַ יונגער מאַנטשיק מיט אַ פּאָר גליענדיקע אויגן האָט זיך אַרויסגערוקט פון דעם אָנגעשפּיצטן געזעמל און גלייך גענומען פּאָכן מיט רציחה זיין פויסט יחזקאל׳ן אין פּנים אַריין. ער האָט מיט קוויטשעדיקער שטים געשריען:

— הדיוט, שוסטער, מ׳וועט דיר דאָ דיינע טריפה׳נע ביינער צוברעכן!

יודעל האָט זיך צו אים צוגערוקט:

— נעם צו דיינע הענט, — הערסט?

יהודה־לייב דער וואָכערניק האָט אָנגענומען דעם צעיושעטן יונגען מאַנטשיק ביי דער האַנט און מיט כעס געזאָגט:

— הערסט זיך אויף צוקאָכן, הערשל?! וועסט זיך אויסריכטן אַ שוואַרצן סוף... דער טאַטע וועט דערפון וויסן.

דער ערשטער מיט די פאַנאַנדערגעפליגלטע פּאָלעס איז מיט כעס אַריינגעפאַלן:

— וואָס האָבן מיר מורא?

פון אַלע זייטן האָבן זיך דערוויילט געטראָגן אויפגערעגטע קולות:

— מ׳דאַרף זיי עוקר מן השורש זיין!

— אַן אומגליק אַזוינע אידן!

אימעצער האָט געוואָרפן אַ שטיין, געפאַלן אַ פּאָר טריט פאַר יחזקאל׳ן.

— פאַרשטיינט זיי!

יהודה־לייב דער וואָכערניק האָט זיך אויסגעצויגן אין פולער הויך, אָנגעשטעלט זיינע כעס׳דיקע אויגן און מיט באַפעלערישן קול אַרויסגעדונערט:

— שאַ זאָל זיין! ס׳איז גאָרניט געווען. ס׳האָט זיך אייך געדאַכט. ס׳איז אַ חרפה, בושה!...

אין עולם האָבן אַ סך מענטשן מיט אַמאָל גענומען ריידן:

— אַליין געהערט ווי ער האָט גערופן שמואל פרימאַ׳ן כזבן!

— באזני שמעתי!

— אַזאַ שוסטער!

— אַזאַ בעל־עגלה!

— וואָס קוקט מען אויף זיי?!

יהודה־לייב דער וואָכערניק האָט זיי באַרואיקט:

— ס'איז גאָרניט געווען. ס'האָט זיך אייך געדאַכט.

דערווייל האָט יודעל שטיל גערעדט צו יחזקאל'ן:

— לאָמיר זיך פון דאַנען אָפּטראָגן מיט גאַנצע ביינער.

יחזקאל האָט זיך געבריה'ט און מיט געמאַכטער רוגזה געוואָרטשעט:

— כ'האָב קיין מורא ניט!

יודעל האָט שטיל גע'טענה'ט:

— קאָנסט זיך ניט שטעלן קעגן אַזאַ עולם. וואָס וועלן מיר טאָן, אַז זיי וועלן אָנהויבן וואַרפן שטיינער?

— זיינען ניט קיין גזלנים.

— זיי ניט קיין איינגעשפּאַרטער.

פון דער אַנדער זייט האָט שמואל פרימאַ'ס ווייכע שטים גערופן דעם עולם צו אָרדנונג:

— שאַ, רבותי!

אַ גרויסער טייל פון געזעמל האָט זיך אַ קער געטאָן צו שמואל פרימאַ'ס זייט.

יודעל האָט געצויגן יחזקאל'ן פאַרן אַרבעל:

— גיך, לאָמיר זיך אָפּטראָגן פון דאַנען!

פון קליין פענצטערל האָט שבתי־צבי מיט קראַנקהאַפטער נייגעריגקייט געהיט די טומלדיקע אויפרעגונג צווישן עולם, און כאָטש נאַקן און רוקן האָבן אים באַזונדערס וויי געטאָן פון גע־שפּאַנטער אָנשטרענגונג צו וועלן זען, וואָס ס'קומט פאָר פאַר די טירן, פונדעסטוועגן האָט ער מיט געשפּאַנטקייט באַטראַכט ווי דער געזעמל צעשיט ווי אַן אויפגעעפנטער זאַק ניסלאַך. ער האָט זייער ליב געהאַט גרויסע מאַסן, דערהויפּט ווען זיי זיינען געווען פאַרזאַמלט פון זיינטוועגן. ער האָט פון קינדווייס אָן גע'חלום'ט צו שטיין אויף אַ בימה אין מיטען פון אַ גרויסן עולם, און אַלעמענס אויגן זאָלן זיין געווענדט צו אים. ער האָט זיך אָנגעשטויסן וואָס ס'מוז אַצינד דאָרטן פאָרקומען אין דרויסן: די געוויינלאַכע מהומה, אַ קריגערײַ צווישן זיינע חסידים און די מתנגדים, און ס'האָט זיך אים אַצינד

שטאַרק געוואָלט, אַז די שטערער זאָלן כאַפּן אַ ביטערע מפּלה. זיין בלוט איז געלאָפן גיכער, און אַ געפיל פון נקמה האָט אים אַרומגעכאַפּט, ער איז געוואָרן אויפגעבראַכט: — און ער וואָלט זיי עוקר מן השורש געווען! — דערביי האָט ער מיט פאַרשלאָסענע ציין געזאָדן מיט רציחה. ס'איז אים געווען צו מוט ווי צו שלאָגן, ברעכן, טרעטן מיט די פיס: — אָט אַזוי! אָט אַזוי! דערביי האָבן זיינע פיס געמאַכט די באַוועגונגען, וואָס זיי וואָלטן געטאָן דעמאָלט, ווען ער וואָלט זיי געהאַט פאַרזיך אויף צו'אמת'ן.

שפּעטער האָט ער געפרעגט שמואל'ן:

— וואָס איז דאָרטן געווען פאַר אַ מהומה?

שמואל האָט'ס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

— גאָרנישט, צוויי אידן האָבן זיך צוקריגט.

שבתי־צבי האָט געוואוסט, אַז שמואל פאַרבאָרגט פון אים דעם אמת: — תמיד אַזוי. ער גיט אים קיינמאָל ניט אָפּ קיין קלאָרן חשבון. ער פאַרשאַרט, ווי אַ הון, אַלע ענינים. און וואָס מיינט ער דערמיט? וואָס איז ער אויסן? ער האָט גערעדט:

— כ'האָב פון פענצטערל באַמערקט אַ כעס'דיקע אויפרעגונג. עפּעס איז געוואָרן אַן אויפגעלאַף. ס'האָט אויסגעזען ווי מ'וואָלט זיך שלאָגן.

שמואל האָט שטייף גערעדט:

— וואו ס'פאַרזאַמלט זיך אַ גרויסער עולם ברעכט אַלע מאָל אויס קליינע קריגערייען... ס'איז אין דער טבע אַזוי... הייס בלוט... און אידן זיינען אויפגערעגטע, דערהויפּט צווישנזיך...

שבתי־צבי האָט אויפגעהויבן די ברעמען, אַרויסגעשטעקט די אונטערשטע ליפּ און זיין פּנים איז געוואָרן אָנגעוואָלקנט. ער האָט גענומען גיין איבערן צימער און געזונגען: "ימין ה' רומומה, ימין ה' עושה חיל".

דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אויפן קול אַרויסגעזאָגט:

— וכך היה אומר: אחת ושתים...

שמואל פּרימאַ איז אַרויס, געצויגן די אַקסלען: — משוגע!

אויפן וועג קיין סטאַמבול האָט יודעל דער בעל־עגלה זיך גע'חידוש'ט. ס'האָט זיך אים ניט פּאַטויפּעט, ווי אַזוי יחזקאל האָט געוואַגט זיך איינער אַליין צו שטעלן אַנטקעגן אַזאַ עדה. ער האָט גערעדט:

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, יחזקאל, אַז מיר האָבן אָפּגעשפּילט מיט גליק. זיי האָבן דאָך אונז געקאָנט צורייסן ווי הערינג, האָבן אונז געקאָנט אין לייַלאַכער אַוועקטראָגן.

און יחזקאל איז נאָך אַלץ געווען תקיף. ער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. ער האָט גערעדט:

— און מיר פאַרדריסט, וואָס איך האָב דעם עזות'ניק ניט דערלאַנגט אַ פאַרפאַר אין פרצוף. קאָנסט זיך, יודעל, ניט פאָרשטעלן, ווי ס'האָבן מיר געביסן די פינגער... ס'פאַרדריסט מיר ביז גאָר... די אַלע יאָלדן האָבנ'ס געהיי איבער אונז... איך בין אָן אויפגעקאָכטער געוואָרן — אַזאַ שקר! דערציילן אַן עדה אידן, אַז מאָרגן ווערן זיי אויסגעלייזט. מ'דאַרף דאָך האָבן פאַרשטאָכענע אויגן. און ווער איז דער גואל? — שבתי־צבי... איך זאָג דיר, יודעל, איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן...

יודעל האָט גערעדט:

— בעסער אַזוי. פאַרשטייסט דאָך, יחזקאל, ס'וואָלט געקומען צו עפּעס, וואָלט איך זיך דאָך אַביסל אויסגעטויגט. ס'וואָלט געפלויגן קעפּ ווי שפּענער. אָבער צווישן אונז גערעדט ס'איז בעסער אַז אַזוי.

יחזקאל האָט געזיפצט:

— זאָל שוין זיין. פאַרפאַלן...

יודעל האָט מיטן אויג פון אַ מבין באַטראַכט די געפּענטעטע פערד, וואָס האָבן זיך פרידלאָך געפיטערט ביים זייט פון שליאַך. זיין קוק איז געבליבן שטיין אויף אַ גוט געכאָוועטן בולאַן און אים געשאַצט אין פופציק טאָלער.

דערנאָך האָט ער יחזקאל'ן געפרעגט:

— ס'איז אמת, אַז דעם תשעה־באָב וועט מען ניט פאַסטן, און מ'וועט ניט זאָגן קיין קינות?

יחזקאל האָט זיך אָנגעצונדן:

— אַזוי לאַנג קרענקען זיי. האָב קיין מורא ניט, יודעל, ביי אונז אין שול וועט זיין תשעה־באב ווי אַלע יאָר. מען וועט אָן קעפּ אַוועק, הערסט יודעל. זיי וועלן אַלץ ניט אויספירן. ווען די איבעריקע וואָלטן כאָטש געווען אַביסל מער מענטשן. ס'איז אַן אומגליק. ס'קומט צו עפּעס איז ניטאָ מיט וועמען צום טיש צוגיין. דער איינציקער אויף וועמען מ'קאָן זיך פאַרלאָזן ביסטו. אָבער די איבעריקע?

און האָט אַ פּאַך געטאָן מיט דער האַנט.

יודעל האָט גערעדט:

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, יחזקאל, אַז איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס דאָ טוט זיך. כ'וואָלט וועלן, אַז אימעצער זאָל מיר אַריינטויפן אין קאָפּ. איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין. איך הער „גאולה", „גאולה", „משיח", כ'הויב ניט אָן צו פאַרשטיין. איך ווייס אין דאַוונען זאָג איך עפּעס וועגן דעם, אָבער איז'ס דאָך אין דאַוונען... אויב ער איז דער משיח, וואָס זיצט ער אין תפיסה? ווי אַזוי וועט ער אַרויסנעמען די אידן פון גלות, אַז ער קאָן ניט אַרויס פון תפיסה? זאָל איך אַזוי ניט וויסן פון בייז, ווי איך ווייס ניט וואָס דאָ טוט זיך...

יחזקאל האָט געצויגן די אַקסלען:

— עפּעס אַזאַ מהומה, אַז מ'קאָן קיין טאָלק ניט דערגיין... איך זאָג דיר, יודעל, אַז מירן דאָ ניט גוט אָפּשניידן. הלואי זאָל איך ליגן זאָגן. די טערקן שאַרפן שוין פון לאַנג אויף אונז די ציין... אונזערע אידעלאַך האָבן זיך דאָ פאַנאַנדערגעלייגט ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן. האָסט עפּעס אַ השגה וואָס דאָרטן טוען זיך פאַראַ מעשים אין שלאָס אַבידאָס? מעשי סדום ואמורה... זנות אויף טיש און אויף בענק, — הלואי זאָל זיכ'ס גוט אויסלאָזן...

און האָט געזיפצט.

## ב.

שבתי־צבי'ן איז ניט איינגעגאַנגען, וואָס די מלוכה האָט אין אים ווי אין גאַנצן פאַרגעסן. ס'איז אים געוואָרן קשה און געטראַכט, אַז ס'איז ניט קיין גוטער סימן. ס'האָט זיך אים ניט געלייגט אויפן שכל, אַז די, וואָס האָבן אים מיט אַזאַ הנאה איינגעשפּאַרט זאָלן מיטאַמאָל ווערן גלייכגילטיק צו זיין גורל. ער האָט מיט מורא חושד געווען, אַז הינטער דער טערקישער גלייכגילטיגקייט קאָכט זיך אַזוינס, וואָס וועט דערנאָך איבערשוימען דעם טאָפּ.

פון שמואל פּרימאַ און די איבעריקע האָט ער קיין שום טאָלק ניט געקאָנט דערגיין. זיי האָבן אַלע געלייגט גרויס בטחון אויפן גרויסוויזיר און גערעדט מיט זיכערקייט וועגן באַלדיקער באַפרייאונג. ער, אָבער, האָט אין דעם געז'ספק'ט און איז דאָרום אַריינגעפאַלן אין אַ פינצטערע שטימונג, און איינמאָל, ווען ער האָט וועגן דעם

גערעדט מיט זיין פרוי שרה, איז ער שרעקלאַך אויפגעבראַכט געוואָרן אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט און געזען בחוש זיין סוף.

ער איז געווען אויפגערעגט און צוטומלט, נערוועז אַרומגע־שפּאַנט איבערן צימער, און ווי תמיד אין אַזאַ פאַל געציילט די שפּרייזן, פון צייט צו צייט איז ער געבליבן שטיין, געקייט דאָס בערדל, גערעדט עפּעס צו זיך, געמאַכט מיט די הענט, געצויגן די אַקסלען און ברעמען, — און גוואַלד רבונו דעלמא כולה!

שרה איז געלעגן אין זאַטער חצופה'שער פּאָזע אויסגעצויגן אויפן דיוואַן און פאַרצערט מיט דער גלייכגילטיקסטער מינע אין דער וועלט, צוקערלאַך פון אַ פאַבריק געפלאָכטן קאָרב וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט פון איר האַנט.

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? — האָט ער נאָכאַנאַנד צו זיך גערעדט און געפילט אַ שווייס אַרויסטרעטן איבערן לייב.

שרה האָט אויפגעהויבן איר אויבערשטן טייל קערפּער, זיך אָנגעשפּאַרט אָן עלנבויגן, געקוקט אויף שבתי־צבי מיט דער מינע פון אַ פרוי, וואָס איז זיכער אין איר כישוף אויף מאַנסביל און ווייסט דאַריבער ווי וויט זי קאָן ציען, און וואָס זי קאָן דערוואַרטן. איר בולט'ע, אויגנוואַרפנדיקע, שענקייט איז געווען צוגעפאַרבט מיט וואַרשיינלאַכע אָנצוהערעניש אויף תאוה־גענוס. איר פעטלאַכער, קעציש בויגיקער קערפּער, האָט געאָטעמט מיט האַרעם, געלאָזט אַרום זיך שפּירן אַזאַ רואיגקייט און פוילקייט, וואָס ס'איז שייך יענע פרויען, וועלכע זיינען איינגעווייעט אין אַלע אַקטן פון תאוה...

זי האָט מיט וואוילקלינגענדיקער שטים גערעדט:

— וואָס ביזטו אַזוי צוטראָגן, שבתי? היינט מער ווי תמיד. צופיל געטרונקען?

איר קול ווייך און גלאַט האָט געררייצט, גורם געווען אַ קריכנ־דיקן שוידער איבער זיין רוקען, ווי דער שוואונג פון אַ בייטש איבערן קאָפּ. עפּעס איז געלעגן אַזויפיל געקרייזלטקייט און פריקרע זיסקייט אין איר מעטאַל קלינגנדיקן קול, אַז ס'האָט אים אויפגע־בראַכט, אָנגעצונדן מיט האַס.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי פערצען, אַ טראַכט געטאָן וואָס ס'קאָן באַדייטן די צאָל פערצן. אויפן אָרט ניט געפונען קיין ענטפער, און ס'האָט אים פאַר וואָס עפּעס פאַרדראָסן. ער האָט געקוקט מיט

ליידיקע אויגן אויף אירע קלאָרע, פעטע בריסט און אָפּשטייענדיקע לענדען. באַקומען אַ שמערצלאַכן באַגער איינצובייסן זיינעציין אין דער אינטערעגירנדיקער גלאַטקייט פון שטייפן לייב. ער האָט אויף זיך אָנגעצויגן אַזאַ אומגעזונטע רואיגקייט און געזאָגט:

— שרה, איך האָב מורא, אַז אונזער גורל איז פאַר'חתמ'עט. מ'ווייסט וועגן אַלץ אין הויף.

שרה האָט, ווי ניט איר מיינט מען, גענאָגט אַ צוקערל, געהאַט אַן אויסדרוק פון איינער, וואָס וויל מיט אַ כיון אימעצן אַרויסברענגען פון געדולד.

זי האָט אַזוי אין דער וועלט אַריין אַ זאָג געטאָן:

— איז וואָס אַז מ'ווייסט.

איבער זיין לייב איז געקראָכן אַ שוידער, ווי ביים שניידן געוואַנט מיט אַ טעמפּן מעסער. דער מויל איז פול געוואָרן מיט וואַסער. ס'האָט אין אים וואָס אויפגעברויזט און באַקומען אַ שמערצענדיקן פאַרלאַנג צו ברעכן און צעשמעטערן. זיינע פינגער האָבן זיך קראַמפּיק געצויגן צו אַ וואַזע, וואָס איז געשטאַנען דערביי אויף אַ קליין טישל, — און אַרומכאַפּן איר האַלז, דעם פעטן האַלז! ער האָט מיט קוים איינגעהאַלטענעם כעס געפרעגט:

— ווייסט ניט, שרה, וואָס ס'מיינט.

און איר קייענדיקע שטים האָט צוריק געפרעגט:

— ווייסט ניט, שבתי, וואָס מ'טוט אין אַזאַ פאַל?

שבתי־צבי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ:

— שווייג!

שרה איז אַ האָר ניט געשטערט געוואָרן פון זיין צושטאַנד. זי האָט מיט דערזעלביקער „מיך־אַרט־ניט" גענאָגט די צוקערלאַך און מיט שמאַכטנדיקער ווייכקייט אין קול דערנאָך גערעדט:

— שבתי, אומזיסט צאָרנסטו. וועסט זיך דאַרפן באַשליסן — אַהער צי אַהין. אַהער — טויט. אַהין — לעבן.

„כל המרבה שיחה עם אישה" — האָט אים דערלאַנגט אַ שלאָג אין קאָפּ. — אין דער רגע האָט ער מיט צײַנקרינצנדיקע שנאה ניט געקאָנט פאַרטראָגן איר מינדעסטע תנועה, — אַך גאָט, אַך גאָט! „כי באו מים עד נפש"!...

שרה האָט זיך אויפגעהויבן פון דיוואַן, פאַרביי אים הוריש אַ שאַר געטאָן, געלאָזן אַ זיסלאַכן ריח פון אַן אַראַבישן עסענץ.

ער האָט איר נאָכגעקוקט מיט אויגן פול האַס און פיינטשאַפט. זיינע ציין האָבן זיך צונויפגעדריקט. — אשת זנונים!...

זי איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, זיך אַ קער געטאָן, געהאַט אַן אויסדריק אויפן פנים פון ווען עפּעס זאָגן. זי האָט טרוקן געריידט:

— שבתי, איך נעכטיק היינט אין סטאַמבול.

— נעכטיקסט אין סטאַמבול? ווי אַזוי קאָנסטו?

— כ'האָב אַ דערלויבעניש פון גרויסוויזיר.

— אַ דערלויבעניש פון גרויסוויזיר?

ס'האָט אים אַ שאַרפער שטאָך געטאָן אין האַרצן. אַ גרינער ווייטאָק האָט אויפגעשרומפּן זיין ברוסט. ס'האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַז זי גייט מזנה זיין.

ער האָט געפרעגט:

— וואָס וועסטו טאָן אין סטאַמבול?

זי האָט שטיל געענטפערט:

— דאַרף זיך זען מיט אייניקע הויכגעשטעלטע מענטשן.

ער האָט שטיל געזיפצט. אין קאָפּ האָט זיך מיט ביטערקייט איבערגע'חזר'ט: „דאַרף זיך זען מיט אייניקע הויכגעשטעלטע מענטשן" — אַך, רבונו דאלמא כולה!

איר זיסלאַך שטים האָט געוועקט:

— איך גיי, שבתי.

און איז אַרויס.

ער איז געוועזן ווייטאָגדיק אויפגערעגט, אַ בייסנדיק בושה־געפיל אין שייכות מיטן געדאַנק וועגן איר מעגלאַכער זיין מיט פרעמדע מאַנסבילן, האָט אים שרעקלאַך געפייניקט. זיין מאַרך האָט זיך אַ צינד געטאָן און די אויגן האָבן זיך געשפּאַרט פון די לעכער, אין קאָפּ האָט זיך געבאַמבלט: "אשת־זנונים", „אשת־זנונים", און „ויאמר ה' אל הושע לך קח לך אשת־זנונים"... אַ שאַרפער ווייטאָק האָט געעגבערט זיין ברוסט...

זיין האַרץ האָט אויף אַזוי שנעל און שטאַרק געקלאַפּט, אַז כאָטש, ניט האַלטנדיק די האַנט ביי דער לינקער זייט, האָט ער דייטלאַך געהערט דאָס אויפגערעגטע טיקן: טיק, טאַק, טיק, טאַק, — אך, דאָס האַרץ, דאָס האַרץ!...

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן: און וואָס איז ער אַזוי אויפגערעגט?

ער האָט געזוכט זיך צו באַרואיקן, געפּילט אויב ס'וועט אַזוי לענגער אָנהאַלטן, וועט ביי אים אָן אָדער אין ערגעץ פּלאַצן. ס'איז אים מיט האַרץ פאַרכאַפּנדיקן טרויער איינגעפאַלן, אַז ער ווערט אַלט: אַלץ אין אים ווערט אַזוי שוואַך און לויז. די גרויזאַמע ירידה.

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן דיוואַן, וואו שרה איז נאָר וואָס געלעגן, געשפּירט דעם שאַרף זיסלאַכן ריח פון עסענץ קיצלען זיין נאָז, און ס'האָט אים אַ הויב געטאָן אין לופט: — "אשת־זנונים", אשת־זנונים...

אַ ניטגוטקייט איז אים צוגעפאַלן.

אָבער וואָס וועט זיין דער סוף?

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַרואיקן: צו שנעל און צו אומרעגלמעסיק קלאַפּט דאָס האַרץ, און וואָס איז מיט זיין האַרץ. איִם אויך אומטריי געוואָרן? דאָס האַרץ, וואָס האָט איִם אַזוי גוט געדינט... ער מוז זיך גוט אויסרוען. ער האָט זיך אָפּגעלאָזן און אַזוי כסדר געקוקט אויפן געוועלבטן סופיט, דערהויפּט אויפן פּונקט, וואו איבער דער טיר איז דער געוועלב צונויפגעקומען אין אַ בויגן.

קיין זאַך אין דער וועלט איז פאַר אים אַצינד ניט געווען קלאָר. דאָס איינציקע, וואָס איז שוואַך ערגעץ וואו אין אַ ווינקל געווען אָנגעדייט איז געווען דער געדאַנק וועגן מאַכן אַ שריט, אַן איבער־גאַנג, — אָבער וואָס, ווען?

אַ טרויער איז אים באַפאַלן: — ער ווערט אַלט, ער ווערט אַלט.

אין געוועב פון איבערלעבונגען, זכרונות פינטלען זיך אין מילכרויכיקן שלייער בילדער און בילדער — און מיט יאָרן צוריק, ווען אין זיין האַרצן האָט זיך טיף געוואָרצלט דער גלויבן, אַז ער איז פון הימל באַשטימט צו זיין דער משיח. דעמאָלט, ווען אים האָט אָנגעשפּאַרט נתגלה צו ווערן, — שבת צו קריאת התורה. דעמאָלט, ווען ער איז אַרויף אויף דער בימה און אַרויסגערעדט אויפן קול אַלע פיר אותיות פון שם־המפורש: י ה ו'...

אַ שווידער איז אים אַדורך איבער'ן רוקן.

און אין בלייכרויכיקן געוועב שפּרינגט אויף אַ בילד: דאָס אינעוויקסטע פון שול אין פרימאָרגן ליכט — און ש־ש־ש־ש־אַ...

אין שול איז שטיל, אַזוי שטיל, אַז ס'פילט זיך ווי די לופט איז אָנגעלאָדן מיט דערוואַרטונג. דאָס אָטעמען ווערט איינגעהאַלטן, אַלץ בלייבט שטיין פאַרגליווערט, און די אַלע, וואָס געפינען זיך

אין שול האָבן דאָס אויסזען פון בייוואָוינען די יציאת־נשמה פון אַ צדיק. אַלע קוקן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם אויף אים...
דערנאָך אַ פּלוצים און שטייגנדיקער אויסברוך, אַן אָנלויפנדיקער שטורם אויף אַ דרעמלדיקן וואַלד, אַ ווילדער, פאַרטויבנדיקער טומל, אויפגעהויבענע, פאָכנדיקע הענט, כעס'דיקע פּנימ'ער, פלאַמענדיקע אויגן, געעפנטע מיילער, קעפּ געוויקלט אין טליתים, אויסגעשרייען: „גאָטלעסטערער"! „כופר בעיקר"! „גואל"! „משיח"! "פאַר־שטיינט אים. ער איז חייב סקילה!"...

אַנדערע פאַרגייען זיך אין געבעט: „משיח", „גואל", דערלייז דאָס פאָלק ישראל"...

אַ וואונטש פון יענער צייט איז אויף אים איצט געקומען און האָט געשפּירט דעם ריח פון יענע טעג. אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט אים אַרומגעכאַפּט, — און וואו זיינען די גאָלדענע טעג פון דער יוגנט?

ער האָט זיך דערפילט אַלט און איינגעשרומפּן, די אָוונט־שאָטנס האָבן גענומען פויזן אויף די ווענט.

ס'איז אַריין דער משרת, אָנגעצונדן ליכט, זיי צושטעלט אין אין די לייכטער. שבתי־צבי האָט אויף אים מאָדנע געקוקט, גע־זשמורעט די אויגן, געזען ווי ער באַוועגט זיך שטום און געהאַט אַ שווערן געפיל פון אָנקומענדיקער נאַכט און איינזאַמקייט. ער האָט געעפנט דאָס מויל:

— ישראל?

— איך בין גרייט מיין רבי און האַר.

— ווער איז אין פאָרהויז?

דער משרת האָט אונטערטעניק געהאַלטן דעם קאָפּ געבויגט און שטיל געזאָגט:

— ר' מאיר פון סמירנאַ, אַ איד פון ליווארנא, צוויי אידן פון פוילן, ר' ישראל חריף פון סאַלאָניקי.

שבתי־צבי האָט זיך ווי באַקלאָגט:

— ישראל, איך וויל קיינעם היינט ניט זען. דער קאָפּ איז מיר שווער.

— דער ווילן פון רבי און האַר זאָל געשען.

און איז שטיל אַרויס.

די פלעמלאַך פון די ליכט האָבן זיך לאַכמאַנע געוויגט, געבלאָזן

פון אַ מילדן צוג. די פלעקן־שאַנטס האָבן זיך פאַמעלאַך און שווער באַוועגט אויף די ווענט און דיל. אין צימער האָט זיך פאַרשפּרייט יענע מרה־שחורה, וואָס קומט שטענדיק ביים אָנצינדן ליכט, און זיך דערפילט מיטאַמאָל פאַרזונקען אין אומבאַשטימטקייט פון וואָלד און חלום. ער האָט געזיפצט: נאַכט איז נאָר פאַר יוגנט.

אין אים האָט מיטאַמאָל דערוואַכט אַ באַגער צו פאַרברענגען די נאַכט מיט אַ פרוי אויף זיין געלעגער, — אַ פרוי אַן אומבאַקאַנטע, אַ יונגע און אומבאַרירטע...

אין הויף און אין די פאַרצימערן פון שלאָס אַבידאָס, האָט זיך דער טאָגטומל ביסלאַכוויים געוומען אויסוועפן, ס׳האָבן זיך אָנגעצונדן אין אָפגעזונדערטע ווינקלען די אומעטיקע פייערלאַך, — די פייערלאַך פון פעסטונג־נאַכט. טויערן האָבן געסקריפּעט און זיך שווער פאַרמאַכט. די שטרענגע, באַוואַכטע נאַכט איז לפנים אַריין אין קראַפט, די טיר פון דער וואַך האָבן ליידיק געהילכט, זיך פאַנאַנדערגעטראָגן איבער די קאָרידאָרן. פון ערגעץ האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען, דערמאָנט אָן די מחמד׳אַנישע תפילות.

לעצטנס האָט זיך שבתי־צבי געוומען שרעקן פאַרן אָנקום פון נאַכט. ער האָט שלעכט געשלאָפן, דערצו האָבן משונה׳דיקע זעאונגען אָנגעפילט דעם חלל און צושטערט זיין רו. גאַנצע שעה׳ן פלעגט ער אַזוי אָפליגן מיט שטאַר קוקנדיקע אויגן, און אים פלעגט זיך דאַכטן אַזוינע טשיקאַווע זאַכן. חלומות שווערע, אויסמאַטערנדיקע, פול מיט שרעקבילדער, האָבן זיין נאַכט פאַרוואַנדלט אין אַ שווערע אָפּקומעניש. אַצינד, ווי שטענדיק, האָט ער מיט אַ געפיל פון אַנגסט דערוואַרט דאָס אָנקומען פון נאַכט, — און ווידער אַ שטיק אויס־געצויגענע פינצטערניש, און האָט דאַרום אַצינד מיט בענקשאַפט געפילט די באַדערפעניש פון האָבן אימעצן אַרום זיך, אימעצן אין וועמעס אָרעמס ער זאָל קאָנען איינשלאָפן. — און זיין דמיון האָט זיך פאַנאַנדערגעוואַרמט.

פון ערגעץ זיינען געקראָכן געשטאַלטן: — פרויען אין פאַר־שיידענע אופנים פון אויפגערעגטקייט. ער האָט זיין פאַנטאַזיע געלאָזט פריי.

זיינע אויגן האָבן געגליט מיט אומגעזונטן באַגער. ער איז געוואָרן אויפגערעגט.

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש וואו די פלאַש מאַלאַגאַ ווין

איז געשטאַנען, אָנגעגאָסן אַ גרויסן גאָלדענעם כוס און פֿאַמעלאַך געגומען זופּן.

דער ווײַן האָט אים דערוואַרעמט, צוגעקומען צום קאָפּ, געוואָרן מוטיקער און אויפֿן קול געגומען זינגען:

אתה נורא, אתה מביא,
האיר זרח כהן נביא,
מי כמוך אור לבבי...

ס'איז אים אַרויף אויפֿן זינען, אַז ס'איז נתן פֿון עזה'ס אַ שיר, וואָס ער האָט מחבר געווען צוליב זײַן כבוד מיט יאָרן צוריק, און ס'איז אים עפּעס אויסגעקומען אַזוי ווײַט. — און וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דעם צווישן?

שמואל פּרימאָ האָט פֿאַמעלאַך געעפֿנט די טיר, אַרײַנגערוקט פֿריער דעם קאָפּ, געזען דעם אויפֿגעלעבטן שבתי־צבי, געשמייכלט מיט אַ דין שמייכל: — שיכור.

שבתי־צבי האָט מיט גרויסע, גליאיקע אויגן געקוקט צו דער טיר, און ס'איז אים אויסגעקומען טשיקאַווע: אַ באַקאַנטער קאָפּ, אויגן, נאָז, באָרד, און אַלץ צוזאַמען אַזוי ווילד פֿרעמד... שמואל פּרימאָ? יע, ס'איז שמואל פּרימאָ... שמואל פּרימאָ, שמואל שמואל פּרימאָ... אָבער ווער איז אַזוינס שמואל פּרימאָ?... אַן אויסעצויגנקייט, אַ ליידיגקייט... שמואל פּרימאָ — מאָדנע! און פֿאַר אים איז צערונען געוואָרן די באַדײַטונג פֿון נאָמען. ער האָט'ס ניט געקאָנט באַגרייפֿן... אַ קאָפּ געוויקלט אין אַ הויב... אַזאַ גרויסע נאָז, און די פֿייערלאַך זײַנען אַזוי צעקלעקט... מאָדנע פֿייערלאַך: ברענענדיקע מאַנדלען...

שמואל פּרימאָ איז אַרײַן אינווייניק און מיט פֿעסטע טריט צוגעקומען צו שבתי'ן. אויפֿן געזונטן, שטריכיקן פּנים האָט ער געטראָגן אַן אויסדרוק פֿון ווילן עפּעס באַריכטן, — זייער וויכטיקס. שבתי־צבי האָט אויף אים געקוקט מיט ליידיק פֿאַרגלעזערטע אויגן:

— וואָס איז, שמואל?

שמואל פּרימאָ האָט מיט זײַן שאַרפֿן קוק דורכגענומען דעם אַנטקעגן שטייענדיקן, אַ בייזפֿריידיגקייט האָט אַ שווינדל געטאָן אין זײַנע אויגן. ער האָט אָנגעהויבן:

— ס'איז געקומען ר' מאיר פֿון סמירנאַ, געבראַכט אַ שליחות

פון די דאָרטיקע אידן, פון פּוילן זיינען געקומען שלוחים, ס'איז אויך אָנגעקומען ר' שמעון פון קאַירע מיט בריוו און געלט.

שבתי־צבי האָט אויף דער ערשטער רגע ניט באַגריפן וואָס דאָס אַלץ מיינט: ר' מאיר פון סמירנאַ, שלוחים פון פּוילן, ר' שמעון פון קאַירע... בריוו, געלט... וואָס איז'ס אַלץ? ער האָט אים צומישט אָנגעקוקט.

שמואל פּרימאָ'ן איז געווען באַקאַנט דער צושטאַנד פון שבתי־צבי. אָבער ער האָט'ס ניט אַרויסגעוויזן. ער האָט נאָר גערעדט וואָס מ'באַדאַרף אין אַזאַ פאַל ריידן:

— די שלוחים פון פּוילן פאַרלאַנגען אויפגענומען צו ווערן. אַלע באַריכטן וועגן זיי ווייזן, אַז זיי זיינען וויכטיקע פאַרשטייער. ווען זאָל איך זיי צולאָזן?

שבתי־צבי האָט נאָך אַלץ ניט גוט באַגריפן וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, פונדעסטוועגן האָט ער אַרויסגעזאָגט:

— באַשטימט זיי אויף איבערמאָרגן.

— און ר' מאיר פון סמירנאַ, און ר' שמואל פון קאַירע?

— אויף מאָרגן.

שמואל האָט געמאַכט אַן אָנשטעל צו פאַרלאָזן דעם צימער, אָבער ער האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און געבליבן שטיין מיט אַ האַלב גeעפנטן מויל, ווי עפּעס צו אַרויסזאָגן.

— וואָס ווידער, שמואל?

שמואל איז געווען צופרידן צו באַריכטן, וואָס ער האָט גאָר צום ערשטן אים געוואָלט לאָזן וויסן. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— זי איז אין קאָרידאָר.

שבתי־צבי האָט אים אָנגעקוקט:

— ווער איז אין קאָרידאָר?

— די פאַרשלייערטע.

— די פאַרשלייערטע?

— די זעלביקע, וואָס האָט אַמאָל געוואָלט צוגעלאָזן ווערן.

שבתי־צבי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען, דורכגעלופטערט זיין זכרון, און מיט אַמאָל זיך געכאַפּט: אָ, די פאַרשלייערטע יונגפרוי!... זיינע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן, ער האָט מיט געצאַמטער שטים געפרעגט:

— זי איז אַצינד דאָ. וואָס וויל זי?

שמואל האָט געצויגן די אַקסלען אין דער הויך:

— כ'ווייס ניט.

שבתי־צבי'ס אויגן האָבן אומהיימיש געלויכטן, ער האָט פול געפיל גערעדט:

— פרעג זי וואָס זי וויל. רייד צו איר גוטע רייד... לאָז זי צו, שמואל.

שמואל איז אַרויס.

שבתי־צבי האָט צופרידן געריבן די הענט, און האָט אויפן קול גענומען זינגען:

נאַכט פאַלט אויף די טורעמס פון גראַנאַדאַ,
געהילט אין שוואַרצן מאַנטל שפּאַלט די לופט
דאָן אלווירא, אַ פענצטער שטיל עפנט זיך,
אַ זיס קול שטיל רופט און רופט...

און גאָט פאַרלאָזט ניט. און אַזוי תמיד: ווען דאָס לעבן דער־נענטערט זיך צו אַ סכנות'דיקן פונקט — פּאַסירט דאָס... וואונדערלאַך זיינען די סודות'דיקע וועגן פון גורל... און וואָס פאַראַ גליק... זאָל ער טרינקען פון רובין רויטן מאַלאַגאַ?... ניין, ניט היינט. וויין שוואַכט אָפּ. ער מוז היינט שטאַרק זיין. — און האָט אויפן קול גענומען זינגען:

„ימין ה' רוממה, ימין ה' עושה חיל"...

ג.

אין דער הוזשנדיקער שטילקייט און פינטלדיקע טונקלקייט פון שטיינערנעם קילן קאָרידאָר, האָט זיך לייכט באַוועגט דער סילועט פון אַ פרוי. די טריט קליינע, לייכטע האָבן געהילכט, זיך געטראָגן צווישן די ווענט, דערמאָנט אָן פאַרגליווערטע פרידלאַכקייט און טיפע נאַכט.

שמואל פרימאַ איז דער פיגור אַנטקעגן געקומען.

— וואָס טוסטו דאָ?

די פאַרשלייערטע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוקט געטאָן, און גלייך פאַרביי געגאַנגען.

שמואל האָט זי שטרענג גערופן:

— וואוהין גייסטו?

די פרוי, גלייך ווי זי וואָלט ניט געהערט, האָט זיך ווי אַ שאָטן געצויגן צו שבתי־צבי'ס טיר.

שמואל האָט געהויבן די ברעמען, געצויגן די אַקסלען: — משוגע. און אים איז איינגעפאַלן, אַז אַלע דאָ צווישן די ווענט זיינען עפּעס ניט מיט אַלעמען, און געטראַכט, אַז זי מוז זיין איינע פון יענע צודרייטע ווייבער, וואָס האָבן זיך תמיד נאָכגעשלעפּט נאָך שבתי־צבי, און האָט אים מקנא געווען.

ער האָט זי גערופן:

— וועמען ווילסטו זען? ס'איז נאַכט...

— איך וויל זען דעם משיח.

אַ בייסיקער שמייכל האָט זיך געשפּילט אין די ווינקלען פון זיין מויל און געזאָגט:

— ווילסט זען דעם משיח?

די טיר אַנטקעגן האָט זיך פּאַמעלאַך געעפנט און שבתי־צבי'ס קאָפּ, ווי דער קאָפּ פון אַ טורטל, האָט זיך פּאַמעלאַך אַרויסגערוקט אין שפּאַלט, און געפרעגט:

— וואָס איז, שמואל?

די פרוי האָט זיך גיך אַ קער געטאָן צו דער טיר, געקוקט דורכן דעקטוך אין דער האַלבטונקלקייט, וואו זי האָט נאָר געקאָנט זען די פאָרמע פון אַ קאָפּ. זי האָט מיט דער נייגעריגקייט פון אַ פרוי, שוין אויפן אָרט געוואָלט זען ווי דער משיח זעט אויס, אָבער אויסער, מיט דער טונקלקייט אויפגעגאָסענער פאָרמע,האָט זי ניט געקאָנט זען. ס'איז איר אין דער רגע פאָרגעקומען, אַז ס'איז אַ חלום: — אַזוי אומוואָר.

שבתי־צבי האָט אַרויפגעצויגן אויף זיין פּנים אַ מילדן, פאַר'חלום'טן אויסדרוק און זיך דערמאָנט, אַז אָט מיט דעם אָנשטעל האָט ער אַמאָל געפאַנגען דאָס האַרץ פון אַ רייכן עפּענדיס טאָכטער אין קאַירא. ס'האָט פאַר אים אַ שווינדל געטאָן: פּאַלמען אויפן גרונט פון אַ טיף בלויען הימל, אַ שטאַרקער ריח פון בלומען, אַ טייך, — גלאַנציק ווי געשייערט זילבער. אַ רגע האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז ס'פאַרדריסט אים פאַר דעם וואָס ס'איז געווען, אָבער ער האָט'ס באַלד פאַרווישט, זיך אויסגעגלייכט און מיט פאַרב און קלאַנג אין שטים האָט ער געפרעגט

— וועמען פאַרלאַנגט צו זען די איידעלע?

און שטיל איז געקומען אַן ענטפער:

— דעם משיח.

שבתי־צבי האָט אויף איר געקוקט, געהאַט אַ געפיל פון אומ־ווירקלאַכקייט. ער האָט פאַרביק גערעדט:

— ווילסט זען דעם משיח, דיין רצון זאָל געשען, געבענשט צו גאָט דיין קומען, און האָט ברייט געעפנט די טיר, זיך געשטעלט אָן אַ זייט, באַקומען דאָס געשטעל פון אַן איידלהאַר. ער האָט מעשה אַזוינער גערעדט

— אָפן איז די טיר פון מיין אָרים וואוינונג. זיי געבענשט צו גאָט, דו איידעלע.

איר האָט אין קאָפּ געשווינדלט: משיח, הויכע, קאַלטע ווענט, שאָטנס און שאָטנס.

זי איז אַריין אין דער ברייט געעפנטער טיר.

שמואל פרימאָ האָט מיט בייזער קנאה געקוקט אויף דער פאַר־מאַכטער טיר. זיין האַרץ האָט גיך געשלאָגן. זיין אויפגערעגטער דמיון האָט זיך פאַנאַנדערגעוואָרמט, און האָט מיט טיפן, נאָגנדיקן ווייטאָק געזען, ווי די פאַרשלייערטע טוט זיך אויס: אַ קלייד נאָך אַ קלייד. אַ שאַרפע קלעמעניש האָט אים אַרומגענומען. זיינע ליפּן בלייכע און טרוקענע האָבן געצוקט.

אינווייניק האָט שבתי־צבי נאָכאַנאַנד געקוקט אויף דער פאַר־שלייערטער, געהאַט אַן אומדייטלאַכע פאָרשטעלונג וועגן אַ פאַר־שטייענדיקע פּאַסירונג, און דערווייל ניט געוואוסט וואָס אָנהויבן צו טאָן. ער האָט מיט גלעטנדיקער שטים גערעדט:

— איידל קינד, ווער ביזטו און פון וואַנען קומסטו?

זי האָט דורכן שלייער אויף אים געקוקט, און קיין לשון ניט געפונען.

און ער האָט ווייך און איידל געטריבן:

— וואָרום זיינען פאַרשלאָסן דיינע ליפּן?

זי איז געשטאַנען, ווי עמיצער, וואָס פילט זיך פאַרלאָרן אין אַן אומבאַקאַנט לאַנד: אַלץ אַרום איז פרעמד און אומהיימיש, און דערצו ווייסט מ'ניט וואוהין זיך צו ווענדן.

ער האָט צו איר גערעדט אין זיין געוויינלאַך זיסן געפליגלטן לשון:

— הויב אויף דעם שלייער, דו איידעלע, און זאָל דאָס העלע ליכט פון דיין אַנגעזיכט באַלייכטן די עלנטע מרה־שחורה פון די קאַלטע, אומעט־טיפע ווענט.

זי האָט פּאַמעלאַך אויפגעהויבן דעם שלייער און אירע אויגן פול מיט אנגענעמען גלאַנץ, האָבן איינגעשפּאַרט געקוקט גלייך אויף אים. זיי זיינען געשטאַנען אויף איין אָרט ווי פאַרשטאַרט. ס'איז געווען שווער פון זייער אומבאַוועגלאַכקייט צו משפּט'ן צי זיי זעען גאָר אין גאַנצן: קיין פונק פון געפיל און נייגעריגקייט.

זיינע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן, דאָס מויל האָט זיך אַביסל געעפנט: — אַ בילד פון פאַרוואונדערונג.

פאַר אים אין בליענדיקער יוגנט איז געשטאַנען אַ פרוי, פון וועמעס דערשיינונג ס'האָט געקוואָלן אומבאַפלעקטע מיידלשאַפט, אַנגרייפנדיקע ווייבלאַכקייט און אַ צוזאָג אויף דערהויבענעם גענוס. איר לאַנגלאַך בלייך פנים, מיט די רואיק שטייענדיקע אויגן, האָבן זיך פיין געצייכנט אויפן טונקל מאַטעווען גרונט פון צימער און דערמאָנט אָן די פרויען־געשטאַלטן פון גרויסע איטאַליענישע מאָלער, וואָס ער האָט געזען אין די רייכע און פירשטלאַכע הייזער. פון איר אויבערשט געוואַנט האָט זיך צירלאַך אַרויסגעצייכנט איר שטייף, יוגנטלאַכן בוזים אַרום וועלכן ס'האָט זיך געוועקט אַ קוואַל פון וואוילגענוס.

זיין האַרץ איז געוואָרן שוואַך. זיינע אויגן האָבן זיך געפייכט מיט אומגעזונטער גלוסט. זיין קול האָט געציטערט, ווען ער האָט זי געבעטן זיך צו באַנוצן מיט זיין גאַסטפריינטשאַפט אויפן בעסטן אופן. ער האָט מיט אַ חלש'דיקן שמייכל אויסגעלאָזן:

— קליין און אָרעם איז דאָס אָרט, אָבער וואו ס'איז די זון דאָרטן איז לעבן און פרייד.

ביידע האָבן איינע די אַנדערע אָנגעקוקט און ניט געוואוסט פון וואנען אָנצוהויבן. ער, פון זיין זייט האָט געוואָלט קלאָר ווערן אין צוועק פון איר קומען, כדי איר באַזוך זאָל ניט קאָנען אָננעמען אַ טרוקן געשעפטלאַכע ווענדונג. אין זיין לאַנגער דער־פאַרונג מיט פרויען באַזוכער, האָט ער אויך געהאַט אַזעלכע, וואָס האָבן דרינגנד געזוכט צו דערגיין די סודות פון קבלה און דאַריבער געקוקט אויף אים ווי אויף אַ בעל־מופת. ער האָט אויך געהאַט אַזעלכע, וואָס האָבן אויפן אָרט געוואָלט פּראַקטישע רעזולטאַטן. ער האָט איצט געוואונשן, אַז זי זאָל ניט זיין איינע פון דיביידע.

זי פון איר זייט האָט ניט געוואוסט ווי און וואָס. זי האָט זיך געוויגט אין דער דעה און דערווייל זיך געפילט אין אַ סביבה, וואָס

האָט דערמאָנט אָן אַ שווערן חלום: עפּעס אַזאַ אומהיימיש ליכט, וועגט געוויקלט אין פּויזנדיקע שאָטנס, און פון ערגעץ ווייעט אַזאַ אומגעזונטער אָטעם און אַן אייזנפאַרביקע טיפקייט ליגט פאַר איר, און ס׳דאַכט זיך, אַז מ׳קאָן אַהין אַריינפאָרן מיט אַ שיף, ווי אין אַ געדיכטן נעפּל אויפן ים.

שבתי־צבי איז אַצינד געווען פאַרנומען מיט זיך אַליין. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי ער זעט אויס אין דער מינוט, און ביי אים אין קאָפּ האָבן זיך צונויפגעמישט אַלע זיינע אָנגענומענע געשטאַלטן און פאַרשיידענע פעריאָדן אין משך פון צוואַנציק יאָר. ער האָט אין געדאַנק אויסגעקליבן אַ געשטאַלט, וואָס ער האָט מיט דערפאָלג אָנגענומען מיט צען יאָר צוריק, ווען זיין לעבן און מאַנסבילשקייט האָבן דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט: ער האָט זיך אויסגעצויגן אין פולער הויך, אַרויסגערוקט די לינקע פוס אויף פאָרנט, ווי די פראַנצויזישע קאַוואַליערן, דעם אויבערשטן טייל פון קערפּער אָנגעלענט אָן אַ זייט, איין האַנט אַריינגעטאָן אין גאַרטל, די אַנדערע געלאָזט הענגען, און מעשה גאַלאַנט זיך אַביסל פאַרנויגט און מיט געשוילטער שטים ווייך און זיידיק גערעדט:

— זעץ זיך, דו איידעלע, און זאָל דער דאַך דיך באַשיצן און זיין אַן עדות פון אונזער צוזאַמענזיין. עפן אויף דאָס מויל און זאָלן די ווערטער ווי פּערל קומען, און דער גאָלדענער קלאַנג פון דיין שטים זאָל פאַרטרייבן די בייזע שאָטנס. דערצייל, דו איידעלע, וואָס האָט דיך באַוועגט צו קומען אין אַ נאַכט אַהער אין אָרימען חדר פון אַן אומגליקלאַך געפאַנגענעם?

און זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און גענומען ריידן: דערציילט וואָרום זי איז געקומען אין סטאַמבול, און ווי אַזוי ס׳איז געקומען דערצו וואָס זי געפינט זיך אַצינד אויג אויף אויג מיט אַ פרעמדן מאַנסביל. ס׳האָט געהייסן: — אַז זי קומט פון לאַנד פּוילן, וואו דאָס לעבן פון אידישע טעכטער איז גרוי ווי די טעג פון חשון. זי האָט נאָך פון קינדהייט אָן אין זיך געטראָגן אַן אומרו און תשוקה צו וואָס העכערס. דאָס געוויינלאַכע און יעדערטאָגיקע האָט זי קיינמאָל ניט צופרידנגעשטעלט, ס׳האָט זי געצויגן אין דער גרויסער, פרייער וועלט, וואו די טעכטער פון די פּוילישע פּריצים פאַרברענגען אין רייכקייט און פאַרגעניגן זייערע טעג און נעכט. זי, די טאָכטער פון אַן אָרימען אידן, האָט אין דער שטיל גע׳חלום׳ט

פון שלעסער און העלדן, — העלדן אידישע, וואָס זאָלן קאָנען פאַרטיליקן אַלע אידישע שונאים. דאָס אידישע לעבן אין לאַנד פוילן איז גרוי און וואָכעדיק: דער גייסט דערנידעריקט, דער געמיט געפּאַלן, — קיין פונק פון ליכט און האָפנונג. פאַראַכטונג און שנאה אויף יעדער טראָט. מיטאַמאָל האָט זיך דערטראָגן די פריילאַכע בשורה פון אַ משיח, אַ דערלייזער — אַ מאַן אַ גיבור, איינער וואָס וועט באַפרייען אַלע אידן פון פינצטערן גלות. אַלע מיידעלשע הערצער זיינען פול געוואָרן מיט האָפנונג און דערוואַרטונג. די נייעס וועגן משיח האָט אַריינגעגעבן נייעם לעבן אין האַרץ פון פאָלק, און אַלע האָבן מיט פרייע געמיטער גענומען ריידן וועגן דער גאולה. די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז אַריינגעפאַלן אין אַ ספּאַזם פון אומרו און משיח־טעטיגקייט. אַלץ איז מיטאַמאָל געוואָרן אַנדערש. דער בנין פון פריערדיקן שטייגער איז צעפאַלן געוואָרן. אַלץ איז אָפּגעשרויפט געוואָרן, אין איר שטעטל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן משיח־כלות, און אַלע מיידלאַך האָבן גענומען חלומ׳ען, און זי אויך צווישן זיי, — און אַזוי אַרום האָט זי דערגרייכט סטאַמבול.

די גאַנצע צייט, וואָס זי האָט גערעדט, האָט שבתי־צבי די אויגן פון איר ניט אַראָפּגענומען. זיי האָבן הונגעריק געשפּאַצירט איבער איר גאַנץ געשטעל, זיך פאַרטשעפּעט אָן די מער בולט׳ע פּלעצער פון איר פריש אָטעמדיקע ווייבלאַכקייט, דערביי האָט ער געגאַרט נאָך לייבלאַכער באַרירונג. זיין גאַנץ וועזן איז ערטערווייס אָנגעפילט געוואָרן מיט אַזאַ חיות׳דיקע וואוילקייט, און האָט אויפסניי איבער־געלעבט יענעם וואוילגענוס, וואָס האָט אים באַוועלטיקט, איידער ער האָט דאָס ערשטע מאָל געטיילט דעם געלעגער מיט זיין אַציג־דיקער ווייב שרה: — אַזאַ פיינפילן, אַזאַ נחת־רוח, אַזאַ האַרמאָניע.

אין דערזעלביקער צייט האָט ער זיך אויך געפילט שולדיק, ס׳האָט אים באַנג געטאָן פאַרן אומשולדיקן גלויבן פון יונג מיידל, און ס׳האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס ער קאָן ניט נאָכקומען די אחריות וואָס ס׳איז אויף אים כמעט געגעבן זיין ווילן אַרויפגעצוואונגען געוואָרן.

ווען זי האָט געענדיקט איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען אַ געפלעפטער און געהאַט אַ דערעסלאַכן געפיל, אַז ער דאַרף צעשטערן די האַרמאָנישע גלייכגעוויכט, ס׳האָט זיך אים געוואָלט, אַז די

איצטיקע שטימונג זאָל זיך ציִען און ציִען, — אָבער וואָס איז די פּעולה? ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף, זיך אַרומגעקוקט און געפרעגט:

— ווי רופט מען דיך?

— שפרה.

— שפרה?

ער האָט זיך גע׳חידוש׳ט, ניט זייענדיק געוואָר, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו חידוש׳ן זיך: אַלע נעמען זיינען נעמען. ער האָט זיך געכאַפּט און ווי צו זיך אַליין געזאָגט: „משופרא דשופרא", און ס׳האָט אים אין דער רגע הנאה געטאָן פון איינפאַל. ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיינע פראַגן:

— האָסט משפחה אין סטאַמבול?

— אַ פעטער.

— ווי רופט מען אים?

— יחזקאל שוסטער.

— יחזקאל שוסטער?

ס׳האָט זיך אים עפּעס געבאָמבלט אין קאָפּ, אַז ער האָט לעצטנס געהערט דעם נאָמען דערמאָנען אין פאַרבינדונג מיט עפּעס אַ געשעעניש. ער האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען, — אָבער ס׳איז אים אַרויס פון זינען.

זי האָט כסדר אויף אים געקוקט, געוואָלט דערגיין דעם סוד, וואָס אַזוינס האָט באַ׳כישופ׳ט זיין לעבן. שבתי־צבי, ווי ער איז פאַר איר געשטאַנען האָט אין גאַנצן ניט צופרידנגעשטעלט איר פאַר־שטעלונג וועגן אים. פון די אַלע רייד און מעשיות, וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט, און וועלכע האָבן אַזוי צעוואָרעמט איר פאַנטאַזיע, האָט זיך ביי איר אין דמיון באַקומען אַ געשטאַלט פון איינעם, וואָס שטייט העכער איבער אַלעמען. אין אויסזען, — אַ מאַן הויך ווי אַ צעדער פון לבנון פול מיט די קאָכיגקייט פון טעטיקן לעבן, אַ מאַן מיט אַ קוק פון אַן אָדלער, — אַ קוק וואָס שניידט, ווי ס׳שניידט אַ דימענט גלאָז, און ס׳פעלט נאָר, אַז אַ האַנט זאָל אַ שטויס טאָן די טאַפל אָדער וואַנט אויף וועלכע זיין קוק האָט גערוט אום ס׳זאָל זיך איבערברעכן, — און צום סוף איז פאַר איר אַצינד געשטאַנען אַ מיטליאָריקער מאַן, שווערלייביק, מיט אַזוינע אומגעזונט גליִענדיקע אויגן, וואָס האָבן זי דורכגענומען, געגלעט,

געבריט. און נאָך אַלעמען, וואָלט זי אַליין אויפן אָרט ניט געקאָנט באַהויפּטן, אַז דער יעניקער, וואָס קוקט אויף איר אַזוי מאָדנע איז אין גאַנצן איר פרעמד. אין זיין געמאַך איז געלעגן אַזוינס, וואָס האָט פונדעסטוועגן אויפרעגנדיק געווירקט אויף דער ריין ווייבלאַכער זייט פון איר נאַטור.

שבתי־צבי׳ן איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן, אַז זיין לעבן איז אַוועק: דער זומער איז ביים סוף, און אַט, אַט וועט ער אַריינטרעטן אין דער שווער דריקנדיקער גרויקייט פון מעלאַנכאָלישן האַרבסט. שטיקער פון האַלב פאַרגעסענע ניגונים האָבן זיך אויפגעבלעזלט ביי אים אין קאָפּ: „מעליסעלדא, ליכט פון אייביקער שיינקייט", „די דאָנאַ האָט אירע אָרעמס געשטרעקט", „נאַכט פאַלט אויף די טורעמס פון גראַנאַדאַ"... אַזוי פיל לידער, אַזוי פיל זון: — זון און לידער... אַלץ, אַלץ פאַרשווינדט, אַלץ, אַלץ וועלקט און בלייכט. ס׳ליגן נאַקעט די פעלדער, און ס׳פאַלן די בלעטער פון די בוימער, — אַך, רבונו דאלמה כולה!... און די אַלע לידער האָט ער געזונגען, און זון האָט געגאָסן אַזוי פיל ליכט, און דאָס האַרץ איז געווען פול מיט פרייד און חדוה... אַ צינד? אַ געפיל פון אומבאַהאָלפנקייט האָט אים גענומען פייניקן. — און אין מיטען־דרינען וועט ער ווערן שוואַך... ער האָט מיט אַנגסט געקוקט אויפן מיידל, איר געזען אין איר בליענדיקער פרישקייט און בלענדנדיקער נאַקעטקייט, — און זאָל געשען וואָס מוז געשען!...

ער האָט זי גענומען ביי דער האַנט און קעציש ווייך גערעדט:

— ביזט געקומען, איידעלע, צו פאַרברענגען די נאַכט מיטן אויסדערוויילטן, — געהייליקט זאָל זיין דיין קומען.

זיין האַנט איז געווען טרוקן און הייס און האָט פאַרצערנדיק געבריט דאָס לייב פון איר אָרעם. זי איז מיטאַמאָל אָנגעגריפן געוואָרן מיט אַ פיינלאַך באַגער איר אומשולד, איר יוגנט צו פאַר־שווענדן אין שויס פון דער נאַכט מיטן משיח.

אַ געפיל פון אומזיכערקייט האָט אים באַאומרואיקט, — און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט אין מיטען שוואַך ווערן? ס׳קאָן דאָך טרעפן. דאָס בלוט איז אים צוגעפאַלן צום פנים, און דאָס האַרץ האָט העפטיק גענומען קלאַפּן, איז געוואָרן שווערגעשטימט, אָבער אין דערזעלביקער צייט האָט ער מיט בלייכע ליפּן גערעדט:

— זיי געבענטשט, דו איידעלע...

ד.

פּאַר איר האָט זיך די נאַכט שרעקלאַך לאַנג געצויגן. ס'איז געווען אַ נאַכט אָנגעפּילט מיט פאַרשווענדעטער ענערגיע און אומ־באַפרידיגטן באַגער. זי האָט מיט אַ פיינלאַכן געפיל פון זינקען געפילט די אומדערטרעגלאַכקייט פון דער לאַגע, — און וואו איז זי ערגעץ אין דער וועלט?

אַ גרויל איז געקראָכן איבער איר לייב, און ס'איז איר אויסגע־קומען ווי זי וואָלט בלאָנדזשען אין אַ וואַלד אין אַ פינצטערע נאַכט. איר הויט האָט זיך צונויפגעצויגן.

פון אומעטום האָבן זיך געשפּאַרט שאָטנס און אומבאַשטימטע אימה, — און דער מאַן, וואָס האָט די לעצטע יאָרן געררייצט איר בייגעריגקייט און פאַנטאַזיע האָט פאַר איר צום סוף ניט געקאָנט זיין אַזוינער ווערדליק זי האָט אים געוואָלט צו זיין. ס'איז פאַר איר געווען, אַז אַלץ, וואָס זי האָט ביז אַהער געבויט איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן און אַלץ פאַרשאָטן. ס'איז איר אויסגעקומען אַזוי ווילד און פרעמד, וואָס זי געפינט זיך אַצינד אין אַ געוועלבטן צימער פון אַ שלאָס צווישן קאַלטע, מורא־אָנוואַרפנדיקע ווענט מיט אַזאַ חרמ'דיקע באַלייכטונג, — ווי אין אַ יומכפּור צונאַכט חלום.

און אפשר חלומ'ט זיך איר?

ס'האָט אַ שווינדל געטאָן אין קאָפּ:

נאַכט... דריי הויכע מענער אין בורנאָסן ריידן עפּעס אַזאַ אומפאַרשטענדלאַך לשון... אַ פערד טראָגט זיך איבער אַן אָפּגע־שניטן פעלד... הינט בילן...

עפּעס האָט זיך כסדר געפּלאָנטערט אין קאָפּ, ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז אימעצער רעדט איר אַריין אין אויער.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון געלעגער, געקוקט אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט: אַ געדיכט געפינטלט געוועב, און אַן אומ־אנגענעמע זשומענדיקע שטילקייט. — וואו איז זי?

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון געלעגער, גענומען שפּרייזן איבערן ווייכן טעפּיך. אירע באָרוועסע פיס האָבן דערפילט דאָסזעלביקע, וואָס זי פלעגט אַמאָל פילן ביים איבערגיין פון אַ זאַמדיקן פּלאַץ אויף אַ ווייכגראָזיקן. פּאַר איר האָט אַ שווינדל געטאָן אַ סך פאַרקלערטע בילדער, און ס'האָט אַ ווייע געטאָן אַ ווינטל, געבראַכט איר דעם ריח פון טייך און אַאיר... מ'גייט צום טייך, מ'קריכט איבער די קני

אין פייכטשמעקנדיקע הויכן גראָז, — און אין דער ווייט באָדן זיך אינגלאַך...

זי האָט געקוקט מיט שטאַר אָפענע אויגן אין דער הויך צום קליינעם קײלעכדיקן פענצטערל. — איז נאָך ווייט צו טאָג?

זי איז געווען מיד און דערשעפּט און נאָכאַנאַנד געקוקט אין פינטלדיקן חלל, פאַרלאָרן חשבון פון צייט און אָרט. ס׳האָט זיך עפּעס ווי פון אונטער אַ דעק אַרויסגערוקט אַ פעטער יחזקאל, אַ מומע האָדע, אַ ברוך דער געזעל און האָבן פאַרבייגעשוועבט, — און פיגורן נאָך פיגורן האָבן זיך געצויגן אין אַ כסדר׳דיקער פּראָצעסיע: און פון וואַנען קומען זיי און וואוהי׳ן גייען זיי? און וואָס שניידן זיי אַזוינע גרימאַסן? אָט איז ברוך דער געזעל, עפּעס גאָר אַן אַנדערער. וואָס פאַר אַ מגושמ׳דיקער קאָפּ?! און אַ מויל וואָס ציט זיך פון איין אויער ביזן צווייטן... און וואָס קוליען זיי זיך?...

דורך די קליינע פענצטער איז אַריינגעקומען דער ערשטער גרוי פון פרימאָרגן. די פייערלאַך אין די שמעקעדיקע אוילבעקנס האָבן געוומען בלייכן. אין צימער האָט זיך געשפּירט אַ פאַרשטיקטע לופט, דורכגענומען פון לייבוואַרמקייט און פריקרע בשמים׳דיקן אויל.

זי האָט ברייט געעפנט די אויגן: — טאָג.

זי האָט געקוקט אויפן געלעגער וואו שבתי־צבי איז געשלאָפן, און ס׳איז איר פאָרגעקומען אַזוי ווייט און פרעמד: — ווער איז דער שלאָפעדיקער מאַן? און וואָס טוט זי דאָ?

און געקוקט מיט אָנגעשטרענגטע אויגן אויפן שלאָפנדיקן און זיך געמאַטערט וועגן עפּעס צו דערמאָנען.

שבתי־צבי׳ס שלאָף איז געווען אַן אומגעזונטער: ער האָט געשנאָרכט און שווער געאָטעמט. דאָס מויל האַלב געעפנט, די העמד אַרום האַלז פאַנאַנדערגענומען, געלאָזט אַרויסקוקן אַ שטיק באַוואָקסן ברוסט, איין פוס האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער זיידענער דעק, און דער גראָבער פינגער מיט אַ צעקרימט בלייך נאָגל האָט זיך אָפּגע־טיילט פון די איבעריקע און געהאַט עפּעס אַזאַ רחמנות׳דיקן, עלענטן אויסזען, אַז ס׳האָט איר פאַרנומען ביים האַרצן. אין דער־זעלביקער צייט איז זי אויך אָנגעפילט געוואָרן מיט עקל: אירע אויגן האָבן פיינטלאַך געקוקט.

אַ קאַלטער, קלעפּיק שווייס האָט באַדעקט איר שטערן. זי איז

געוואָרן אומרואיק. אַ חלשות איז איר אונטערגעפאַלן. אַרום דעם אונטערשטן טייל פון האַרץ האָט זי דערפילט אַ נאָגנדיקע לײדיגקייט. זי האָט זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן, מיט ציטערדיקע פינגער צורעכט געמאַכט די צעפודלטע האָר, אויף גיך זיך אָנגעטאָן און באַלד געוועזן אויף יענער זייט טיר.

אין הויף האָט איר דער וועכטער נאָכגעקוקט מיט דער גלייכ־גילטיגקייט פון אַ מענטשן, וואָס איז געוואוינט צו זען פרויען פאַרלאָזן דעם שלאָס אין פרימאָרגן. זי האָט מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ גענומען גיך גיין.

קילע און פרישע לופט — און האָט דורשטיק אין זיך גענומען איינאָטעמען — אַ מחיה!

וואוהין זי דאַרף זיך פאַרנעמען האָט זי קלאָר ניט געוואוסט, אָבער ס'האָט אַצינד ניט אויסגעמאַכט, — אַבי ניט צו זיין דאָרטן.

אינווענדיק אין האַרצן און אין קאָפּ איז אַלץ געווען צעוואָרפן: קיין זאַך ניט אויף אַן אָרט. ס'איז איר געווען צו מוט, ווי זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטען פון אַ שווערן חלום. די צעדרייטע פאַנטאַזיע האָט זיך געטונקט אין אַ ים פון קילער פרימאָרגן־ווירקלאַכקייט, און עפּעס אַזאַ אומגעזונטער געמיש פון איינדרוקן און געפילן.

אין דער ווייטנס האָט לויטערער בורשטין געשטראַלט מיט שלום און רו דעם זוים פון מזרח. אַ שטיל, פריש מאָרגן־ווינט האָט ווייך און גלעטנדיק געבלאָזן, אָנגעזאָגט די נאָענטקייט פון וואַסער. אַן אָזייט האָט אין זיג־זאַג ליניע סטאַמבול פאַרשלאָפן גערוט אַנטקעגן דעם בלויווערנדיקן הימל. די קופּאָלן און מינאַרעטן פון די מאָשייען האָבן זיך פלאַך געקלעפּט אויפן מאָרגן־חלל.

פון ערגעץ איז געקומען דאָס איינטאָניקע געזאַנג פון אַ מחמד'אַניש מאָרגן־תפילה. הינט האָבן געבילן, הענער האָבן געקרייט.

ביי איר האָט געטליעט אַ געפיל, אַז זי האָט זיך פון ערגעץ אַרויסגעריסן און מ'דאַרף דאַריבער לויפן. ווען אירע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט די איינטאָניקע קלאַנגען פון דער מחמד'אַנישער מאָרגן־תפילה איז איר פאָרגעקומען אַז זי האָט'ס אַמאָל אין ערגעץ געהערט, — שוין אַזוי לאַנג: ווען ניט ווען, עפּעס ווייט אויף הינטער, און ס'איז פאַר איר מיטאַמאָל געווען ווי דער היינט און אַמאָל וואָלטן זיך צונויפגעמישט: — און וואָס איז געווען פריער און וואָס איז געווען שפּעטער?

איר גאַנץ לעבן איז איצט געווען פאַרזונקען אין געדיכטן נעפּל און געווען ווייט פון יעדן געזונטן און לעבן אָנגייענדיקן ברעג, ס'איז איר געוואָרן ענג, — און וואָס וועט דער פעטער, יחזקאל, זאָגן? מיט וואָס פאַראַ פּנים וועט זי באַגעגענען די הוי־זיקע?.. און ברוך דער געזעל וועט איר גענוג פּלאָגן און זיך טשעפּען.

ס'איז ביי איר געבליבן אין גאַנצן זיך אונטערוואַרפן אונטערן —פעטער'ס ווילן. יע, — זי וועט חתונה האָבן מיט יצחק „ליטוואַק", — דער מאָדנער שטילער און אָנגעכמורעטער. זי וועט אַפילו חתונה האָבן מיט ברוך־געזעל... זי וועט אַלץ טאָן וואָס דער פעטער וועט וועלן.

ביסלאַכווייס איז דער טונקל מאַרגנטוי איבערגעגאַנגען אין פּערלגרוי. דער מזרח האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ שווינדזוכטיקע רויטקייט. די זון האָט פון שוואַרצן ערדרוקן אַרויסגערוקט דעם אָנהויב פון איר צירקל.

פון וואַסער האָט אַ מילד ווינטל געבלאָזן, געבראַכט מיט זיך די אַנגענעמע פרישקייט פון אָפן וואַסער.

זי האָט פון אונטערן שלייער געקוקט אַרום זיך, געזען ווי פון טירן האָבן זיך גענומען אַרויסרוקן פריאויפשטייער. די גאַסן האָבן זיך גענומען באַלעבן.

ס'האָבן זיך געצויגן און געדרייט גאַסן און גאַסן: פרעמדע, עפּעס אַזעלכע ניט גוטווינשנדיקע. זי האָט געוואוסט, אַז זי בלאָנדזשעט, אָבער ס'האָט זי ניט געאַרט. פאַרקערט: — כאָטש קיינמאָל אין ערגעץ ניט אָנצוקומען.

זי האָט זיך צום סוף פאַרנומען אין אַ געגנט פון שמאָלע געסלאַך, געדיכט באַזעצט מיט אַלטע, ברוגז'ע הייזער. באַקאַנטע, היימישע פּנימ'ער האָבן זיך גענומען ווייזן.

זי איז פאַרבייגעגאַנגען אַ שול, פון וועמעס פענצטער ס'איז געקומען אַזאַ באַקאַנטער ווייכער מורמל. ס'האָט זי אַ נעם געטאָן ביים האַרצן און געוואָרן פרום געשטימט.

פאַרן הויז איז געשטאַנען דער פעטער יחזקאל מיט טלית און תפילין אונטערן אָרעם און מיט זשמורנדיקע אויגן געקוקט אויף דער יונגער זון. ער האָט געהאַט אַן אויסזעען פון איינעם, וואָס משפּט דעם וועטער לויטן זונאויפגאַנג.

זי איז צוגעקומען צו דער טיר אַ שולדיקע.

יחזקאל האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ מינע, ווי ס'וואָלט זיך אים אין קאָפּ ניט פּאַטויפּן, ווי אַזוי זי קומט אַצינד פאַרן הויז אין אַזאַ פריע שעה. ער האָט שטרענג געפרעגט:

— פון וואַנען קומסטו ?!

זי איז געשטאַנען אַ פאַר'משפּט'ע.

— וואו ביסטו געווען ?!

ס'איז איר איינגעפאַלן צו זאָגן, אַז זי האָט גענעכטיקט ביי אַ חבר'טע, אָבער האָט שטאַמלענדיק אַרויסגעזאָגט:

— פאַרבלאָנדזשעט.

— פאַרבלאָנדזשעט ?!

יחזקאל האָט אויף איר מאָדנע געקוקט. זיין פּנים איז געווען האַרט און שטרענג. אַרום די ליפּן האָט זיך געשפּירט אַ פאַרלאַנג צו זיין בייז. איך אַריינזאָגן: וואָס הייסט פאַרבלאָנדזשעט ? גאָרניט גענעכטיקט אין דער היים ? ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן. איר פאַרלעגנהייט האָט אין אים דערוועקט אַ ווייכקייט. ער האָט כסדר געשאָקלט מיטן קאָפּ, און צו זיך אַליין געוואָרטשעט: „פאַר־בלאָנדזשעט". — נו, טאַטע־פאָטער זאָל זיין „פאַרבלאָנדזשעט". צו איר האָט ער געזאָגט:

— וואָס שטייסטו, גיי אַריין אין שטוב.

און איז אַוועק אין שול.

אין שטוב איז געווען טונקל ווערליק אין דרויסן האָט געשיינט די זון. זי האָט זיך ניט געקאָנט פאַנאַנדער קלייבן. עפּעס איז איר אַלץ אויסגעקומען אַזוי טשיקאַווע. די מומע האָדע האָט זיך גע'עסק'ט אַרום פריפּעטשאָק, ברוך דער געזעל אַ צעשויבערטער און אומצו־פרידענער האָט זיך געריעט אין אַ קופּע אָנגעוואָרפענע שטיקלאַך לעדער.

האָדע האָט זי מאָדנע אָנגעקוקט.

— וואו ביזטו געווען, שפרה ? גענעכטיקט אין ערגעץ ?

זי האָט שטיל געזאָגט:

— יע, מומע.

— ביי וועמען ?

— ביי...

האָדע האָט דערווייל אויפגעהויבן דאָס פענדל פון פייער, כדי די מילך זאָל ניט אויסלויפן און געלאָזן שפרה'ן אין מיטען, און דערנאָך וואָס אַנדערש געפרעגט:

— באַגעגנט דעם פּעטער?
— יע.
— וואָס האָט ער עפּעס געזאָגט?
— גאָרנישט.

האָדע האָט אונטערגעלייגט נאָך שפּענער אונטערן דרייפוס, צוגעשטעלט עפּעס קאָכן און מיט פּאָרוואורף און טאָן גערעדט:

— פונדעסטוועגן האָסטו געדאַרפט זאָגן אַז דו וועסט נעכטיקן ניט אין דער היים.

שפרה איז געוואָרן אומגעדולדיק.

— ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט.

האָדע האָט גוטמוטיק גערעדט:

— זאָלסט קרעפּלאַך עסן... היינטיקע צייטן... גאָר אַנ־דערע צייטן.

ברוך דער געזעל איז צוגעקומען מיט אַ שעלמיש שמייכל:

— וואו ביזטו'ס געווען, טאָכטער?

שפרה האָט זיך אָנגעצונדן:

— וואָס ווילסטו?

ער האָט געלאַכט:

— ביזט אין כעס, קעצל?

זי האָט זיך פון אים אָפּגעקערט, אַריין אין אַלקער. ס'איז איר געווען לייכטער אויפן האַרצן.

## י"א

## זעקסטער קאַפּיטל

יחזקאל האָט זיך אָנגעשטויסן וואו שפרה האָט געקאָנט זיין, אָבער ניט געוואָלט זיך גרונטעווען און אַנטוויקלען דעם חשד, און עס געלאָזן הענגען אין דער לופטן. ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז ס'איז אַצינד די בעסטע צייט צו ריידן מיט שפרה'ן וועגן יצחק ליטוואַק. און האָט מיט איר טאַקי אין זעלביקן אָוונט וועגן דעם גערעדט, און דערנאָך זיך גע'חידוש'ט, וואָס ס'איז אים אָנגעקומען אַזוי גרינג דער עסק. זי האָט שטיל און באַשיידן מסכים געווען, נאָר געזאָגט: „אַז אויב אייך, פעטער איז צום האַרצן, איז מיר ניחא". ס'האָט אים זייער הנאה געטאָן, און טאַקי אויף מאָרגן בין מנחה ומעריב פאַרפירט אַ שמועס מיט יצחק'ן, אַריינגעוואָרפן אַן אָנצוהערעניש

דאָ, אַן אָנצוהערעניש דאָרטן, דערנאָך אַרויס כמעט מיט אָפענע דיבורים, און זיך נאָך מער גע'חידוש'ט, וואָס יצחק האָט עפּעס ניט אַרויסגעוויזן קיין ווידערשטאַנד. אמת, ער איז רויט געוואָרן ווי צונטער און גענומען עפּעס שטאַמלען, אָבער יחזקאל האָט צום סוף געדרונגען, אַז „ס'וועט גיין אַ גאַנג" און האָט'ס אָפּגעלייגט אויף שבת־נחמו, ווען ס'וועט זיין פריילאַכער אויפן האַרצן. זאָל נאָר דער תשעה־באב אַריבער. עפּעס איז אויפן האַרצן ניט אַזוי יום־טויב'דיק און פּרנסה איז אויך שוואַך. נאָך שבת נחמו וועט ווערן פריילאַכער: — יום־טובים...

ערב תשעה־באָב האָט אין שטוב געשמעקט מיט געפּאַרעטע מילכיקע לאָקשן און צוגעברענטס. האָדע איז געווען פאַרשמאַיעט: די זון האָט זיך שוין אַרונטערגעלאָזן אונטער די דעכער פון דער אַנדער זייט גאַס און אין הויז איז געוואָרן טונקל און אומעטיק. האָדע האָט זיך פאַרשפּעטיקט, זיך פאַרעדט מיט דער שכנה און די לאָקשן איז נאָך ניט געווען פאַרטיק. אין דער צייט וואָס זי האָט זיך גע'עסק'ט אַרום פריפּעטשאָק האָט זי כסדר גערעדט:

— מיט איר איז אַ מעשה אָן אַ סוף. שיט זיך פון איר ווי ווערמדיקע אַרבעט. אַז זי שטעלט זיך ריידן קאָן מ'חלש'ן אונטער אירע הענט. ווי אַ קלעק, זיך ניט אָפּצוטשעפּען. פון אַלע בייזע הערצער ווייסט זי... זי האָט מיך אַזוי פאַרדורעט דעם קאָפּ, אַז איך ווייס ניט וואו איך האַלט אין דער וועלט... איך בין שוין באַלד פאַרטיק... יחזקאל, קאָנסט זיך שוין באַלד פאַרפּאַסטן... שפרה, טראָג אַריין אַביסל וואַסער...

יחזקאל מיטן געזעל האָבן זיך געזעצט אויף קעסטלאַך. אַ טאַבורעט האָט געדינט פאַר אַ טיש. האָדע האָט צוגעטראָגן דאָס עסן.

יחזקאל האָט איינגעטונקט אַ שטיקל בייגל אין אַש, געזיפצט און ס'פאַרשלונגען. ברוך דער געזעל האָט זיך געקרימט, געווען מיט עפּעס אומצופרידן, געוואָרטשעט, אימעצן געשאָלטן.

יחזקאל האָט אים אָנגעקוקט, געוואָרן ברוגז און מיט פאָרוואורף געזאָגט:

— וואָס קרימסטו זיך ווי פון אַ בויכווייטאָק. וואָס קאָנסטו ניט באַשטיין צו עסן אַ שטיקל בייגל מיט אַש? איך קאָן — דו קאָנסט ניט!?... יאָרן! דערמאָן זיך נאָר, דו גרויסער סטיבון, אַז אין דער נאַכט האָט טיטוס הרשע פאַרברענט דעם בית־המקדש

און טויזנטער זיינען ווי די לעמער אויסגעשאָכטן געוואָרן און דו, גרויסער יאָלאָפּ, קרימסט זיך, וואָס דאַרפסט נעבאַך איינטונקען אַ שטיקל בייגל אין אַש פאַר אַ "זכר־לחורבן"... אַ רחמנות אויף דיר... נישקשה וועסט דערפון ניט שטאַרבן...

ברוך האָט זיך געשטיקט מיטן ביסן, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר פון האַלז זיינען געקומען פאַרשטיקטע, אומפאַרשטענדלאַכע קלאַנגען, פאַנאַנדער געשפּריצטע ווערטער: או, או עסן...

יחזקאל איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— נו שוין!...

ברוך האָט זיך צום סוף באַפרייט פון ביסן, אים פאַרשלונגען און אַרויסגעפּלאַצט:

— מיר עסן אַ גאַנצן יאָר געננוג אַש... היינט זאָלן׳ס די נגידים פרעסן!

און איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט׳ס אַרויסגעזאָגט.

יחזקאל האָט אים אָנגעקוקט, און ס׳איז אים איינגעפאַלן, אַז ס׳איז ניט ווייט פון אמת, אָבער ער האָט אויפן פּנים איינגעהאַלטן די אוימצופרידענע מינע, ניט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז ער שטימט מיט אים ,ער האָט פאַרדראָסיק געזאָגט:

— מאַך ניט קיין מחזקות. עס אויף דעם בייגל מיט די אַש.

האָדע האָט צוגעטראָגן אויף אַ טעלער אַ פּאָר האַרט געקאָכטע אייער און געזאָגט:

— ס׳איז אמת, יחזקאל, וואָס איך האָב געהערט?

יחזקאל האָט איר אָנגעקוקט.

— וואָס האָסטו געהערט?

— טאַקי וועגן תשעה־באָב.

— וואָס תשעה־באָב?!

— לאה כאַסיע האָט מיך אָנגעדורעט אַ קאָפּ, געזאָגט בודטאָ, אַז אין אַ סך שולן וועט מען אָנשטאָט זאָגן קינות גאָר הוליען און זינגען... ס׳איז בודטאָ אַן אוקאַז פון שבתי־צבי אַליין... ס׳איז אמת, יחזקאל...

יחזקאל איז גאָט ווייסט פאַרוואָס געוואָרן אין כעס און ברוגז אַרויסגעפּראַלט:

— ס׳איז אמת, ס׳איז אמת!...

— ביי אונז אין שול אויך?

— ניין! ניט ביי אונז!...

— אָבער אין אַנדערע שולן יע?

— האַדע, איך ווייס ניט!

און געקוקט פאַר זיך אַ ברוגז'ער.

ער האָט איצט געפילט אַ יאָך אויף די אַקסלען. קנאַפּ האָט ער זיך אָנגעשריען ביז ער האָט גע'פועל'ט, אַז די וואָס ווילן זיך משמח זיין זאָלן גיין אין אַנדערע שולן, וואו ס'וועט געפּראַוועט ווערן דער „יום־השמחות"... און ווער ווייסט וואָס קאָן זיך צום סוף אויסלאָזן? ער איז געוואָרן ביי זיך געפאַלן.

פאַרן הויז איז געשטאַנען שפרה און אַ מיידל און האָבן וועגן עפּעס אין דער שטיל גערעדט. דאָס מיידל אַ שוואַרצע מיט גרויסע אַרומלויפנדיקע אויגן, האָט העפטיק אַריינגעג'טענה'ט אין שפרה'ן.

— כ'ווייס ניט, — האָט שפרה אָנגעהויבן, — אפשר וועט זיך אויסלאָזן גוט... זי איז משוגע פאַר אים... זי איז פאַרליבט...

— אָבער, דערמאָן זיך, — האָט דאָס מיידל מיט וואַרמקייט גערעדט, — ער איז אַ בן־יחיד, אַ ציטעריקער. זיין טאַטע איז פון די רייכסטע אידן אין סטאַמבול... ס'וועט זיך קערן וועלטן. ס'וועט אים ניט אָנשטיין... איך האַלט ס'איז אַ משוגעת...

שפרה האָט זיך פאַרטראַכט, שטיל אַרויסגעזאָגט:

— אפשר?

ס'איז אַרויסגעקומען ברוך דער געזעל. דערזעענדיק די צוויי מיידלאַך האָט זיך אַ ברייט שמייכל פאַנאַנדער געשפילט אויף זיין פנים. ער האָט אָנגענומען אַ וואוילינגערישן געשטעל און אַ זאָג געטאָן מיט אַ בייזע צופרידנקייט צום אַנדער מיידל:

— מירקע, איך האָב אַ גריס צו דיר.

— אַ גריס צו מיר? פון וועמען?

— אַנו טרעף.

— איך בין ניט קיין טרעפער. זאָג שוין פון וועמען?!

— ביזט נייגעריק?

דאָס מיידל איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— מאַרודע ניט, זאָג שוין!

ער האָט אַריינגעטאָןביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס, זיך געשטעלט אין אַ פּאוזע, מעשה פיינער־יונג און אַרויסגעזאָגט:

פון אַרעל דעם שניידער!

דאָס מיידל האָט זיך אָנגעצונדן, געוואָלט עפּעס אַרויסזאָגן אַ שאַרף וואָרט, אָבער האָט זיך ווי מיט גוואַלד אָפּגעהאַלטן. זי האָט נאָר געזאָגט צו שפרה׳ן:

— אָט וואָס ער רעדט דאָרטן!

ברוך האָט געוויזן אַלע ציין:

— וואָס דיר שטייט ניט אָן?! ווער ער דיר נאָך אַמאָל געבן פּעטש׳...

— לאָמיר גיין, שפרה, ער איז אַ משוגענער...

און זיינען אַוועק.

יחזקאל און האָדע זיינען אַרויסגעקומען פון הויז. ברוך האָט מיט אַ זויערע מינע נאָכגעקוקט די צוויי אַוועקגייענדיקע מיידלאַך. יחזקאל האָט געזאָגט צו ברוכ׳ן:

— נו, וואָס שטייסטו דאָ? — אין שול...

ברוך האָט געוואָרטשעט:

— ווער ניט פאַרשפּעטיקן.

אַרום שול און אין פּאָליש האָבן קינדער געשטיפּט, זיך גע׳בריה׳ט מיט הילצערנע שווערדן. אידן איינגעבויגענע, פאַראו־מערטע האָבן זיך ווי שאָטנס גערוקט. די זון אַ שטייפע, גלייכ־גילטיקע האָט זיך אין ערגעץ אַראָפּגעלאָזן, און אין גאַס האָט זיך באַזעצט אַ מרה־שחורה.

אינווייניק אין שול האָט זיך דער אומעט געפילט נאָך שאַרפער, ס׳איז געווען ליידיקלאַך, די ליכט האָבן עלנט און פאַר׳צרה׳ט געברענט, און די פיגורן, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די שאָטנדיקע ווענט, זיינען ווי אַלע יאָר געזעסן ביי דער ערד אויף צולייגטע ברעטער אין זאָקן און פאַרזיך אין דער שטיל געמורמלט.

יחזקאל האָט פאַרנומען זיין באַשטענדיקן אָרט, געעפנט די פאַרגעלבטע קינה, זיך אַרומגעקוקט, געכאַפּט מיטן אויג ווער ס׳איז דאָ, ווער ס׳איז ניטאָ, און אין געדאַנק באַהאַלטן די נעמען פון די וואָס זיינען ניט געקומען. ס׳איז אים געווען אויפן האַרצן זייער חושכ׳דיק, און האָט אויך ניט פאַרפעלט אַ קוק צו טאָן אויף הינטער צו זען אויב יצחק איז דאָ. ער האָט אים געזען ביים אויוון זיצנדיק פאַר אַ ליכט און אויפגעעפנטע קינה. אַ גוט און וואַרים געפיל האָט אים אַרומגעכאַפּט. ער האָט געזיפצט.

סילועטן, געוויקלט אין, טויט דערמאָנענדיקן, ליכט זיינען

געזעסן נאָענט צו דער ערד מיט געבויגענע רוקנס און פאַרזיך אין דער שטיל געיאָמערט אין דער דאָזיקער נאַכט פון ניינטן אָב, ווייל מיט טויזנטער יאָר צוריק אין דער פינצטערער אומגליקלאַכער נאַכט, האָט דער פיינט געוואָרפן די ערשטע האַלאָוועשקעס אין הויף פון בית־המקדש, און: —

איכה יועם זהב, ישנא הכתם הטוב תשפתנה,

אבני קדש בראש כל חוצות . . .

טיטוס הרשע האָט געפירט די מחנות, — און יחזקאל האָט אין דמיון געזען ווי די פאַרהאַסטע געצנדינער זיינען אָנגעפאַלן אויף די אידן און געשאָכטן. — זיין בלוט האָט גענומען זידן, זיינע פויסטן האָבן זיך קראַמפּהאַפט צוזאַמענגעדריקט: ער וואָלט אים איצט צעריסן ווי אַ הערינג, — דעם טיטוס הרשע!... אָבער גאָט באַשטראָפט סיי־ווי־סיי. אַ פליג האָט זיך אַריינגעגנב'עט אין זיין רשע'דיקן קאָפּ, זיך דאָרטן באַזעצט גאַנץ ברייטלאַך, געפּיקט און געוואַקסן, אַזוי כסדר געפּיקט דעם טריפ'ענעם מאַרך, געמוזט מיט האַמערס קלאַפּן אום צו פאַרטומלען דאָס פּיקן פון פליג... אָבער וואָס איז די פעולה, אַז דער בית־המקדש פול מיט אוצרות האָט געברענט ווי אַ ליכט, —

זכר ה׳ מה היה לנו, הבט וראה את חרפתנו,

נחלתנו נהפכה לזרים, בתנו לנכרים...

יחזקאל האָט די גאַנצע צייט געפילט, אַז ס'יאָכט אויף זיין נאַקן אַזאַ שווערע משא און איז אָנגעלאָדן געוואָרן מיט אַ בלייענע שווערקייט. ער האָט דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבן פון די געלבע בלעטער און כסדר געזאָגט מיט אַן אומעטיקן ניגון, און —

נפלה עטרת ראשנו, אוי לנו כי חטאנו...

יצחק „ליטוואַק" איז געזעסן ביי דער ערד נעבן אויוון און פאַרן אומגליקלאַכן פייערל פון חלב'ן ליכטל אַריינגעקוקט אין דער קינה, פון צייט צו צייט געפּרואווט זיך אַריינצולעבן אין גייסט פון „איכה", אָבער איז אין מיטען געשטערט געוואָרן פון אַן אָנגלויפנדיקער מחשבה, זיך געלאָזט מיטציען. ס'האָט זיך אים געטומלט אין קאָפּ שטיקלאַך פון אַ רעיון, וועלכן ער האָט שוין לאַנג געוואָלט דערגרונטעווען. ס'האָט געהייסן "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא". — לאו דוקא „כל ישראל" אלא כל אדם. להטבע יש שכל כללי ולא פרטית. כל אדם נברא בצלם אלהים, אין אלהים

אלא — טבע... אויף אַ רגע האָט ער זיך אַליין געוואונדערט אויפן געוואַגטקייט פון רעיון, און ס׳איז אַביסל שפּעטער ניחא געוואָרן. ס׳איז אים אַרויף אויפן זינען, ווי ער פלעגט וועגן דעם מיט יאָרן צוריק זיך חקירה׳ן און אַמסטערדאַם מיט ברוך ספּינאָזאַ, און ס׳איז אים געוואָרן אַזוי מאָדנע צום געמיט: — אַלץ ליגט אויף הינטער...מ׳גייט, מ׳גייט, כדי דער וועג פון הינטן זאָל ווערן לענגער... נעלמים דרכי הבריאה...

ער האָט געקוקט מיט אויגן פול טרויער אויף די זיצנדיקע פיגורן, געוויקלט אין ברודיק רויטלאַכן שיין: — גייסטער צווישן בלאָנדזשנדיקע פייערלאַך... אַ זומפּ, פייערלאַך און פייערלאַך...

ס׳האָט אים אַ שלאָג געטאָן: וואָס איז דער זין פון גאַנצן מענטשלאַכן לעבן? ווער האָט׳ס פאַרטראַכט?

ס׳איז אים געוואָרן אַזוי ענג: — געוואָלט געפינען אַ פּתרון צו דאָס רעטעניש לעבן.

אין דער רגע איז ער געפּייניקט געוואָרן פון אַ רחמנות, — אַ רחמנות צו אַלעמען און צו זיך: — מ׳וועט שטאַרבן. אימעצער וועט שאָקלען אַ פּושקע. די עטלאַכע מטבעות וועלן זיך שאַרן מיט אַזאַ העסלאַך טרוקענעם קלאַנג... השארת הנפש... ווער ווייסט?...

ס׳איז געוואָרן צו מוט, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַ גרויסע ליידיגקייט: ווייט פון אַ באַשטימטן אָרט און געדאַנק, און אַז די אַלע, וואָס זיצן אַצינד דאָ גייען עפּעס דורך אַ טונקעלן קאָרידאָר און דערנאָך וועלן זיי פאַרפאַלן ווערן אין ערגעץ.

ער האָט פאַרטראַכט געקוקט אויפן קליינעם קרייז ליכטיגקייט, וואָס דאָס חלב׳ן ליכטל האָט געשפּרייט אויף די געלבע בלעטער פון דער קינה, און —

צדו צעדנו מלכת ברחבתנו, קרב קצנו
מלאו ימנו, כי בא קצנו...

נאָך קינות איז אין שול פאַרבליבן אַ מנין מענטשן, צווישן זיי אויך יחזקאל. דער שמועס האָט זיך נאַטירלאַך געדרייט אַרום דעם, וואָס דאָס רוב האָט זיך אונטערגעוואָרפן שבתי־צבי׳ס באַפעל צו פאַרוואַנדלען דעם תשעה־באָב אין אַ ״יום השמחות״ און זיינען אַוועק אין דער גרויסער שול, וואו מרדכי החסיד, אברהם היכיני, משה פון סערוויל און שמואל פרימאָ וועלן מונטערן און משמח זיין דעם עולם.

— איך פאַרשטיי ניט פאַרוואָס יהודה־לייב דער וואָכערניק, אונזער גבאי, איז ניט געקומען צו קינות ? — האָט זיך איינער פון די איבערגעבליבענע גע׳הידוש׳ט. — ער איז דאָך, דאַכט זיך, אַ מתנגד.

אַ צווייטער האָט מיט חוזק אַ זאָג געטאָן:

— אונזער גבאי אַ מתנגד ? אַ נייער מתנגד. ערשטנס איז ער אַ פאַרעווער: ניט פליישיק, ניט מילכיק. צווייטנס ציט אים צום שורש... די חברה, צווישן אונז גערעדט, מיינע רייד זאָלן זיך ניט דערגיין, זיינען אַלע ניט בעסער איינער פאַרן אַנדערן: — בלוטזויגער. — דאָס לעצטע וואָרט האָט ער אַרויסגעזאָגט זייער שטיל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עס זאָל זיך ווייט ניט פאַרטראָגן.

ירוחם דער שניידער האָט אַצינד געהאַט אַן אויסזען, ווי דער גאַנצער חורבן וואָלט אויף אים געלעגן. ער האָט געקרעכצט:

— מיינע ווייטאָקן אויף שונאי ציון.

— וואָס איז ירוחם ?

— ניט פאַר אייך געדאַכט אַ שטעכעניש.

— וואו ?

— אין זייט.

— ס׳וועט איבערגיין, ירוחם.

יחזקאל האָט אויפגעהויבן דאָס קול:

— כ׳האָב תמיד גע׳טענה׳ט, אַז די דריי־קעפּ זיינען אין דרערד. איך ווייס ניט אידן, עפּעס איז מיין האַרץ ניט מיט זיי, מאָג זיך אַפילו פון זיי גיסן האָניק, ווערט׳ס דערנאָך ביטער.

אַ איד איינגעבויגן אין דרייען האָט אויפגעהויבן מיט שווערקייט דעם קאָפּ, און ס׳איז אויסגעקומען, גלייך ווי ער וואָלט אויפגעהערט צו גראָבן, אום אַ קוק צוטאָן ווי ס׳האַלט עפּעס מיטן הימל. ער האָט מיט אַ כריפּ גערעדט:

— זאָל מיך און אייך אַזוי צו גנאַי ניט זיין, ווי איך הויב ניט אָן צו וויסן וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. וואָס איז דאָ פאַר אַ בהלה ? זאָל מיך, אדרבה, אימעצער דערקלערן וואָס דאָ קומט פאָר, אידן ?... שאַ, איטשע ! — און האָט גענומען רופן: איטשע, זיי אַזוי גוט, אַ גוט יאָר אויף דיר, זאָלסט אַזוי געזונט זיין, זיי מוחל, ביז דאָך עפּעס אַ איד אַ וואויל־לערנער, אַ איד אַ ידען, אַ וועלט

אויסגעפּאָרן, זאָג מיט פולן מויל וואָס איז דאָ די מהומה ?!...

יצחק „ליטוואַק" איז צוגעקומען צום רעדל און געטראָגן מיטזיך דאָס אומבאַקוועמע געפיל פון דאַרפן עפּעס זאָגן, ענטפערן, ריידן, און דאָס איז אים געווען אַזוי שווער.

דער איד, וואָס האָט געוואָלט קלאָר ווערן אין ענין האָט אים באַגעגנט מיט אַ פּנים פול ווייטאָק. ער האָט כריפּנדיק גערעדט:

— נעם ניט פאַר אומגוט, איטשע, זאָלסט נאָר געזונט זיין, איך בעט דיך... פאַרשטייסט, איך בין אַ פּשוט'ער איד, ווייס ניט פון קיין חכמות, ס'ווילט זיך מיך פּשוט וויסן וואָס דאָ טוט זיך... וואָס איז דאָ די בהלה ? אדרבה, זאָלסט מיר נאָר געזונט זיין. — דערקלער.

יצחק האָט זיך געפילט פאַרלוירן. אויגן האָבן אויף אים געקוקט,

— אויגן אַזוינע אומעטיקע, לאַכמאַנע, ווי ביי שעפּסן אין צייט פון אַ רעגן. — און וואָס זאָל ער זאָגן ?

יחזקאל האָט אים געמונטערט:

—טאַקי, איטשע, לאָמיר הערן.

יצחק האָט אַ טראַכט געטאָן וואָס צו זאָגן אַזוינס, אַז ס'זאָל ניט אויסקומען געצוואונגען און גרויסהאַלטעריש, ווייל ער האָט אין גרונט געפילט, אַז וואָס ער זאָל אַצינד זאָגן וועט קלינגען אומנאַטירלאַך. ער האָט דאַרום שטיל און אָן חשק געזאָגט:

— וואָס האָב איך אייך צו זאָגן מער ווי איר ווייסט ? ס'איז אַ מהומה, אָבער ס'איז אַלץ פון אויבן, און פאַר אונז אַלעמען גלייך צו באַנעמען.

דער נייגעריקער איד האָט אים ניט אָפּגעלאָזן. ער האָט מיט אַומישנעדיקער ברייטקייט אים געזוכט צו אויפרעגן, כדי ער זאָל מער ריידן. ער האָט דאַרום לאַגאָדנע גערעדט:

— כ'ווייס ? אפשר מאַכן מיר אַ טעות. מ'איז דאָך מער ניט ווי מענטשן, זאָלסטו נאָר געזונט זיין, מיר זיינען דאָך פאַרהאַוועטע אידן, ווייסן גאָרנישט...

יצחק האָט קעגן זיין ווילן גערעדט:

— קעגן אַ טעות איז קיינער ניט באַוואָרנט, אָבער מ'דאַרף זיך תמיד צוהערן צום שכל־הישר, און דער שכל־הישר איז קעגן דעם שבתי־צבי־טומל.

דער נייגעריקער האָט זיך אַביסל אויסגעגלייכט, געמאַכט אַ מינע פון אָנגורטן די לענדן. ער האָט געפרעגט:

—זאָג מיר, זאָלסטו געזונט זיין, פאַרוואָס איז עפּעס דער שכל־הישר קעגן דעם שבתי־צבי־טומל ?

פאַר יצחק'ן איז אַצינד געווען קלאָר, אַז ער איז אַריינ־געצויגן געוואָרן אין שמועס און ער מוז'ס איבערקומען. ער האָט זיך דאַרום אָנגענומען מיט מוט און גערעדט :

— כ'וועל אייך דערקלערן פאַרוואָס ס'איז קעגן שכל־הישר. צו ערשט מוז מען קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג, אַז נסים זיינען היינטיקע צייטן ניט בנמצא, און ווי באַלד אַז יע אַזוי לייגט זיך ניט אויפן שכל, אַז שבתי־צבי זאָל קאָנען צוזאַמען נעמען אַלע אידן, זיי אַרויפזעצן אויף זיינע פליגלען און ברענגען זיי קיין ארץ־ישראל. דערווייל זעען מיר, אַז ער אַליין, וואָס האָט גורם געווען די מהומה זיצט איינגעשפּאַרט אין תפיסה, און די ווענט, ס'זאָל טרעפן אַ נס, עפענען זיך ניט. פון דעם דרינגען מיר, אַז אויף אַ נס איז זיך ניטאָ וואָס צו פאַרלאָזן. וואָסזשע דען ? דאַרפן מיר וואַרטן, אַז די גאולה זאָל קומען בדרך הטבע... בדרך הטבע איז די צייט נאָך ניט געקומען...

און ס'איז אויסגעקומען אַזוי מאָדנע, וואָס ער הערט זיין אייגענע שטים, — און גייסט, און גייסט אין וועג. בוימער, הימלען קומען אַנטקעגן... די שפּיצן דעכער פון אַ שטאָט...

ירוחם דער שניידער האָט פּרום אַ זאָג געטאָן:

— גאָלדענע רייד.

דער נייגעריקער האָט זיך אַזוי געראַם אַ נעם געטאָן פאַר דער באָרד און מיט אַ ניגון גערעדט :

— זאָג זשע מיר, איטשע, זאָלסטו געזונט זיין, פון וואַנען איז געדרונגען, אַז די צייט פאַר דער גאולה איז נאָך ניט געקומען ?

און האָט יצחק'ן שאַרף אָנגעקוקט.

ירוחם דער שניידער האָט געקרעכטשט :

— מיינע ווייטאָקן אויף שונאי־ציון.

יחזקאל האָט דערפילט, אַז יצחק'ן איז ניט ניחא צו פאַרקריכן אין אַן אויפרעגנדיקן ויכוח. ער האָט זיך אַריינגעמישט :

— וואָס איז דאָ אַ סך צו חקיר'ן ? איך בין אַ פּשוט'ער איד, אָן קונצן, איך ווייס איין זאַך און דאָס איז, אַז ער איז אַ פאַלשער משיח, — וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן !...

דער איד האָט זיך געטשעפּעט :

— גלאַט זאָגן, ס'דאַרף דאָך עפּעס זיין אַ שכל דערביי!

יחזקאל האָט אַ פּאָך געטאָן מיט דער האַנט:

— גלאַט דו טשעפּעסט זיך. ס'האָט ניט קיין טעם.

נאָכדעם האָבן זיך די עטלאַכע איבערגעבליבענע געגומען פּאַ־נאַנדערגיין. ס'איז נאָר געבליבן יחזקאל און יצחק.

און ווען זיי זיינען געבליבן אויג אויף אויג האָבן זיי געשוויגן: יחזקאל דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט זייער וויכטיקס צו זאָגן. יצחק — דערפאַר וואָס ער האָט זיך אָנגעשטויסן ווענן וואָס יחזקאל קאָן אַצינד ריידן.

יחזקאל האָט זיך אויסגעהוסט און דער ערשטער, גלאַט אין דער וועלט אַריין, אַ זאָג געטאָן:

— שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם.

און יצחק האָט ווי אין אָפּקלאַנג געענטפערט:

— שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם.

יחזקאל האָט ווייך געזאָגט:

— און דיר איז גאָרניט אמעטיק?

— אומעטיק? ניין. שוין איינגעוואוינט.

יחזקאל האָט אויף אים געקוקט, געוואַרט, דערנאָך האָט ער מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— זאָג, וואָלסט וועלן חתונה האָבן?

הגם יצחק האָט זיך נאָך פון פריער אָנגעשטויסן ווענן וואָס יחזקאל וויל מיט אים ריידן, דאָך האָט די פּלוצימקייט פון דער פראַגע אים איבעראַשט אויף אַזויפיל, אַז ער זאָל בלייבן שטיין אַ צוטומלטער. אין דער זעלביקער צייט האָט אָבער די מחשבה ווענן אַ מעגלאַכע נאָענטקייט מיט פּרוי אים פאַרשאַפט אַזאַ נחת־רוח און פאַרגעניגן פאַרשאַפנדיקע אויפרעגונג. דאָס בלוט האָט אים אַ שפּאַר געטאָן צום קאָפּ. ער האָט שטיל אַרויסגעזאָגט:

— קיינמאָל ווענן דעם ניט געטראַכט.

יחזקאל האָט אים אָנגעקוקט:

— כ'מיין, נו איז וואָס? ס'קומט די צייט טראַכט מען...

יצחק האָט זיך געשעמט, געפילט ווייך און אומבאַהאָלפן.

יחזקאל האָט אויף אים געקוקט, געזען ווי ער רויטלט זיך און ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס ער שעמט זיך. ער האָט מעשה געזעצטער מענטש גערעדט:

— הער, יצחק, וואָס איך וועל דיר זאָגן. מיר זיינען אייגענע מענטשן, וואָס דאַרפן מיר חכמות. פאָלג מיר און האָב חתונה, ווי גאָט און לייט האָבן געבאָטן!...

אויף יצחק׳ן האָבן אַצינד פון ערגעץ געקוקט אַ פּאָר גרויסע, גליאיקע אויגן, און זיין האַרץ האָט אָנגענעם געוויטאָקט מיט נאָגנדיקן באַגער.

יחזקאל׳ן האָט הנאה געטאָן וואָס יצחק שווייגט. ער האָט׳ס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן, און מורא האָבנדיק, אַז ווען יצחק וועט אָנהויבןריידן קאָן דערפון גאָרנישט ווערן, האָט ער פאַרכאַפּט און אַ זאָג געטאָן:

— ס׳מוז שוין זיין שפּעט, צייט אַ היים צוגיין.

און באַלד האָבן זיינע שווערע טריט זיך געציילט אין דעם אומעדיקן חלל.

יצחק איז דערנאָך איבערפילט מיט געפילן אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, פון איין וואַנט ביז דער צווייטער, כסדר גערעדט צו זיך אַזעלכע ניט בינדלאַכע רייד. ער האָט זיך איינגעהערט צו דער הילכעניש פון זיינע טריט, און ס׳איז אים אויסגעקומען אַזוי טשיקאַווע: ליידיגקייט, אומעטיקע, ווייטאָקדיקע ליידיגקייט: — און ווי אַ פיש שווימט אין וואַסער, אַזוי שווימט אַ מענטש אין ליידיגקייט... און די גלעקער פון קאָרדאָוואַ קלינגען, די אַראַבער קומען... — און וואָס טראַכט ער אַצינד וועגן דעם?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אין דער וועבענדיקער טונקל־קייט. — און ס׳האָט אים אַ צי געטאָן. ער איז אַרויס אין דרויסן.

הויך אין הימל איז די לבנה געהאַנגען אין בלייכן בלוי און מאַגנעטיש, אָנגרייפנדיקס ליכט האָט שלומ׳דיק געוויקלט הייזער און גאַס, שאַרף אונטערגעשטראָכן זייער פאַרשלאָפנקייט, געלאָזן איין זייט אין שאָטן, די אַנדערע זייט אין זילבער געוויקלט. די גאַס איז געווען ליידיק און פאַלאָזן.

ס׳איז אים איינגעפאַלן, אַז ס׳איז שוין צייט זיך אַרויסצולאָזן אויף דער ווייסער וועלט.

ב.

דער פרייטאָג פון שבת־נחמו איז געווען איינער פון די לעבע־דיקסטע און מוט דערוועקנדיקסטע טעג אינם לעבן פון סטאַמבולער אידישער געמיינדע. די טירן פון די בעדער האָבן זיך געעפנט,

און אידן מיט ווייסע העמדער און האַנטיכער אונטער די אָרעמס האָבן זיך אַהין אין מאַסן געצויגן. דער פרייטאָג איז אויך געווען אַ טאָג פון חתונות, און דער קלאַנג פון פידל און פלייט האָט זיך פון אומעטום געטראָגן.

אין באָד איז געווען לעבעדיק. ס׳האָט זיך אַרום געפילט אַ מונטערע אויפרעגונג. אַ כסדר׳דיקע געריידעריי, געמישט מיט אויס־רופן און זינגעריי, האָט זיך טויב געשטיקט צווישן די פאַרכמאַרעטע, פייכטע ווענט. אַ געדיכטע פאַרע האָט אָנגעפילט די גרויסע, נאַסע צימערן, און נאַקעטע לייבער האָבן זיך באַוועגט אַהער און אַהין ווי אין אַ געדיכטן נעפל.

אַ פאַרדומפּטע קול האָט זיך אויסגעצייכנט:

— שלמה־חיים, פאַרע, פאַרע, זשאַלעווע ניט!...

— דערלאַנג, דערלאַנג! אַזוי, אַזוי, אַי גוט, גוט, גוט!...

אימעצער האָט מיט חזנישן אָנשטעל געזונגען:

...„ארבעים שנה אקוט בדור ואמר עם תהי לבב הם...

אַ צווייטער האָט פאַרענדיקט מיט געפיל:

...„הם, והם לא ידעו דרכי״...

פאַרפאַרעט, צוהיצטע פיגורן האָבן געטראָגן שעפלאַך מיט געווייקטע בעזימער. ס׳האָט געשמעקט מיט צעפוילטע בלעטער און דומפיגקייט, קויטיקע וועש. ס׳איז געווען גליטשיק. אידן פאַרשוויצטע האָבן מיט גרויס הנאה, זיצנדיק אויף די שעפלאַך געשמועסט וועגן שטאָטישע ענינים און אַלגעמיינע פּאָליטיק.

אימעצער האָט זיך אין מיטן געכאַפּט:

— ס׳ציט פון ערגעץ אַ קעלט.

— פאַרמאַכט די טיר!

— דריי זיך ניט אַרום, שלמה־חיים!

די מערסטע האָבן גערעדט וועגן דער התראה, וואָס ר׳ יעקב שפורטש, געחתמ׳עט פון אַ סך רבנים, האָט צוגעשיקט צום היגן פרנס. אין דער התראה האָט זיך גערעדט מיט האַרבע ווערטער, אַז די אידן, וואָס האָבן זיך אין גאַנצן ניט פאַרלאָרן אין דער מטושטש׳ער שבתי־צבי מהומה, זאָלן זיך באַצייטנס אָפּוואַרפן פון משיח־השקר, ווייל אַ גרויסער אומגליק, זאָל די שעה, די רגע ניט זיין, לויערט אויף אַלע אידן זיי צו פאַרניכטן.

אַזוי ווי די חסידים פון שבתי־צבי זיינען געווען ברוב מנין

מספר, איז דאַרום דער געשפּרעך געוואָרן וואָס ווייטער מער הייסער און טומלדיקער, און די תקיפ'ערע קולות פון די שטאַרקערע האָבן פאַרטרונקען די שוואַכערע.

איינער האָט מיט אַ זינגנדיקן קול געשאָלטן „אין טאָטן אַריין" אַלע מתנגדים, — גלאַט פון פאַרגעניגן וועגן. ער איז געזעסן האַלב אָנגעלענט, שווער געאָטעמט און פון צייט צו צייט געשאָטן חרמות, געפּאָכט מיטן פויסט און מיט אַ נביאי'ש טאָן און ניגון פון ישעיה געלאָזט פאַלן זיינע רייד:

— אַ פּלאָג אויף די, וואָס קערן זיך אָפּ פון גאָטס געזאַלבטן און גייען אויף קרומע וועגן. זאָלן זייערע העלזער אויסגעטריקנט ווערן, זייערע צינגער אָפּגעדאַרט ווערן...

אַ קול פון דער זייט איז מיט רוגזה געקומען:

— שווייג, משוגע'נער!

אַן אַנדערער האָט מיט חוזק געפרעגט:

— ווען שילסטו, הערשל?!..

אַ איד, אַן אורח אין סטאַמבול האָט אַ צווייטן בלחש געפרעגט:

— ווער איז ער?

דער איד, ווען ער האָט געפרעגט, האָט זיך גע'חידוש'ט:

— איר קענט אים ניט?

— כ'בין ניט קיין היגער.

— אַזוי? — שלום. פון וואַנען איז אַ איד?

— פון סאַלאָניקי.

— פון סאַלאָניקי?.. אויב אַזוי, זאָגט מיר זייט מוחל, קענט איר דאָרטן ר' שמואל דעם פּוילישן?

— ניין.

— גאָרניט געהערט דעם נאָמען?

— ניין.

— ס'איז אַ חידוש.

— וואָס איז דער חידוש?

— ער איז דער בעסטער שניידער אין סאַלאָניקי.

— ניט געהערט.

דער איד האָט זיך צוגעקליבן ווידער וואָס צו פרעגן, אָבער דער ניט היגער האָט פאַרכאַפּט:

— אָבער זאָגט זשע מיר, ווער איז פאָרט דער איד וואָס שילט זיך?

יענער האָט שוין ניט געקאָנט אויסמיידן און געזאָגט:

— ס'איז הערשל דער מקובל. אַ גרויסער חקרן, נאָר איז ניט פּאַר קיין אידן געדאַכט געריירט פון צופיל קבלה. — דאָ האָט ער דעם פינגער אָנגעשטעלט אויפן שטערן און אים אַ דריי געטאָן:

— משוגע...

דער איד פון סאַלאָניקי האָט רחמנות געקראָגן:

— אַזוי, אַזוי... זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז זיין שיגעון?

דער איד האָט ארויסגעוויזן אַביסל אומגעדולד:

— משוגע און ס'גאָר! מ'דאַרף עפּעס אַ סך!...

אימיצער פון אַן אַנדער באַנק איז אַריינגעפאַלן מיט אַ טענה:

— אָבער וואָס פּאָרט וועט זיין דער סוף? מ'קאָן חס־וחלילה אַראָפּ פון זינען, ס'איז דאָך אַ מעשה אָן אַ סוף... תשעה־באָב אַ יום־טוב, איר האָט שוין געהערט אין אייער לעבן?.. גוואַלד אידן וואָס שווייגט מען?!...

אַ בעל־הביתישער קול האָט זיך געהערט:

— הער נאָר הער, וואָס האָסטו זיך דאָרטן, שמואל'יק אַזוי פאַנאַנדערגעיאַכמערט? וואָס, ס'איז דיר אַזוי גוט אין גלות. דו האָלע־פּוזע? וואָס דיר לוינט זיך ניט? צווישן די ישמעאלים איז דיר בעסער?

נאָך אַ איד מיטן בעזים פאַרלייגט אויף די קני האָט זיך געמאַטערט מיט דער לינקער האַנט צו אויסקראַצן דעם מיטען פון חוט־השדרה, און דערווייל מיט אַ פאַרקרימטן אומצופרידענעם פּנים גערעדט:

— וואו איז'ס געהערט געוואָרן, אַז אידן זאָלן ניט וועלן אויס־געלייזט ווערן פון גלות?... וואָס איז זיי דאָ אַזוי גוט? זשאַלעווען צו פאַרלאָזן דעם טאָפּ פלייש?

איינער פון די מתנגדים האָט זיך אַריינגעמישט אָבער אָן רוגזה. ער האָט אַזוי גערעדט, אַז זיינע רייד זאָלן ניט דערוועקן קיין הייס בלוט. ער האָט צום סוף פאַרענדיקט:

— ס'רעדט זיך דען פון ניט וועלן אויסגעלייזט ווערן? וואָסער איד, זאָגט מיר, גלויבט ניט אין דער גאולה?.. די גאַנצע מעשה איז, וואָס אַ סך גלויבן ניט אַז שבתי־צבי איז דער אמת'ער גואל...

און אַ שטים פון אימעצן:

— וואָס זאָגט ער דאָרטן דער חכם ?!..

— וואָס מאַכט ער זיך גע'פגר'ט ?

אייניקע העלזער האָבן זיך אָ צי געטאָן צום ריידערס זייט.

— וואָס זאָגט ער דאָרטן ?

— ביזט טויב, הערסט ניט וואָס ער זאָגט ?

אַ איד מיט אַ הייסע שעפל וואַסער איז צוגעקומען אַ זיגנ־דיקער, און אַלעמען אַזוי אָנגעקוקט.

— הא, שלמה־חיים ?!

שלמה־חיים דער וואַסער טרעגער איז געבליבן שטיין, געהאַט אַ זייער צופּאַרעטן און פריילאַכן פּנים און מיט אָנשטעל אַ זאָג געטאָן:

שאַ אידן, מאַכט ניט קיין טומל,
וואָס הער איך דאָ פּאַר אַ רומל ?
פריילאַך, פריילאַך אידן,
פּאַרעט אייערע מערידן...

אימעצער האָט גערופן:

— שלמה־חיים, שלמה־חיים, קום אַהער! לאָמיר עפּעס הערן!

— זאָג עפּעס.

— ס'געמאַכט אַ ליד אויף שבת־נחמו ?

שלמה־חיים האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס שעפל וואַסער אויפן דיל, געמאַכט מיט די הענט ווי פאַנאַנדערצוורוקן דעם עולם. ער האָט פייערלאַך מיט אַ בדחנימ'שן געשטעל אָנגעהויבן:

אידן מאַכט אַ וואָרע,
ס'קומט פּרעה
מלך פון מצרים
מיט די צעפּוילטע באַלעמיים...

די אידן האָבן געלאַכט.

איינער איז געוואָרן אין כעס:

— וואָס הירזשעט איר ווי פערד ?

שלמה־חיים האָט גוטמוטיק געלאַכט פון אידנ'ס כעס. ער האָט ווי פריער געשפּונען זיינע גראַמען:

כ'הער מיין נאָמען רופן,
וואָס טוט איר זיך רייסן,
זייט איר דען בגילופין ?

אין באָד איז אַ יעדן גרינג צו שמייסן...

— געגוג, שלמה־חיים דיינע שמד־שטיק, — האָט דער כעס־דיקער איד גערעדט און איבערבייטנדיק דעם ענין האָט ער מיט פאַרשטשימעטע ציין געזאָגט: — כ׳וואָלט די כופרים עוקר מן השורש געווען! כ׳וואָלט זיי...

שלמה־חיים איז אַריינגעפאַלן אין מיטען:

רייס ניט, סם ניט,
ביזט ניט קיין קנאַקער...
ביזט גיכער פון אַלץ
אַ — — — — — — — —

דער איד האָט אויפגעזאָדן:

— אַ העזה!...

— דער רוח זאָל אים נעמען! — האָט איין איד זיך געשטיקט פון געלעכטער.

— וואָס איז ער? זאָג, שלמה־חיים, — האָט אַ צווייטער געהעצט.

און שלמה־חיים האָט געזאָגט זיינס:

ליפע, מאַך ניט קיין גערודער,
ביזט גאָרניט אַזוי איידל,
אַ גוי האָט ליב אַ שיקסע
דו — אַ מיידל...

פון וויטן האָט זיך געהערט יחזקאל׳ס קול:

— שלמה־חיים איז דאָרטן.

שלמה־חיים האָט זיך ספּריטנע אַ קער געטאָן צו מקבל פנים זיין יחזקאל׳ן און האָט מיט אַ ניגון פון אויפרופן אָנגעהויבן:

מזל טוב מחותנים,
אַ שיינעם אויפשפּיל,
פאַר יחזקאל שוסטער,
אַ איד מיט געפיל
און אַ הוסטער,
קאָן זאָגן אַ וואָרט
מיט פייער און פלאַם
אין ריכטיקן אָרט...
מאַכט אַלע באַם, באַם...

וואָלט׳ס אמת געווען,
יחזקאל האָט געלאַכט:
— האָסט מיר געמאַכט פאַר אַ הוסטער, הלואי וווייטער...
— שלמה־חיים וועט קיינמאָל ניט שטאַרבן, — האָט ירוחם דער שניידער געזאָגט — ער וועט דעם מלאך־המות פאַרטרייבן מיט גראַמען.

שלמה־חיים האָט צופרידן געריבן די הענט:

הלואי, ירוחם
וואָלט׳ס אמת געווען,
כ׳וואָלט וועלן
מיט די אויגן זען
ווי שמואל׳יק און שבתי
וועלן שניידן שטיקער
פון שור־הבר,

און ירוחם שניידער
וועט רייסן אַ האָר
פון ליותנ׳ס עק...

— אַן עק צו די צרות! — האָט יחזקאל אַ זאָג געטאָן, — אַ מויל דאָס האָט: פעך און שוועבל.

ס׳איז אָנגעקומען יצחק „ליטוואַק". ער איז געווען צוריטלט און טיף געאָטעמט. איז נאָר וואָס אַראָפּ פון דער אויבערשטער באַנק און מיט געזונטער הנאה געפּילט זיין גוף. ער האָט זיך צוגעקוקט צו די געצוואָגענע פּנימ׳ער, דערקענט באַקאַנטע, עפּעס געמורמלט און געהאַט בדעה זיך צו פאַרוקן אין אַ ווינקל, אָבער שלמה־חיים האָט אים דערטאַפּט און אים באַגעגנט מיט גראַמען:

אָט איז יצחק ליטוואַק
אַ לערנער אַ גרויסער,
שפּרייזט די וועלט
און אַלץ ווייסער.
ס׳איז שוין העכסט צייט,
ער זאָל זיך ניט פּלאָגן,
און ניט צאגן
זיין לייב, און וואָס גיכער
נעמען אַ ווייב...

יצחק האָט זיך פאַרשעמט, אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט.
אַביסל ווייטער האָט איין איד אַ זאָג געטאָן:
— מיר האָבן היינט אַ געהויבענע חתונה.
אַ צווייטער איז אַריינגעפאַלן:
— מיינסט ביי יחיאל דעם תבואה־הענדלער?
נאָך איינער האָט אַריינגעוואָרפן:
— ס׳וועט זיך קערן וועלטן. היינט וועלן שלעפּן גאַנצע קעפּ...
אימעצער האָט געפרעגט:
— ווער איז דער חתן?
— דער חתן איז לייבוש דעם פעל־הענדלערס זון.
פון דער זייט איז געקומען אַ קול:
— מ׳זאָגט, אַז שבתי־צבי האָט צוגעשיקט זיין ברכה און אַ שיינעם דרשה־געשאַנק.

יחזקאל איז אָפּגעגאַנגען מיט יצחק׳ן אָן אַ זייט. ער האָט צו אים גלייך אַ זאָג געטאָן:

— וועסט זיין מיין אורח אויף שבת. ס׳איז דאָך עפּעס שבת־נחמו.

ביי יצחק׳ן אין קאָפּ האָבן זיך געדרייט די ווערטער: שבת־נחמו, שבת־נחמו. — אַ שבת פון חתונות... חתונות, חתונות... און אַ מאָנענדיקער באַגער האָט אים אָנגעגריפן.
יחזקאל האָט אים געמונטערט:

— יצחק זיי ניט אַזאַ פאַרטראָגענער. צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַ תכלית...

„צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַ תכלית״, — האָט זיך ביי אים איבערגע׳חזר׳ט אין קאָפּ — אַ „תכלית״, און וואָס איז דער תכלית?

און ס׳איז אים געווען אַזוי טשיקאַווע: —

און אָט זיצט ער אויף אַ פּייכט באַנק, אַרום איז אַ געדיכטע פאַרע, ס׳איז הייס, אַ שווייס שלאָגט פון אַלע פאָרען און די האָר איז אַזוי ווייך און קלעפּיק, — אַ געהוזשעריי ווי אין אַ וואַלד... שטימען, אויסרופן... ווי ער איז אויפן וועג קיין ליוואָרנא אַריין אין וואַלד: וואַרמע ריחות פון אומעטום, אונטער די פיס גליטשיק פון די נאָדלען, — און קלאַנגען און קלאַנגען...
אימעצער האָט געזונגען מיט באַ׳טעמ׳טן באַריטאָן מיטן ניגון פון הפטורה:

נחמו, נחמו עמי יאמר אלהיכם,
דברו על לב ירושלים וקראו אליה...

און ס'איז אים אין דער רגע געווען אַזוי וואויל: עפּעס פּילן אַלע די נאָענטקייט פון אייגענעם לייב, דעם טעם פון לעבן, און ס'איז אַזוי וואויל... עפּעס אַזאַ אנגענעמע מידיגקייט, אַזאַ חמריות'דיקער געוואָרזיין פון לעבן.

אימעצער האָט מיט כעס גערעדט:

— אַ שמאַך און שאַנד אַזאַ מקוה... שיר האַלז און געניק געבראָכן...

— וואָס טוען זיי מיטן געלט? ! — האָט אימעצער אונטער־געהאַלטן. — מ'רייסט פון טויטע און לעבעדיקע, און ס'קומט צו עפּעס — גאָרנישט...

און ער זיצט דאָ. די היץ נעמט דורך אַלע זיינע ביינער, און — „צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַ תכלית"...

שפּעטער, ווען ער איז געגאַנגען פון באָד אין שול אַ דער־פרישטער איז צו זיינע אויערן פון ערגעץ געקומען זיסלאַכע קלאַנגען פון פידל און פייפעיאַל. — ס'איז אַ חופה, — איז אים איינגעפאַלן, און האָט זיך אַרומגעקוקט.

פון אַ זייטיק געסל איז פריער אַרויסגעלאָפן אַ כאָפּטע קינדער, דערנאָך זיינען געקומען די דריי כלי־זמר: אַ פידל, אַ פייעיאַל און אַ באַנדורע. נאָך זיי האָט זיך געצויגן אַ יום־טוב'דיקער פאַר־פוצטער עולם.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויפן לאַנגזאַמען מאַרש, געזען חתן־כלה, געפירט פון די אונטערפירער. דער חתן אַ יונג בחור'ל מיט אַ קאַם אַנזעענדיקן האָר אויסשפּראָץ אויף דער אויבער־שטער ליפּ אין אַ שטריימל און גלאַנציק אַטלעסענע קאַפּאָטע. די כלה אין ווייסן, דאָס פּנים פאַרדעקט. אי דער חתן, אי די כלה, געפירט באַזונדער, האָבן זיך פאַמעלאַך געצויגן אונטער די קלאַנגען פון חופה־מאַרש.

ער האָט געקוקט און געקוקט, זיך צוגעהערט און ס'איז אים געוואָרן אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן, און — אַ לאַנגער שפּרונג אויף הינטער: אַן אויסצי פון פינף און צוואַנציק יאָר און ער אַ קליין אינגל, און: חופות, שול־הויף, קאַלטע שול, דער פאָליש, ווינטער ביינאַכט פון חדר, פרייד און געלעכטער, טייבעלאַך און פייגעלאַך...

אַ לעבעדיק יונג קול׳כל האָט אים אויפגעוועקט פון זיין פאַרטראַכטקייט:

— רבי!

יצחק האָט געקוקט, געזען פאַר זיך אַ יונג בחור׳ל מיט אומ־געוויינלאַך גלאַנציקע אויגן און פעך שוואַרצע פאות איינראַמענדיק אַ בלייך און איידל פנים. ער האָט עפּעס אַזוי ליידיק געקוקט, באַמערקט אַ באַראָדעווקע אויף דער לינקער באַק, אויפגעכאַפּט דאָס פליען פון טויבן, אַ שטיק פאַרנאַכטיקער בלויער הימל, און — .

— אשר?

דער, וועמען ער האָט גערופן אָשר האָט אים דורכגענומען מיט זיינע פאַרשטענדיקע אויגן, זיך אָנגעשטויסן ווי דער, וועמען ער האָט גערופן רבי, פּילט אַצינד. ער האָט ווייך געזאָגט:

— רבי, איר האָט וועגן וואָס געטראַכט?

יצחק האָט זיך אַ טשוכע געטאָן:

— געטראַכט? ניין, אשר. ניט תמיד ווען מ׳זעט אויס פאַר־טראַכט טראַכט מען.

— ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן.

— גייסט צו דער חופה?

— יע, רבי... קרובים...

יצחק האָט געקוקט אין די ליכטיקע אויגן פון בחור׳ל, געזען אַ פייערל דאָרט פינקלען און ס׳האָט אים עפּעס באַנג געטאָן... יוגנט, יוגנט — האָט זיך אים אין קאָפּ געבאָמבלט. — און דאַכט זיך גאָר ניט לאַנג איז ער אויך געווען אַזאַ בחור׳ל, און:

— אשר, האָסט געלייענט עמנואל הרומי?

— יע, רבי.

יצחק האָט אים פרעגנדיק אָנגעקוקט.

— רבי, ס׳זיינען געצנדינערישע שירים.

יצחק האָט געשמייכלט:

— פאַרוואָס?

— מיין משורר איז ר׳ יהודה הלוי.

— האָסט אַריינגעקוקט אין דאַנטע.

— צו שווער.

— גייסט מיט מיר, אשר?

— כ׳גיי מיטן טאַטן אין שול.

און זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

ג.

שפרה האָט געהערט פון פעטער, אַז יצחק „ליטוואַק״ וועט זיין אַן אורח אויף שבת, און הגם ער האָט׳ס געלאָזט וויסן האָדע׳ן אַזוי אגב־אורחא, אָבער ביי זיך האָט זי געוואוסט, אַז ער האָט דערהויפּט איר געמיינט, כדי זי זאָל וויסן, אַז ס׳איז געקומען די צייט, זי זאָל וועגן דעם ערנסט אַ טראַכט טאָן.

זינט יענע נאַכט מיט שבתי־צבי איז מיט איר פּאָרגעקומען פונקט דער היפּוך וואָס ס׳איז געווען צו דערוואַרטן: אָנשטאָט אריינצופאַלן אין אַ ביטערע אַנטוישונג, האָט זי דערנאָך, ווען זי האָט זיך גוט אויסגעשלאָפן, זיך דערפילט גאָר אַן אַנדערע: אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן, און וואָס ס׳איז געווען איז געווען. אַצינד איז וואָס אַנדערש.

דער ערשטער צו באַמערקן אָט די ענדערונג איז געווען ברוך דער געזעל, און טאַקי גלייך וועגן דעם געלאָזט וויסן האָדע׳ן.

— איר ווייסט האָדע, — האָט ער פּאַרטרויליך צו איר גע־רעדט, ווען יחזקאל איז אין הויז ניט געווען, — איר ווייסט, אַז שפרה איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש... עפּעס האָט פּאַסירט... האַלט אָפענער די אויגן און לאַכט... זי האָט דאָך קיינמאָל ניט געלאַכט. איר האָט׳ס באַמערקט, האָדע?... אַצינד לאַכט זי און זינגט... עפּעס איז דאָ געווען. איר׳ט מיר ניט איינריידן...

האָדע האָט אויף אים געקוקט מיט גוטע אויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזיפצט. ביי זיך האָט זי געוואוסט, אַז ברוך האָט שטאַרק חשק צו שפרה׳ן, און אַז שפרה אָבער טראַכט גאָרניט וועגן ברוכ׳ן, און ס׳האָט זי אַביסל פאַרדראָסן, ווייל זי האָט אים אויף איר שטייגער ליב געהאַט, און זי האָט ניט געקאָנט ליידן, וואָס שפרה פאַרייסט די נאָז און האַלט זיך גרויס קעגן אים. זי האָט געזאָגט:

— יונגע מיידלאַך. מ׳קאָן קיינמאָל ניט וויסן וואָס זיי ווילן. זיי ווייסן אַליין אויך ניט. פונקט ווי דער וועטער: דאָ וואַרם, דאָ קאַלט...

ברוך האָט גערעדט:

— זי איז דאָך די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען ווי אונטער אַ וואַסער, ווי אירע אָקרענטן וואָלטן אונטערגעגאַנגען. אָבער די לעצטע צייט האָט זי זיך אָפּגע׳חיי׳עט...

האָדע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געהאַט אַ מינע, ווי זי וואָלט וויסן די סיבה פאַרוואָס שפרה איז אַרומגעגאַנגען ווי „אונטער וואַסער". זי האָט מיט אַ אומעטיקן קול גערעדט:

— ווען מ'איז יונג, ברוך, האָט קיין זאַך קיין באַטרעף ניט... שלעכט איז ווען מ'איז אַלט...

און איז אַ פאַר'דעגה'טע אַוועק פון וואַרשטאַט.

ברוך דער געזעל האָט פאַרשטאַרקט זיין אויפמערקזאַמקייט צו שפרה'ן, איז געוואָרן מער זינגענדיק און געוואַגטער, זי איינגע־לאַדן אַרויסצוגיין פרייטאָג־צו־נאַכט באַקוקן די פאַרשיידענע פּלעצער פון סטאַמבול. ער האָט דערציילט פאַרשיידענע מעשיות, וואו ער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ העלד, דערציילט וועגן די פאַרשיידענע פּלעצער פון שטאָט, און אויב זי וויל וועט ער איר אַהין נעמען.

שפרה האָט זיך צו אים מילדער באַצויגן. זי האָט אים געקאָנט מער דולדן, און צייטנווייס האָט ער זי גוט פאַרווײַלט מיט זיין געזאַנג און מעשיות, אָבער זי האָט וועגן אים ניט געטראַכט ווי וועגן איינעם, מיט וועמען זי זאָל צום סוף חתונה האָבן. זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דער פעטער יחזקאל קירעוועט איר אין יצחק „ליטוואַק'ס" ווינקל, און ס'איז איר עפּעס געוואָרן ניחא.

יצחק „ליטוואַק" איז איר פון אויבנאויף געפעלן געוואָרן, אָבער דער חוש פון פרוי האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז ער איז אַ מאַן אָן לעבן, אָן אַ באַזונדער מלאכה, און איז גלאַט צו שטיל און איינגעהאַלטן.

ברוך דער געזעל האָט קלאָר געזען, אַז יחזקאל שרויפט שפרה'ן אין יצחק „ליטוואַק'ס" זייט און ס'האָט אין אים געקאָכט דאָס בלוט. ער איז געווען "להרג ולהשמיד", און אויסגערעדט זיין ביטער האַרץ פאַר האָדע'ן. ער האָט אַפילו איינמאָל אויף זיין שטייגער וועגן דעם גערעדט צו שפרה'ן.

— דיין פעטער גייט אין לעבן דיך צו פאַר'קנס'ן צום אויס־געווייקטן הערינג דעם באַנק־קוועטשער, — האָט ער מיט כעס גערעדט. — כ'פאַרשטיי ניט... וואָס זאָגסטו? ביי דיר איז'ס ניחא?!...

שפרה האָט זיך גערויטלט. די פראַגע איז געווען צו האַרב. זי האָט זיך פאַרלאָרן, ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן, און ברוך דער געזעל האָט געמאָנט:

— נו, וואָס זאָגסטו ? . . . רויט געוואָרן ווי אַ בוראק. . .
זי האָט נאָר געזאָגט:
— לאָז אָפּ.
— אָבער זאָג, האָסט קיין לשון ניט ? !
זי איז געוואָרן אין כעס:
— וואָס ווילסטו ?
און האָט זיך פון אים אָפּגעקערט.

ברוך האָט געטראַכט אַז מ'דאַרף מיט איר לערנען „בלק". עפּעס איז זי נאָך אַלץ צו יחסנ'דיק. מ'דאַרף איר אָנלערנען.

פרייטאָג צו נאַכט נאָכן עסן איז יחזקאל פאַרבליבן ביים טיש מיט יצחק'ן. האָדע איז אַרויס צו אַ שכן. דער שמועס, וועלכן יחזקאל האָט אָנגעפירט האָט זיך געדרייט אַרום קהל'שע ענינים, און דערווייל האָט ער אַזוי הינטער אַרום געגעבן אַ וואונק שפרה'ן, אַז זי זאָל בלייבן אין שטוב. ברוך דער געזעל האָט דערשמעקט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער זיך אַרומגעדרייט ווי אַ שאָטן: אַריין און אַרויס, און יעדעס מאָל געלאָזט פאַלן צו שפרה'ן אַ באַמערקונג וועגן דער שיינער זומערנאַכט אין דרויסן. ער האָט געזאָגט:

— אַ לבנה צו שפּיגלען זיך, פונקט ווי ביי אונז אין שטעטל. . . ס'איז אַן עברה וואָס מ'איז אין הויז.

יחזקאל האָט זיך אויף אים געבייזערט:

— לאָז אָפּ די לבנה. ווילסט זיין אין דרויסן — גיי !

יחזקאל האָט זיך געווענדט צו שפרה'ן:

— דערלאַנג עפּעס צום טיש. אַביסל אַרבעס און באָב, יאָדער, קאַרשן, ס'איז דאָך שבת־נחמו.

יצחק איז געזעסן ווי אויף געברענטע קוילן. ער האָט איצט געבענקט נאָכן פרייען דרויסן, נאָכן ליידיקן אָבער גרוימען בית־המדרש. ער האָט געוואוסט וואָס יחזקאל וויל, און הגם ס'איז אים געווען ניחא און אַפילו נחת־רוח'דיק, פונדעסטוועגן איז אים געווען שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז אָט וועט אים אויסקומען צו זיצן ווי אַ חתן. פון דעם געדאַנק אַליין איז ער רויט געוואָרן און זיך אָפּגעגאָסן מיט היץ.

צום סוף איז אויסגעקומען, אַז ער איז טאַקי פאַרבליבן מיט שפרה'ן אַליין אין הויז, און ס'איז אים געוואָרן נאָך ענגער, — און וואָס וועט דאָ זיין ? וואָס וועט ער ריידן ?

שפרה, מער מוטיק, האָט אים געפרעגט:
— איר זייט שוין לאַנג אין סטאַמבול?
ער האָט געקוקט אויף איר און איבער איר, און ס'איז געווען אַזוי פרעמד. איר קול האָט געקלונגען אַזוי הילכיק, — ווי די גלעקער אין ווענעדיק... און וואָס עפּעס ווענעדיק?... וואָס האָט זי געפרעגט? ווי לאַנג ער איז אין סטאַמבול. ער האָט שטיל געענטפערט:
— צוויי יאָר.
— וואו זייט איר געווען ביז אַהער?
— אין אַמסטערדאַם, פּאַדוא, ליווארנא...
— געלערנט?
— יע.
— איר רעכנט צו פאַרבלייבן דאָ?
— כ'ווייס ניט.
— איר זייט אויסן געווען אַ וועלט.
— אַביסל געוואַנדערט.
ער האָט נערוועז זיך געפּאָרעט אַרום די קערלאַך, פאַר־גנב'עטערהייט געקוקט אויף איר און דאָס האַרץ האָט געוויטאָקט פון שאַרפן באַגער. אירע אָפּשטייענדיקע בריסט האָבן געמאַכט זיין בלוט געשווינט שטייגן און איז אין גאַנצן געצערט געוואָרן פון נאָגנדיקן ווייטאָק. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז אויב ער וועט אַזוי ווייטער בלייבן זיצן וועט ער זיכער באַגיין אַ נאַרישקייט. ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כח, זיך אויפגעהויבן, געזאָגט אַ „גוטן שבת" און איז אַרויס.

אין דרויסן האָט אים באַגעגנט אַ פולע לבנה, קילע לופט און אַ קוק פון אַ פּאָר אומפריינטלאַכע אויגן.

פאַרן הויז איז געשטאַנען ברוך דער געזעל, פאַר זיך געברומט אַ ניגון. יצחק האָט אויפגעכאַפּט דעם קרומען קוק, וואָס ברוך דער געזעל האָט אים צוגעשיקט, און ס'האָט אים עפּעס פאַרדראָסן פאַר ברוכ'ן. געטראַכט, אַז ער איז ניט ווי ברוך. ער קאָן קיינמאָל ניט זיין ווי ער. און שפרה איז גיכער צוגעפּאַסט צו זיין ברוכ'ס ווייב...

ער איז געגאַנגען אין דער לבנה־שיין באַגאָסענער גאַס, און ס'איז אים אויסגעקומען אַזוי מאָדנע, וואָס ער גייט אַצינד: — אַזוי ווי אין אַ פרעמדן לעבן.

פאַרקירעוועדיק זיך אין געסל וואו די שול איז געשטאַנען, האָט ער זיך אָנגעשטויסן פנים־אל־פנים מיט שמעיה־לייב, אַ לערנער ווי ער, נאָר אין אַן אַנדער שול, — אַ שול וואו די רייכע אידן פון סטאַמבול דאַווענען. שמעיה־לייב איז געווען אַ פאַרקאָכטער שבתי־צבי׳ניק, ער איז איצט געווען אביסל שכור׳לאַך.

— הא, „ליטוואַק" — האָט אים שמעיה־לייב אויפגעלייגט באַגעגנט. — וואו שפּאַנסטו, „ליטוואַק" ?

יצחק איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. חוץ דעם, וואָס שמעיה־לייב האָט זיך תמיד צו אים געבונדן, איז ער נאָך אַצינד, ווי ער האָט באַמערקט געווען אונטערגעשנאָשקעט, ער האָט דאַרום געוואָלט זיין מיט אים קורץ ווי מעגלאַך. ער האָט אָן חשק אַ זאָג געטאָן :

— פון אַ שבת.

— אַ גוטער שבת ?

— אַלע שבתים זיינען גלייך.

שמעיה־לייב האָט זיך נאָענטער צוגערוקט, אים פאַרשמעקט מיטן ריח פון וויין און געווירציק עסן. ער האָט מיט געהויבענעם טאָן אָנגעהויבן :

— דאָס רעדסטו שוין „ליטוואַק" ווי אַ נאַר, זאָלסט מיר מוחל זיין... אוי, ליטוואַק אַ שבת צו אַ שבת איז ניט גלייך... למשל אַ שבת ביי ישראל סאַלאָניקער, — מעדני מלך : פיש און פלייש לרוב, און וויין — לא כדת !...

יצחק האָט געזאָגט :

— איך טרינק ניט קיין וויין.

שמעיה־לייב האָט זיך גע׳חידוש׳ט :

— טרינקסט ניט קיין וויין ? שטייטש ? ס׳שטייט בפרוש געשריבן "וויין ישמח לבב אנוש"... ביזט געווירט אין דער מעשה, איטשע, לייענסט ליטייניש ביכלעך... איך ווייס, איך ווייס...

יצחק האָט געשמייכלט :

— וואָס ווייסטו, שמעיה ?

און יענער האָט אונטערן נאָז גערעדט :

— איך ווייס, איך ווייס, אַז דו ביזט אַן אַפּיקורס... לייענסט די אַלע טריף־פסול׳ס... איך ווייס... זאָג מיר אָקאָרשט פאַרוואָס טרינקסטו ניט קיין וויין ?... און וועלכער איד טרינקט ניט קיין וויין ? אַלע אידן טרינקען וויין. — און האָט אויפן קול גענומען זינגען :

ווי נאָר דער משיח האָט וויין געטרונקען,
אַזוי האָט זיך די שכינה נתגלה געווען, —
פון אויבן האָבן מלאכים געוואונקען,
און ער האָט דעם סוף פון גלות געזען...

איטשע, ביזט ניט קיין שבתי־צבי'ניק... ביזט מיט די רבנים און פרנסים... אַי וועט מען דיך שמייסן!... טרינקסט קיין וויין ניט, האַ?... זאָג מיר ווער ביזטו אָקאָרשט?

יצחק האָט זיך פון אים געצויגן אויף הינטער. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם גערוך. ער האָט באַמערקט אַ פּאָר נייגעריקע מענטשן, און געזאָגט צו שמעיה'ן:

— שמעיה, ביזט אַביסל ביגלופנ'דיק.

— איך שיכור?... ביזט חסר־דעה, — און האָט אויפן קול גענומען זינגען:

ימין ה' רוממה, ימין ה' עושה חיל...

כ'בין שיכור, „ליטוואַק"? נו אַדרבה לאָמיר זיך פאַרהערן אַביסל זהר... „בראשית ברא אלהים", נו, וואָס „בראשית ברא אלהים"?... אָדער זאָג מיר די ר"ת פון „ויהי מקץ שנתים ימים ופרעה חלם"... אונזער מלך־המשיח שבתי־צבי ירום הודו האָט געפונען אַ רמז. אָט הער, ליטוואַק: — „ויהי" רעכנט זיך ניט. „מקץ" מאַכט: „מלך קדוש צבי"... „שנתים" מאַכט: „שבתי נקרא תוגר ישמאל מחמד"... „ימים" מאַכט: „יהיה מושיע ישראל מהרה"... „ופרעה" מאַכט: „ויבא פתאם רעדה על האומות"... און אַזוי כסדר...

יצחק האָט גוטמוטיק געזאָגט:

— כ'ווייס, שמעיה־לייב, אַז דו ווייסט בעסער...

שמעיה האָט זיך געצויגן אים אָנצוכאַפּן פאַרן בגד. ער האָט אונטערן נאָז גערעדט:

— האַ, מאַכסט זיך אַ לעמעלע... זאָג מיר, וועלכע ספירה איז כולל אַלע ספירות און ווי אַזוי האָט דער אין־סוף זיך פאַרדרייט אין אַ זאַך וואָס האָט אַ סוף? די ערשטע ספירה „כתר־עליון" אָדער „עתיקא־קדישא" האָט זיך אָפּגעשיידט פון אין־סוף... שבתי־צבי אונזער מלך־המשיח ירום הודו קומט גלייך אַרויס פון דער ערשטער ספירה, — פאַרשטייסט, „ליטוואַק"?... דו ביזט מיט די רבנים, מיט די כופרים... האַלסט ניט פון שבתי־צבי? — און

האָט אויפן קול גענומען שרייען: אידן, ער גלויבט ניט אין דער גאולה...

יצחק האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון גיין ווייטער, אָבער שמעיה־לייב האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַרבל!

— איטשע „ליטוואַק", ביזט דאָך עפּעס אַ געלערנטער, אַ פילוסוף, לייענסט לאַטייניש ביכלאַך, חקירה'סט וועגן אַריסטאָ־טעל'ן, פּלאַטאָן, טאָ זאָג זשע מיר וואָס איז דער אמת'ער טייטש „וירא משה את הסנה בוער"?... נו, לאָמיר זען ווי דו וועסט'ס פאַרטייטשן... נו, נו, וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר?...

— אַ גוטן שבת, שמעיה, — האָט יצחק אַ זאָג געטאָן און זיך צוגעגרייט צו שטעלן פיס.

— אייל זיך ניט, איטשע!

— כ'מוז גיין, שמעיה.

— אַנטלויפסט דו פחדן! — האָט אים שמעיה נאָכגעשריען, האָסט מורא זיך אַריינצולאָזן אין אַ ויכוח מיט שמעיה־לייב'ן! ביזט אַ כופר... אַי, אַי, „ימין ה' רוממה, ימין ה' עושה חיל"...

יצחק האָט געטראַכט, אַז שמעיה'ן איז גוט, און אַז פאַר אים איז געקומען די העכסטע צייט זיך אַרויסצולאָזן אין וועג: — פון סטאַמבול קיין פּאַדואַ...

## זיבעטער קאַפּיטל

### א.

סוף חודש אָב תכ"ו איז אין דער פעסטונג שטעטל גאַליפּאָל אָנגעקומען פון פוילן דער מפורסמ'דיקער מקובל און נביא נחמיה כהן, וועגן וועמען ס'האָבן זיך אַרומגעטראָגן קלאַנגען, אַז ער ווייסט אויף זיכער, ווען דער גרויסער טאָג פון דער גאולה וועט קומען. ס'האָט געהייסן, אַז ער איז אומישנע געקומען אויף דער איינלאַדונג פון שבתי־צבי, כדי צו האָבן מיט אים אַ ויכוח און זיך דערוויל קאָנען איבערצייגן צי איז ער טאַקי דער אמת'ער מלך־המשיח.

דער בריוו, וואָס שבתי־צבי האָט מיט די פוילישע שלוחים געשיקט צו נחמיה כהן האָט זיך אַזוי געלייענט:

„יום עשירי לתחיית רוחי ואורי, הוא כ"ו לחדש תמוז
אדיר שבחדשים, בסדר ויסעו מרתמה ויחנו ברמון פרץ,
מנחה היא שלוחה ממני לאיש אמונים, זקן ונשוא פנים,

הרב ר' דוד לבית לוי בעל טורי זהב, עוד ינוב בשיבה דשן ורענן יהיה, במהרה אני אנקום נקמתכם ונחם אנחם אתכם כאיש אשר אמו תנחמנו, אל אחת כמה וכמה נחמה כפולה ומכפלת, כי יום נקם בלבי ושנת גאולי באה, נאם דוד בן ישי עליון למלאכי ארץ, הגבר הוקם על כל ברכה ותהלה, משיח אלהי יעקב אריה דבי עילאי שבתי־צבי. הנביא ר' נחמיה נר"ו ימהר לפני בצהלה ורנה."

די אידישע איינוואוינער פון שטעטל און סטאַמבול האָבן זיך געטומלט מער ווי תמיד. דער צד, וואָס איז געווען קעגן שבתי־צבי האָט געהאָפט, אַז דער פּולישער מקובל און נביא נחמיה כהן וועט אויפדעקן זיינע שקרים, און דער אמת, אַז ער איז אַ פאַלשער משיח וועט אַרויפשווימען ווי בוימל אויפן וואַסער.

די נייעס, אַז ס'איז אָנגעקומען נחמיה כהן האָט געגרייט יצחק'ן דורך דוד־חיימ'ען, וועלכער האָט זיך אין אַזאַ טומל געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער און אומעטום אָנגעשפּאַרט, דערהויפּט וואו ס'האָט זיך מער גע'רעש'ט.

אין אַ טאָג, ווען די אַריינשטראָמענדיקע לופט פון דרויסן אין די אָפענע פענצטער פון בית־המדרש, האָט געלאָזט פילן, אַז דער זומער גייט אַוועק, איז יצחק געווען אָנגעפילט מיט בענקעניש און איז געווען אומרואיק. ס'איז אים אַליין ניט געווען קלאָר וואָס ער וויל און פאַרוואָס ער איז אַזוי אומרואיק. אַ נאָגנדיקע אומצופרידנקייט מיט זיך און מיט דאָס אַרומיקע האָט אים געדריקט און זיך דערפילט אַרויסגעשלאָגן פון דער פריערדיקער פרידלאַכער גלייכגעוויכט, און אום צו פאַרטומלען אָט די אומגעוואונשטע שטימונג האָט ער זיך אַריינגעלאָזן אין חקירה און געטראַכט וועגן שרייבן אַ ספר.

זיין צוועק איז געווען אין ספר צו דערווייזן, אַז די געוועלטיקדיקע טבע אין אַ מענטשן איז אָפּשפּיגלונג פון זיין אינעווועניקסטן לעבן און זיין פייאיגקייט צו אויפנעמען און עמפינדן, דעריבער איז אויך גאָט בלויז אַ ריינע אָפּשפּיגלונג: דער פועל־יוצא פון כח צו דענקען און פילן. די באַציאונג פון מענטשן צו גאָט איז ווי די באַציאונג פון מייסטער צו זיין ווערק: פול ליבע און געטריישאַפט. גאָט איז די אָפּשפּיגלונג פון דער גוטער זייט אין מענטשן, דערפון איז צו דרינגען, אַז דער מענטש דאַרף זען צו אַנטוויקלען

אינזיך אָט די גוטע זייט, כדי די אָפּשפּיגלונג זאָל זיין וואָס גרעסער און שענער. די טבע גופא איז אַ בלינדע קראַפט, — אַ כח אָן רצון און שכל, באַקומט לעבן און ליכט פון מענטשלאַכן עמפּינדן און דענקען, ווי די לבנה באַקומט ליכט פון דער זון. דער מענטש איז דאָס רעזולטאַט פון דעם גרויסן, בלינדן כח, וואָס געוועלטיקט אָן דעם מינדסטענעם באַוואוסטזיין אין צייט און שטח. דער מענטש איז דאָס הארץ, דער קאָפּ פון דער גרויסער סומע וואָס מ'רופט טבע.

און דאַרום דאַרף אויך זיין, אַז דער בחיר הטבע, דער מענטש, דער בעל־שכל, זאָל לעבן שכל'דיק. די גאַנצע מענטשלאַכע געזעל־שאַפט דאַרף אַזוי איינגעשטעלט ווערן, אַז ס'זאָל אין איר ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר אומגערעכטיגקייט. ניטאָ אָרעם, ניטאָ רייך: — איין דאַך איבער אַלע קעפּ. דער לוין פון יחיד איז אין אים אַליין...

אַרום דעם האָט ער זיך געדרייט די גאַנצע צייט. ער האָט אין געדאַנק שוין געהאַט פאַרטיק דעם גאַנצן ספר. ס'האָט נאָר געפעלט איבערגיין מכח אל הפועל.

דוד־חיים האָט אים אָפּט באַזוכט אין שול און אים אויף זיין שטייגער געמונטערט, חוזק געמאַכט פון זיין אָפּגעשלאָסנקייט און אים צוגערעדט חתונה צו האָבן.

— נו, זאָג אַליין, וואָס איז דער תכלית? — האָט ער צו אים גע'טענה'ט מיט אַ ניגון. — נו, זאָג, קנאַפּ האָסטו זיך אָנגעגעסן מיט די פאַרקורעטע ווענט פון שול, ווי איך זאָג ערגעץ אין אַ שיר: כתלי שחורים, אין בם רוח וששון... די פיר ווענט פון קבר... וואו איז פרייד? צי דען מיינסטו, אַז מיר זיינען געקומען אויף דער וועלט נאָר צוצוקוקן ווי אַנדערע לעבן גליקלאַך?... ניין, ברודערל, ס'איז גאָרניט אַזוי די מעשה. ווי שטייט געשריבן: „שמח בחור בילדותך"... תמיד מיט זיך אַליין ווי אין אַ וואַלד. — ניין, ס'איז ניט קיין לעבן!...

יצחק אָבער האָט זיך וועגן אָט דעם ענין קיינמאָל ניט געוואָלט פאַרברייטן און עס געזען אָפּצו'פטר'ן אַמאָל מיט אַ קוועטש פון פּלייצע, אַמאָל מיט אַ מאַך פון דער האַנט, און זייער אָפּט האָט ער אים, אום ניט צו בלייבן אַ רוגז'ער, צוגעלייגט: מיינסט, דוד־חיים, אַז אַ מענטש ווייסט באמת, וואָס גוט איז?... גאָר־נישט... מיר ווייסן קיינמאָל ניט...

דוד־חיים פלעגט אים אָבער אַזוי גיך ניט אָפּלאָזן:

— עך, איטשע, ס'איז אַלץ פּוסטע חקירה. דער סדר עולם איז גאָר אַן אַנדער סדרה. ווי איך זאָג אין ערגעץ אין אַ שיר: יש אמנם אשר דרכי העולם... נו, וואָס? נו? נו? טאָקי נו? נו, וואָס דרייט מען זיך אַרום? ווידער אַמסטערדאַם, ווידער האַמ־בורג, ווידער ווענעדיק, ווידער ליוואָרנאָ, ווידער פּראַג, ווידער סטאַמבול... נו, פרעג איך דיר וואָס איז דער תכלית? אדרבה?...

יצחק האָט קיינמאָל ניט געוואוסט ווי אַזוי אָפּצושטויסן אַזאַ העפטיקן אָנגריף. ער האָט'ס געלאָזט גיין און פלעגט דערנאָך טראַכטן: אפשר איז ער גערעכט. און באַלד פלעגט ער איינגעוויקלט ווערן אין אַ געוועב פון באַגער און איידעלע בענקשאַפט, און ס'פלעגט אים ווערן אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן.

און איינמאָל אין אַ טאָג אין אָנהויב אלול, ווען די לופט אין דרויסן האָט געלאָזט שפּירן, אַז דער זומער איז אַוועק, איז דוד־חיים אַריינגעפאַלן אין שול אַן אויפגעלעבטער. זיין פּנים האָט אין יעדן קנייטש באַהאַלטן אַזוי פיל נייס, וועלכע ער איז געווען נייגעריק אימעצן עס איבערצוגעבן, און ער האָט דערציילט יצחק'ן וועגן דעם, וואָס פון פּוילן איז אָנגעקומען אין סטאַמבול דער מקובל המפורסם נחמיה כהן, געקומען אומישנע זיך צו פאַרהערן מיט שבתי־צבי און זיינע חסידים. ער האָט אויך אין לעבעדיקע פאַרבן געשילדערט די אויפרעגונג צווישן שבתי־צבי'ס חסידים און מתנגדים, וואָס נחמיה'ס אָנקום האָט גורם געווען.

— און אַצינד זאָג מיר, יצחק, וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער אויסגעלאָזן — קום אַרויס אַביסל אויף דער ווייסער וועלט!...

יצחק האָט זיך געפּוילט. ער האָט נאָר געזאָגט:

— מיר איז גוט דאָ.

— זיי ניט קיין שוטה — קום!

— וואוהין וועלן מיר גיין?

—אַזוי רייד! קום, איך וועל דיר שוין פירן... ראשית וועלן מיר גיין אין גאַליפּאָל. מיינער אַ בן עיר האָט דאָרטן אַן אַכסניה, אין דער אכסניה שטייען איין אַלע פּוילישע אידן. ס'טוט זיך דאָרט אָפּ מעשים. ס'איז פריילאַך, ס'קערט זיך וועלטן...

יצחק האָט אַביסל אָפּגעהאַלטן זיין באַגייסטערונג, דערמיט וואָס ער האָט געזאָגט:

— איך גיי מיט דיר, אָבער איך זאָג דיר פריער, אַז דער

פוילישער מקובל גייט מיך ניט אָן. איך בין ניט נייגעריק... אני שואף לחדשות...

דוד־חיים האָט אַ פּאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— גיי שוין, גיי! ביזט אַ ווילדער מענטש. כ׳האָב מורא, אַז די איינציקע רפואה פאַר אַזאַ סאָרט ווי דו איז חתונה האָבן...

און האָט געלאַכט אויפן קול.

יצחק האָט זיך פאַרענטפערט:

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת. אויב דו ווילסט וויסן גייט מיר קיין זאַך ניט אָן, וואָס האָט אַ שייכות מיט שבתי־צבי... דער מענטש גייט מיר לחלוטין ניט אָן: זיין וועג איז ניט מיינער, זיין לעבן איז ווייט פון מיינעם. ער איז דעם גאַנצן לעבן אָן אויס־געשטעלטער און איך בין באַהאַלטן, באַגראָבן אין אַ ווינקל... איך בין אים ניט מקנא, וואָרים אויב מקנא זיין וועל איך בעסער מקנא זיין דעקאַרט׳ן, ברוך שפּינאָזע׳ן... אָבער איך בין קיינעם ניט מקנא... כ׳זאָג׳ס דיר אַלץ, דוד־חיים, כדי זאָלסט ניט מיינען, אַז איך בין חס־וחלילה פאַרביטערט. ניין, דוד־חיים, איך בין ניט קיין מעורב בין הבריות — אַזאַ טבע. כ׳קאָן ניט העלפן...

דוד־חיים האָט בטול׳דיק אַ דריי געטאָן די נאָז:

— אָבער קום שוין! וואָס טויג דיר די אַלע דבורים... ס׳איז דאָך גלאַט גוט אביסל זיך דורכצולופטערן: ניט כסדר זיין דאָ צווישן די פיר ווענט ווי איך זאָג אין ערגעץ אין מיינעם אַ שיר.. ווייסט דאָך דעם שיר?... מ׳קאָן דאָך פון מח אַראָפּ — קום! מירן כאַפּן אַ ביס, אַ ביסל וואַרעם געקעכטס... דאַרפסט קיין געלט נישט, מיינער אַ בן־עיר, אַ שטיקל משפחה...

יצחק האָט געבענקט נאָך אַביסל געקעכטס, און האָט אַצינד דערשפּירט אין נאָז דעם ריח פון בולבע־זופּ און געזען אַ פּאַרע זיך דערהויבן פון די שיסלען. ער האָט געזאָגט:

— אויב אַזוי, לאָמיר גיין.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אַרומגעקוקט און ס׳איז אים פאַרגעקומען פרעמד, וואָס ער הויבט זיך אויף אין מיטן טאָג צו גיין אין ערגעץ.

דוד־חיים האָט אים פאַרפירט אין דער אכסניה פון זיין „בן־עיר״, וואו דער טומל און געפילדער האָט יצחק׳ן דערמאָנט אָן אַ היימישן שענק אין אַ מאַרק־טאָג.

דאָס הויז איז געווען אָנגעפּילט מיט הויכריידנדיקע און הענט פאָכנדיקע אידן. אַרום אַ לאַנגן נאַקעטן טיש זיינען געדיכט געזעסן באַוועגנדיקע פיגורן, ווי צו אַ מלוה־מלכּה. די פּנים׳ער פון די, אַרומזיצנדיקע האָבן זיך ניט גוט אָנגעזען מחמת די האַלבטונקלקייט. הגם אין דרויסן האָט העל געשיינט די זון, אָבער אינווייניק איז געשטאַנען אַ פריקרע האַלבליכט ענלאַך צו דער באַלייכטונג וואָס איז דעמאָלט, ווען אויף איין זייט הימל רוקט זיך אָן אַ שוואַרצע כמאַרע אין דער צייט, וואָס אויף דער אַנדער זייט שיינט הייטער די זון. אין שטוב האָט שטאַרק געשמעקט מיט בראָנפן און געבראָטן גאַנז. אידן האָבן מיט אַפּעטיט אונטערגעלעגנט זייערע הערצער און זיך דערביי גוט אנטערהאַלטן.

— חצק׳על! — האָט איינער אימעצן גערופן. — נו, אדרבה, זאָג נאָר דעם נייעם ניגון: „שבתי־צבי מלכנו ומשיחנו", — דערביי האָט ער אַליין הייזעריק און פאַלש גענומען זינגען.

צוויי אידן, אַביסל שיכור׳לאַך האָבן פאַרלייגט זייערע אָרעמס איינע אויף די אַנדערע און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ ריקוד׳ל, דערביי געהויבן און געפּאַכט מיט זייערע ליידיקע הענט: אַי, אַי, דו האַר פון דער וועלט, אונזער מלך־המשיח...

— הערסט שמערל, — האָט איינער געהאַלטן דעם אַנדערן פאַרן לאַץ און צו אים העפטיק גערעדט: — הערסט, שמערל, ווען אַ מענטש טרינקט דעם ביטערן טראָפּן באַקומט ער עלית־נשמה, דער חומר ווערט שווער, אָבער די נשמה ווערט לייכט ווי אַ פעדער... הערסט, שמערל, — עלית־נשמה... עפּעס אַ קליינינ־קייט עלית־נשמה!...

אַן אַנדער איד האָט פאַרן צווייטן געלויבט און זיך פאָסמאַ־קעוועט פון די גענזענס. ער האָט גערעדט אין דער צייט וואָס ער האָט זשעדנע געביסן אַ פּאָלקע:

— אַזאַ יאָר אויף מיר... טייערע גאַנז, צוגייט זיך איבער אַלע גלידער, האָט טויזנט טעמים...

אָן אַ זייט האָבן צוויי צולעבטע אידן מיט פאַנאַנדערגענומענע קאַפּאָטעס גערעדט וועגן זינדיקע ענינים. איינער האָט דערציילט דעם אַנדערן וועגן אַ „גוטער־נאַכט" וואָס ער האָט געהאַט, און דער אַנדערער האָט אים אַזוי הנאה׳דיק אָנגעקוקט, און צום סוף געזאָגט:

— נו, מאָטל, נעם מיר אויך אַהין.

— כ'וועל דיר נעמען.

אַ איד מיט אַ שפיציק בערדל, מיט אומרואיקע, קליינע אויגן, איינגעפורמט אין רויט־אַנטצונדענע שטרייפן פלייש, איז געזעסן אויבנאָן ביים לאַנגן טיש און מיט אַפעטיט געגעסן גריוון פון אַ גרויסע שיסל און די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו ריידן, און צו וועמענס רייד דער גאַנצער עולם האָט זיך צוגעהערט מיט אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט.

— ווער איז דער איד וואָס זיצט אויבנאָן? — האָט יצחק אין דער שטיל געפרעגט דוד־חיימ'ן.

דוד־חיים האָט זיך גע'חידוש'ט:

—ווייסט ניט? ס'איז דאָך נחמיה כהנ'ס אַ שני בשני... אַ גרויסער מקובל. מ'זאָגט, אַז ער ווייסט מער פון רבי'ן.

יצחק האָט זיך נעענטער צוגערוקט צום טיש.

דער איד מיטן שפיציק בערדל און רויטע אויגן האָט גערעדט וועגן דעם, וואָס על פי קבלה איז אויף זיכער ניט באַשטימט, אַז די גאולה דאַרף פאַרקומען אין יאָר תכ"ו, ווי דאָס רוב און שבתי־צבי בתוכם גלויבן. אַ איד מיט אַ שוואַרצע אשור'ישע באָרד האָט אים געפרעגט אויב אין זהר הקדוש איז דאָ אַ רמז וועגן דעם. דער איד האָט מיט חשיבות גערעדט:

— איין רמז? טויזנטע רמזים! אָבער, ליבע אידן, טיף זיינען די סודות פון זהר הקדוש. זיי ליגן פאַרבאָרגן אין אונזערע חושים: „כי מבשרי אחזה אלהא"... בלויז די ברירים, וואָס זיינען ראוי אָנצוקוקן דעם „אור הגנוז" זיינען מסוגל צו שעפּן ליכט פון אייביק קוועלנדיקן ברונים. לכן, מיינע ליבע אידן, איז מיין חוב אייך מודיע צו זיין, אַז דער סוד פון דער גאולה איז פאַרהוילן, דערווייל נאָך פאַר קיין ילוד אישה ניט נתגלה געוואָרן. אפשר, מיינע ליבע אידן, פאַר די דורות להבא... דערווייל, — מי הוא האיש אשר יוכל לאמר כי הגאולה קורבת לבוא?...

ער האָט אויסגעלאָזן מיט אַ שאלה אין העברעאיש ווי דערמיט אונטערצושטרייכן די וואָגיגקייט פון זיינע רייד. ער האָט אַלעמען שאַרף אָנגעקוקט מיט זיינע קליינע אומרואיקע אויגן, אין דער־זעלביקער צייט מיט זיין אויסדרוק אַלעמען אויפגעפאָדערט אים סותר זיין. איינער פון די אַרומטישיקע האָט זיך אַזוי ווי מכין

געוועזן: אונטערגעשפּאַרט די מאָרדע מיט דער האַנט, אויסגעשטעקט אויף פאָרנט די שיטערע באָרד, גלייך געקוקט אויפן מקובל און מיט אַ מגיד'ישן ניגון גערעדט:

— מה ילמדנו רבינו? וואָס לאָזט אונז דער רבי צו הערן? זאָל געמאָלט זיין, אַז דער רבי גלויבט ניט אַז שבתי־צבי איז דער משיח, טאָ וואָרום זאָגט'ס ניט דער רבי גלייך? ס'איז דאָך אַ קשיה, — ממה־נפשך?...

און האָט געקוקט אויפן מקובל און געוואַרט אויף אַן ענטפער. אַ צווייטער האָט אונטערגעהאַלטן:

— יע, שלמה, איז דאָך גערעכט: ממה־נפשך: איז ער דער מלך־המשיח ס'דאָך קיין רייד ניט, אלאָ וואָס ער איז ניט דער משיח. — סטייטש?...

דער מקובל פון פוילן האָט געשמייכלט אַ שפּיציק שמייכל און געגלעט מיט ליבשאַפט דאָס שפּיציקע בערדל, פאַרקייקלט די אויגן, געמאַכט אַ מינע, אַז ער שעפּט זיך אָן מיט נחת־רוח ווי אַן עמער מיט וואַסער. דערנאָך האָט ער שטיל און בנעימות'דיק גערעדט:

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיינע ליבע אידן. איך גלויב ניט אין גאַנצן, אַז שבתי־צבי איז דער משיח בן דוד, ווייל לפי דברי המקובלים דאַרף פריער קומען משיח בן יוסף פון שבט אפרים און וועט קודם מלחמה האַלטן מיט גוג ומגוג און וועט פון זיי פיל אויס'הרג'ענען. דערנאָך, ליבע אידן, וועט גוג אומגוג אויפנעמען זיינע חילות און וועט אַ צווייט מאָל מלחמה האַלטן מיט די אידן און וועט הרג'ענען דעם משיח בן יוסף אין די טויערן פון ירושלים, און די אידן וועלן אַנטרינען אין די מדבריות און וועלן דאָרט אויסגיין פון הונגער, און ס'וועט נאָר איבערבלייבן אַ הויפן אידן, — די צדיקים גמורים, דערנאָך וועט קומען אליהו הנביא און וועט אָנזאָגן די גאולה און וועט צונויפקלייבן די פאַר־שטויסענע אידן מארבע פנות־העולם און דעמאָלט יתקע בשופר גדול...

די אידן אַרום טיש האָבן געשלונגען די רייד. דער מקובל פון פוילן האָט געזען אַז זיינע רייד האָבן געמאַכט אַ רושם און ס'האָט אים שטאַרק הנאה געטאָן. ער האָט גערעדט:

— אָבער, ליבע אידן, איך קאָן אייך גאָרניט אַרויסזאָגן, איידער כ'ווייס וואס אונזער רבי נחמיה כהן האָט וועגן דעם ענין וואָס

צו זאָגן. מירן עס אין גיכן וויסן, נאָכן גרויסן ויכוח — און מי יודע מה יולד יום!...

דוד־חיים האָט אַריינגעשושקעט יצחק'ן אין אויער:

— סט'געהערט? נו, וואָס זאָגסטו?

יצחק, וועלכער איז געווען אָפּגעווײַנט פון אָט דעם שטייגער לעבן, האָט זיך געפילט ווי אויף אַ פרעמדער שמחה: ס'איז אים אַלץ פאָרגעקומען אַזוי אומהיימיש: דער טומל, דער ריח, דאָס האַלבליכט, די איינגקייט, די צולעבטע פיגורן, — ווי אין אַ וויב־טערדיקן שבת פאַרנאַכט: אַלץ אַזוי אומבאַשטימט.

דוד־חיים, פאַרקערט, האָט זיך דאָ געפונען ווי אַ פיש אין וואַסער. זיינע אויגן האָבן זיך געקערט אין אַלע זייטן, געקענט אַלעמען און געוואוסט פון אַלץ. ער האָט אים אַ צי געטאָן פאַרן אַרבעל און מיט די אויגן אָנגעוויזן אויף אַ אידן מיט אַ רויטע באָרד, וואָס איז געשטאַנען נעבן לאַנגן באַנק, וואו די באַלעבאָסטע, אַ פעטע מיטליאָריקע פרוי, איז געשטאַנען מיט אַ פאַרדרייסלאַך פנים און אויסגעטיילט וואָס מ'האָט פאַרלאַנגט. דוד חיים האָט שטיל גערעדט:

— זעסט דעם רויטן אידן? — אַ שדכן. ירחמיאל דער שדכן... ער קאָן דיר געבן אַ כלה איינס און צוויי, פון וועלכער מדינה דו ווילסט... ווילסט צו אים צוגיין?

— ניין.

— וועל איך אים צורופן.

— לאָז אים געמאַך.

— לאָמיר האָבן אַביסל שפּאַס.

— מ'דאַרף ניט.

— ביזט גאָר קיין מענטש ניט.

— טו מיך אַ טובה און לאָמיר גיין פון דאַנען.

— אייל זיך ניט.

— אָבער וואָס.

— וואַרט אַ ווײַלע. האָב געדולד.

— ס'איז דאָ פאַרשטיקט.

דוד־חיים האָט געזיפצט:

— ביזט אַ טשיקאַווער איד.

— כ'בין ניט צוגעוואוינט. דאָס גאָר.

— וואַרט, אָט קומט ער צו אונז.

דער איד מיט דער רויטער באָרד אַן אויפגעלעבטער און זינגג־דיקער איז צו זיי צוגעקומען. ער האָט גלייך אַ נעם געטאָן דוד־חיימ'ן פאַר די הענט און פריילאַך גערעדט:

נו, דוד'ל, האָב איך פאַר דיר אַ כלה אַ יפת־תואר, און איר פנים ניט צו קוקן. — און אָנקוקנדיק יצחק'ן האָט ער צוגעגעבן: — און ווער, דוד'ל, איז דער יונגער מאַן?

דוד־חיים האָט פריילאַך אַ זאָג געטאָן:

— מיינער אַ חבר, ר' ירחמיאל!

דער איד מיט דער רויטער באָרד האָט געפרעגט:

— און וואָס איז מכח אים?

— פרעג אים.

דער איד האָט אָנגעקוקט יצחק'ן:

— נו, וואָס שווייגסטו?

יצחק איז געוואָרן רויט און געצויגן דוד־חיימ'ן פאַרן אַרבעל צו גיין.

דער שדכן האָט אים ניט אָפּגעלאָזן:

— וואָס שעמסטו זיך, ס'איז אַ אידישע זאַך? ווי רופט מען דיך? יצחק? נו, יצחק, עד מתי?... כ'האָב מיידלאַך בחיר, אייזס אין דער וועלט...

מיידלאַך, מיידלאַך, — אויף יצחק'ן האָט מיט אַמאָל אַ ווייע געטאָן אַזאַ מחיה'גלעטנדיקער ווינטל פול ריחות פון בליאונג און טייך, און האָט אַרום זיך דערשפּירט אַזאַ וואוילגלעטנדיגקייט, וואָס קומט פון חלום'דיקער באַרירונג מיט הייס באַגערטן פרויען לייב.

דער שדכן האָט געמאָנט:

— נו, וואָס זאָגסטו?

יצחק האָט מיט אָנשטרענגונג אַרויסגעזאָגט:

— איך האַלט ניט דערביי.

— ווי האַלט'ס ניט אַ איד דערביי?

— איך פאָר אַוועק פון דאַנען.

— נו איז וואָס? ראשית פאַרבלייבט מען דאָ, והשנית נעמט מען די אשה מיט זיך.

יצחק איז געוואָרן אומגעדולדיק און אַ זאָג געטאָן צו דוד־חיימ'ן:

— קום, מירן גיין.

אין גאַס האָט דוד־חיים גערעדט צו יצחק'ן:

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך קאָן דיר ניט משיג זיין... וואָס איז מיט דיר?... מיינסט טאַקי אַזוי אויסצולעבן דיין לעבן? וואָס איז דער תכלית, ווי זאָג איך אין מיינעם אַ שיר: "ימים ושנים כצל יעברנה"... געדיינקסט מיין שיר "האהבה"?.. האָלסט פון עמנואל הרומי?.. צופיל פון דאַנטע'ס השפעה... וואָס שווייגסטו?.. ביי דיר איז אַ רענדל אַ וואָרט...

און האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

און יצחק'ן איז געווען אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן: דער דרויסן האָט געשמעקט מיט אויסלאָז פון זומער. דער ריח פון צייטיק געוואָרענע אייבס האָט מיט אַ ווייכן טרויער געקיצלט די נאָז. דער אָנהויב פון ווייכן, אומעטיקן האַרבסט האָט זיך אַרום געלאָזט פּילן: ס'זיינען געלב געוואָרן די בלעטער פון די בוימער. אַלץ האָט גענומען בלאַקירן... און זומער, זומער: יוגנט און זאַפטיק בלויער הימל, — און גייסט, און גייסט, וועגן ציען זיך ווי סטענגעס... און פון סטאַמבול קיין פּאַדואַ...

ב.

הונדערטע אידן האָבן באַלאַגערט דעם שלאָס אַבידאָס אין גאַליפּאָל. אַלע זיינען געווען אויפגערעגט און נייגעריק. אין דער לופט אַרום האָט זיך געשפּירט דער אָנקום פון אַ גרויסע געשעעניש: מ'האָט עפּעס דערוואַרט און אויף וואָס אויסגעקוקט די אויגן. אַלע האָבן געוואוסט, אַז צווישן די ווענט פון ברוגז אויסקוקנדיקן שלאָס קומט וואָס פאָר. שוין פון דריי טעג און נעכט אַז דער גרויסער ויכוח וועגן ביאת המשיח פלאַקערט צווישן שבתי־צבי און פּוילישן מקובל און נביא נחמיה כהן, און דער סוף, ווי ס'האָט אויסגעוויזן, זעט זיך נאָך ניט.

די נייגעריקע און אויפגערעגטע פּאַרזאַמלטע האָבן זיך אין אָנהויב פון דריטן טאָג געשפּאַרט און געשטויסן אַרום די טויערן און ווענט פון שלאָס איינע אויף די אַנדערע ווי שעפּסן אין צייט פון שטורם. מחמת דער גזרה פון גרויסוויזיר, אַז קיין סך באַזוכער זאָלן ניט אַריינגעלאָזן ווערן אינווייניק איז דער גרויסער טייל המון אַרומגעהאנגען און זיך געוואָגלט אין דרויסן. הונדערטע אויגן האָבן געזוכט אין די קליינע פענצטער, געקוקט און געהאַפט, אַז אָט וועט שבתי־צבי אַרויסשטעקן דעם קאָפּ זיי צו באַגריסן. זיי האָבן געקוקט

אויף די טויערן, דערוואַרט צו זען פון דאָרטן אַרויסקומען די שווערע פיגור פון שמואל פרימאַ מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט.

— כ׳וואָלט וועלן וויסן וואָס טוען זיי דאָרטן די גאַנצע צייט?

— האָט איינער געפרעגט דעם צווייטן. — שוין דער דריטער טאָג... אַ גוואַלד, אַ גוואַלד, וואו נעמען זיי כחות?

און האָט זיך גע׳חידוש׳ט.

— גלויב מיר, נאָטע, אַז זיי קנאַקן ניט קיין ניסלאַך. — האָט דער אַנדערער אַרויסגעוויזן מער געדולד. — ס׳מוז שוין זיין איינמאָל אַ ויכוח. אַזוינע צוויי לייבן, — עפּעס אַ קליייניגקייט.

אָבער זע נאָר וואָס פאַראַ אַן עולם? — האָט זיך אימעצער געוואונדערט, כפי הנראה איז גאַנץ סטאַמבול אַהער אַרויסגעקומען „בנערנו ובזקננו״...

— אָבער ווער וועט זיין דער סוף?

— די פּיס טוען מיר שוין ווי.

— איך קאָן ניט פאַרשטיין וואָס דאָרטן קומט פאָר? — האָט זיך נאָך איינער געוואונדערט. — ס׳איז עפּעס ניט גלאַט.

— ס׳איז קיין ספק ניט, אַז דער משיח וועט מנצח זיין, — האָט זיך עמיצער געטרייסט.

— דער אַלטער מוז זיין אַ האַרטער נוס.

— אָבער וואָס פאָרט געדויערט׳ס אַזוי לאַנג? ער האָט מיט אים געקאָנט מאַכן איינס און צוויי...

— וואָס מיינסטו „איינס צוויי״? יענער איז אויך ניט אַבי ווער? דאָך אויך אַ נביא.

פון טויער איז אַרויסגעקומען אַ בכבוד׳יקער מאַן מיט אַ לאַנגע שוואַרצע באָרד און מיט אַלע מינעס פון אַ איד אַ גביר, אָנגעטאָן אין נייע יום־טוב׳דיקע מלבושים. צענדליקע מענטשן האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן, אים באַפאַלן מיט פראַגן:

— נו, וואָס הערט זיך, ר׳ ישראל?!

— שוין געענדיקט?

— ווער האָט מנצח געווען?

— וואָס עפּעס אַזוי לאַנג גענומען?

— שאַ, אידן, דאָ וועלן מיר וויסן.

— גוואַלד שטופּט זיך ניט אַזוי. מיר שיר אַ זייט אָפּגעריסן!

— לאָזט, לאָזט, — האָט זיך איינער אַ פאַרשמאַיעטער גע־

שפּאַרט מיטביידע אָרעמס און מיט גרויס אימפּעט. — לאָזט מיר צו. נו, ר' ישראל?!...

דער בכבוד'יגער ר' ישראל האָט זיך געפּונען אַרומגערינגלט פון נייגעריקע. ער האָט זיך דערפילט וויכטיק, געהאַט אַ מינע פון האָבן אַ סך צו זאָגן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַ שמייכל געטאָן און פאַמעלאַך און מיט פּאַרדרוס אָנגעהויבן:

— גוואַלד שטופּט זיך ניט אַזוי. ר'וועט דאָך מיר דערשטיקן. רוקט זיך אַביסל פאַנאַנדער...

— טאַקי רוקט זיך פאַנאַנדער! ס'איז דאָך קיין שפּאַס ניט.

— אידן, גוואַלד שטופּט זיך ניט. אַביסל מער פּלאַץ.

— אָבער לאָמיר שוין הערן.

— זאָל ער דערציילן.

— וואָס מאַכט ער דאָרטן שהיות!...

ר' ישראל האָט אויסגערייניקט דעם האַלז ווי אַ חזן איידער ער הויבט אָן זאָגן, דערנאָך האָט ער מיט חשיבות אַרויסגעזאָגט:

— רבותי, דער פּוילישער מקובל און נביא נחמיה כהן איז אַ איד אַן עקשן, וויל ניט נאָכגעבן!

צווישן עולם האָט זיך אויפגעהויבן אַ געהורזשעריי, און באַלד האָבן זיך אַרום קולות געטראָגן:

— וואָס זאָגט ער?!

— וואָס וויל ער?!

— הערסט ניט?

— ס'איז אַזאַ טומל, מ'קאָן טויב ווערן.

— וואָס האָט ר' ישראל געזאָגט?

— ער זאָגט, אַז דער פּוילישער נביא איז איינגעשפּאַרט.

— איינגעשפּאַרט. טאַ, טאַ, טאַ...

— אַזוי? מהו, מהו...

— וואָס זאָגט ער?

— גיי פרעג אים.

— ס'וועט זיך נאָך לאַנג ציען?

— וואָס וייס איך?

— חצק'על, ביז וואָס ווען, קום אין אַכסניה, מאַכן אַ לחיים.

אַ איד מיט אַ זייער פריילאַכן פּנים, אַ צושויבערטער איז געשטאַנען אָן אַ זייט און מיט אַמאָל אויפן קול געגומען זינגען.

אַרום אים האָט זיך פאַרקליבן אַ רעדל, און דער איד ווערנדיק דער־מוטיקט האָט זיך נאָך מער געפלייסט, און זיך געווענדעט צו אַלעמען:

— נו, אידן, העלפט, אַלע צוזאַמען, זינגט:

אונזער מלך, אונזער גואל,
שבתי־צבי דער האַר...

— הירשל! — האָט איינער אויסגערופן, — האָסט ליב געפילטע פיש.

דער עולם האָט געלאַכט.

— ווער איז ער?

— אַ משוגע׳נער.

דער איד מיטן פריילאַכן פנים האָט אויפן קול געזונגען:

אמת בא גואל דוד, היושב וכותב
זכיות חובות טובות, ישר כונתו
עשה פועל פעולות צדק, צבי
להציל ממר מות נפשות, סוד
קראו רבי שבתי תפילה...

— ס׳איז דאָך נאָכן א״ב סדר — האָט אַ איד צום צווייטן געזאָגט און זיך גע׳חידוש׳ט: — אַ קאָפּ אויסצוטראַכטן.

טערקישע שוטרים האָבן זיך געדרייט צווישן עולם, געזען אַז ס׳זאָל זיין אָרדנונג. זיי האָבן געשמייכלט, געווען נייגעריק, געוואָלט וויסן וואָס קומט פאָר, וואָס איז דער גאַנצער טומל.

— גוטע ישמאלים, — האָט איין איד באַמערקט.

— בעסער ווי די קאָזאַקן.

— וואָס פאַראַ פאַרגלייך!?

— יענע זיינען דאָך צוררים!

אינווייניק אין שלאָס איז געווען הייס און פאַרשטיקט, די שטימונג אַן אָנגעשטריינגטע. דער חדר, וואו ס׳איז פאָרגעקומען דער ויכוח איז געווען געפּאַקט מיט די אָנגעזעענסטע אידן פון גאָר דער וועלט: — אַלע לערנער און מקובלים. דער ריח פון די ברענענדיקע ליכט מיט דעם ריח פון צוואוואַרמט מענטשלאַך לייב האָבן זיך צונויפגעמישט און דערמאָנט אָן אַ שול יום־כיפור צו נעילה.ביים זייט פון שבתי־צבי זיינען געזעסן זיינע הויפּט חסידים און אונטערהאַלטער: ר׳ אברהם היכיני, ר׳ משה סערוויל, ר׳ מרדכי

החסיד. זייערע פּנימ'ער האָבן אויסגעדריקט צוזאַמענגעקוועטשטע אומגעדולד. ר' משה סערוויל'ס אויגן האָבן פיבערהאַפטיק אַרומ־געבלאָנדזשעט און אָפּט אויסגעדריקט שאַרפן כעס. שבתי־צבי אַליין איז געזעסן מיט קעניגלאַכע חשיבות אָנגעטאָן דורך אין רויטן. ביי זיין רעכטער האַנט איז געשטאַנען די ספר־תורה, באַצירט מיט אַ גאָלדענע קרוין, עץ־חיים און רויט און גאָלד געהעפט העמדל. אין זיין רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גאָלדענעם צעפּטער, אַ סימן פון אַ מושל.

שמואל פּרימאָ און אַ פּאָר משרתיב זיינען געווען פאַרנומען מיט האַלטן אָרדנונג. זיי זיינען געווען די סאַרווער, און דאַרום ניט איינגעשטאַנען אויף איין אָרט. דאָ זיינען זיי אַריין, דאָ אַרויס און אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין זאָקנטריט — שאַ. דאָ האָט שמואל גערעדט בלחש מיט איין אָנגעזעענעם איד, דאָ מיט אַ צווייטן. זייערע פּנימ'ער האָבן אויסגעדריקט אַ ליידיגקייט און באַהאַלטענעם מיסטרויען, — אַן אויסדרוק, וואָס איז צו מערקן אויף מענטשן, וועלכע זיינען געוואוינט צו פאָלגן אָן שאלות, וואָס דאָס האָט געמיינט: און כאָטש מיר ווייסן גוט וואָס ס'קומט פאָר, דאָך ווייסן מיר גאָרניט. מיר דאַרפן שווייגן. פון צייט צו צייט האָבן זיי זיך געשושקעט.

נחמיה כהן, דער נביא פון פּוילן, אַן עלטערער מאַן מיט אַ לאַנגע גרויע באָרד, אַ הויכגעקנייטשטן שטערן, ברייטע באַז און טיפגעזעצטע אויגן איז געזעסן אַנטקעגן שבתי־צבי און איינגעהאַלטן אויף זיין פּנים אַ שטעמפּל פון איינגעשפּאַרטקייט און באַהאַלטענעם חוזק. ער האָט זייער אָפּט געקוקט אַרום זיך, געזען אַ סך פּנימ'ער, אַזוינע אָנגעשטרענגטע, דאַכט זיך אומפּריינטלאַכע, און אַ שאָטן פון פּחד האָט פאַרצויגן זיינע אויגן. ס'איז אים געווען הייס און ווי עפּעס ניט ניחא. זיין מידער קוק האָט פון צייט צו צייט ווי געפרעגט: און וואָס איז די פּעולה? ער ווייסט דאָך ניט וואָס ער רעדט.

דער שטרייט איז געווען, אַ האַרטער, אַן איינגעג'עקשנ'טער פוןביידע צדדים. איינער האָט דעם אַנדערן ניט געוואָלט אָפּלאָזן אויף אַ האָר. זייער אָפּט איז שבתי־צבי אַריינגעפאַלן אין אַ פּאָעטישע גלייכגילטיגקייט און זיך ערטערווייס געפּוילט צו גלאַנצן מיט זיינע רייד. אין אַזעלכע רגע'ס האָט ער מיטאַמאָל ווי דערפילט די

נישטיגקייט און נוצלאָזיגקייט פון גאַנצן ענין, און ס'איז אים עפּעס אויסגעקומען טשיקאַווע, וואָס ער אַמפּערט זיך מיט איינעם, וואָס האָט אַזאַ מיאוס'ן פּנים און אַזוינע גראָבע ליפּן. איינמאָל איז אים איינגעפאַלן, אַז נחמיה כהנ'ס ליפּן זיינען ווי נתן פון עזה'ס ליפּן: פולע, אויבנאויפיקע. אַ צווייט מאָל איז אים איינגעפאַלן צו אָנ'שיכור'ן זיך און זיבגען אויפן קול און ליגן אין די אָרעמס פון אַ פרוי, — אַ זונה, ווי אַמאָל אין קאַירא... און וואָס זיצן זיי אַלע דאָ, שטייען אַרום און קוקן ווי פאַרגליווערטע?

דער ויכוח האָט זיך אַלץ געדרייט אַרום דעם צי שבתי־צבי איז דער משיח בן דוד. נחמיה כהן האָט מיט אָקסענע איינגעשפּאַרטקייט, באַוואָפנט מיט טויזנטע ראיות פון זהר הקדוש און מדרשים באַוויזן, אַז ס'קאָן ניט זיין, אַז ער זאָל זיין דער משיח בן דוד, גאַנץ פּשוט: ווייל פריער דאַרף קומען דער משיח בן יוסף פון שבט אפרים, און יענער איז נאָך דערווייל ניט געקומען.

אויף דעם האָט שבתי־צבי געענטפערט, אַז משיח בן יוסף איז שוין לאַנג געקומען, און אַז ער אַליין איז אייגנטלאַך געווען איינער פון זיינע תלמידים, זיין נאָמען איז געווען אברהם זלמן. ער איז געשטאָרבן אין פוילן אין צייט פון פעלקער קריג. נחמיה כהן האָט זיך אָבער אויסגעלאַכט פון זיינע רייד. ער האָט גע'טענה'ט, אַז לפי דברי המקובלים דאַרף דער משיח בן יוסף פון שבט אפרים מלחמה האַלטן מיט גוג ומגוג, און אַזאַ מלחמה איז דערווייל ניט געווען און לכן איז דער משיח בן יוסף פון שבט אפרים נאָך ניט געקומען און פון דעם איז געדרונגען, אַז שבתי־צבי איז ניט דער משיח בן דוד.

שבתי־צבי האָט מיט איינגעהאַלטענער אומגעדולד אָבער מיט שיינער שטים און פאַרביקע מליצה דערוויזן, אַז די מלחמות גוג ומגוג דאָס איז די פעלקער מלחמה, און משיח בן יוסף פון שבט אפרים איז געווען דאָרטן. נחמיה איז אַלץ וואָס מער געוואָרן אומפריינטלאַך און אויפגערעגט און האָט'ס גענומען אַרויסווייזן אָפן אין זיינע רייד, און אַזוי ווי דער ויכוח האָט שוין געהאַלטן אַריינגעצויגן אין דריטן טאָג איז ער געוואָרן מיד און קרענקלאַך און זיין כעס האָט אין איין אָרט דערגרייכט די העכסטע שמופע און האָט אויפגעפּלאַצט:

— ביז וואַנען וועסטו טענה'ן, אַז דו ביזט דער גואל און

משיח בן דוד ?! איך זאָג הלואַי וואָלטן די אידן ניט פאַרפירט געוואָרן פון דיר און דיינע זיסע ריידעלאַך, וואָרים איך האָב מורא, אַז אויף זיי לויערט אַ שוואַרצער סוף... ביזט אַן עוכר ישראל! ווילסט מיט דיינע שקרים ברענגען אומגליק אויפן אידישן פאָלק! דער סוף וועט זיין אַ שלעכטער, — דו עוכר ישראל!...

שבתי־צבי איז געבליבן זיצן מיט אויסגעשטעלטע, פאַר׳חידוש׳טע אויגן: — צו פלוצים. ער האָט זיך אויף דעם ניט געריכט. ער האָט זיך אין דער ערשטער רגע פאַרלאָרן, געקוקט נאַריש אויפן צעדרייטן צאָרנדיקן פנים פון נחמיה כהן און געהאַט עפעס אַ געוואָרזיין אַז ס׳דאַרף וואָס געטאָן ווערן, געזאָגט ווערן. ס׳קאָן אַזוי ניט בלייבן. אָבער וואָס טוט מען? וואָס זאָגט מען? זאָל ער אויך אין כעס ווערן און ריידן שימפיקע רייד?...

די אַרומיקע האָבן זיך אַלע אָנגעקוקט מיט פרעגנדיקע אויגן, האָבן פאַרלאָרן ס׳לשון. ס׳איז געוואָרן שטיל, גלייך ווי מ׳וואָלט פאַרמאַכט די אויערן. ס׳האָט זיך געפילט דאָס ברענען פון די ליכט. די פייערלאַך האָבן זיך אויסגעגלייכט, געשטאַנען אויף איין אָרט, ניט באַרירט געוואָרן פון קיין אָטעמצוג, און ווי ס׳טרעפט אין אַזוינע פאַלן האָט אָבער באַלד אויסגעבראָכן אַ הוזשעריי און זשומעריי, ווי טויזנטע בוימער וואָלטן זיך מיטאַמאָל אויפגעכאַפט. ס׳איז אָנגעפלויגן אַ ווינט און די מיילער האָבן זיך געעפנט: — וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס האָבן מיינע אויערן געהערט?

אַ שטים פון די אַרומיקע האָט אויסגערופן:

— חורף אלהים ואת משיחו!

ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל, אַ באַוועגונג, גלייך ווי טרוקענע בלעטער וואָלט זיך גענומען קערן. אימעצער האָט זיך גרייט אויפגעהויבן, באַלד איינער נאָך איינער. בענק האָבן זיך גענומען רוקן, פיס האָבן זיך געשאַרט, אימעצער האָט זיך פאַנאַנדער געהוסט, און דיזעלביקע שטים האָט משפט׳יק זיך ווידערהאָלט:

— חורף אלהים ואת משיחו — מת ימות!

און פאַרשיידענע אויסרופן פון אַלע זייטן:

— אחד דתו למות!

— גאָט און משיח לעסטערער!

— דום בן־מון, כי חייב מיתה אתה!

נחמיה כהן איז געוועזן אַ פאַרלאָרענער. ער האָט אויף דער

בייזער רגע ניט באַגריפן וואָס ער האָט דאָ אויפגעטאָן, נאָר ער האָט בחוש געפילט, אַז ער האָט דאָ פאַרקאָכט אַ קאַשע. ער האָט אַרום זיך צעשראָקן געקוקט און כסדר געפינטלט מיט די רויטלאַכע אויגן. באַגעגנט פיינטלאַכע און דראָענדיקע אויגן. דאָ געקוקט אויפן צוטומלטן שבתי־צבי, דאָ אויף די אַרומיקע, און זיך אַזוי פּאַמעלאַך גענומען רוקן צו דער טיר.

ביים אַריינגאַנג האָט שמואל פרימאָ און אַ איד, אַ וואוקסיקער צווישן זיך שטיל גערעדט:

— ער טאָר פון דאַנען ניט אַרויסקומען, — האָט שמואל פרימאָ גערעדט. — האָסט זיך געזען מיט צמח דעם קצב?

דער איד האָט גערעדט:

— יע, ער איז ביים טויער מיט אייניקע יונגען. זיי וועלן אים שוין פאַרהאַלטן, ער האָט מיין באַפעל.

שמואל האָט פאַרטראַכט גערעדט:

— ס'איז זייער וויכטיק, אַז ער זאָל ניט אַרויס פון די טויערן... ס'וועט זיך אויפהויבן אַ גרויסע מהומה... ער האָט צופיל חסידים...

נחמיה כהן האָט איינגעשרומפן, געקוקט אין אַלע ווינקלען און די דמים איז אים איינגעפאַלן: אַזוינע רציחה'דיקע אויגן און פנים'ער. — ער האָט זיך גע'גנב'עט צום אַרויסגאַנג.

דאָס צימער איז פול געוואָרן מיט שוימיקן צאָרן: מענטשן האָבן געשריען, מענטשן האָבן געפלוכט, ס'איז געוואָרן אַ מהומה. איינער האָט אויסגעשריען:

— ער אַנטלויפט דער פחדן!...

נחמיה כהנ'ס איינציקער וואונש איז געווען צו זיין אויף יענער זייט טיר, — און אָט איז ער שוין אַזוי נאָענט. אָבער פונקט אין דער רגע האָט אים שמואל פרימאָ אָפּגעהאַלטן:

—אנה פניך מועדות, ר' נחמיה?

נחמיה כהן האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט קאַלטן שווייס. ער האָט עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז און זיך גערוקט אַלץ נעענטער צום אַרויסגאַנג.

שמואל האָט אים געהאַלטן ביים אַרבעל:

— איילט זיך ניט, ר' נחמיה.

נחמיה האָט זיך דערלאַנגט אַ ריס און באַלד געווען אויף יענער זייט טיר. אייניקע זיינען אים נאָכגעלאָפן.

— ער אַנטלויפט!
— האַלט אים!
— כאַפּט אים!

דער שוואַר־אָטעמדיקער נחמיה האָט געוואוסט איין זאַך: מ'באַדאַרף לויפן, און דאָס מיט אַלע כחות, ווי ניט איז זיין לעבן אין סכנה. ער האָט אויפן קול געשריען:

— גוואַלד, אידן, ראַטעוועט! זיי ווילן מיר ממית'ן!...

און איז בלינד געלאָפן.

און מענטשן האָבן געשריען:

— ער איז משוגע געוואָרן!
— האַלט אים, ער איז אַ סכנה פאַר אונז אַלעמען!
— כאַפּט דעם משוגע'נעם!

אין טויער האָבן אים אָפּגעשטעלט אַ פּאָר שוטרים:

— וואוהין לויפסטו?
— וואָס איז?

און ער האָט געשריען:

— זיי ווילן מיך טויטן!

און פון הינטן געשרייען און אויסרופן:

— ניט אמת! ניט אמת!
— ער איז משוגע!

און נחמיה האָט געשריען:

— גוואַלד, אידן, ראַטעוועט!

שמואל פּרימאַ איז צוגעקומען צו אַ שוטר און אים אין דער שטיל עפּעס אַריינגעזאָגט.

דער שוטר האָט אָנגענומען נחמיה'ן ביי דער האַנט:

— שטיי, לויף ניט.

נחמיה האָט זיך אַרומגעקוקט אַ פאַרלאָרענער, און מיט אַ וויינענדיקע שטים גע'טענה'ט:

— זיי ווילן מיך טויטן.

און האָט געפינטלט כסדר מיט די אויגן.

דער שוטר האָט זיך געווענדט צו אַ פּאָר אידן:

— וואָס וויל ער? וואָס זאָגט ער?
— ער איז משוגע.

נחמיה האָט געשריען מיט באַנומענע קולות:

— זיי ווילן מיך טויטן, ווייל איך וויל אָנעמען די מחמד'אַנישע אמונה!

די דערביישטייענדיקע האָבן זיך דערשטוינטע איבערגעקוקט: אויף דעם, ווי ס'ווייזט אויס, האָבן זיי זיך ניט געריכט. זייערע פּנימ'ער זיינען איינגעפאַלן: — מיט אַזאַ זאַך שפּילט מען זיך ניט.

דער שוטר האָט ווידער איבערגעפרעגט:

— וואָס זאָגט ער?

אַ טערקישער איד האָט אים דערקלערט.

דער שוטר האָט גע'פּסק'עט:

— פירט אים צום קאַדי!

און צוויי וועכטער האָבן נחמיה'ן אַוועקגעפירט.

שמואל פּרימאַ איז אַרויס פאַרן טויער. דער המון האָט זיך צו אים אַ לאָז געטאָן.

שמואל פּרימאַ האָט אויפגעהויבן די האַנט און מיט אָנשטעל אַ זאָג געטאָן:

— שמעו, והאזינו דברי!

און מענטשן זיינען זיך צונויפגעלאָפן אין אַ רעדל, און געשרייען פון אַלע זייטן:

— העכער, שמואל!

— וואָס איז געשען?!

— מיר הערן גאָרניט!

שמואל פּרימאַ האָט אויפגעהויבן דעם קול:

— קינדער פון ישראל, — דאָס אייביקע פאָלק, גריס און ברכות צו אייך פון אונזער גואל און מלך־המשיח שבתי־צבי ירום הודו! כ'בין אייך געקומען מודיע זיין וועגן גרויסן ויכוח און זיין אויסלאָז. דורכן פאַרלויף פון גרויסן ויכוח, וואו אונזער גואל האָט געפינקלט מיט זיין חכמה ווי מיט אבנים טובות, האָט אָבער דער פּוילישער מקובל ערטערווייס אַרויסגעוויזן סימנים מובהקים פון משוגעת, און ביים סוף איז ער אין גאַנצן אַראָפּ פון מות און גע־נומען שרייען אַז ער וויל זיך שמד'ן... אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפן, און ער איז אָפּגעפירט געוואָרן צום קאַדי, און פון דאָרט וועט ער אַוועקגעפירט ווערן צום מופטי... דער גואל איז שווער גערירט פון גרויסן אומגליק און שיקט צו אייך זיינע טרייסט ווערטער...

שמואל איז געבליבן שטיין, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. פון המון זיינען געקומען אויסרופן:

— זאָל זיין נאָמען אויסגעמעקט ווערן פון ספר־החיים!

— שם רשעים ירקב!

— לעבן זאָל אונזער גואל!

— יחי מלכנו ומשיחנו!

שמואל האָט צו אַלעמען אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, דער־מיט געלאָזט וויסן, אַז ער זעגנט זיך מיט זיי, און איז אַריין צוריק אין טויער. אין געזעמל האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל אויפסניי.

אברהם היכיני, ר' משה סערוויל, ר' מרדכי החסיד און אַ פּאָר אַנגעזעענע אידן האָבן באַשאָטן שמואל'ן מיט פראַגן, און שמואל האָט מיט גרויס וויכטיגקייט און מיט אַ מינע פון סודות'דיגקייט אַלעמען קלאָר געמאַכט די לאַגע. ווען ער איז פאַרבליבן אַליין מיט דעם רייכן איד פון סמירנא, האָט ער אַרויסגעלאָזן אָטעם: אוף, — און געשאָקלט נאָכאַנאַנד מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— אויף דעם האָב איך זיך ניט געריכט.

ר' ישראל פון סמירנא, האָט די זאַך אַנדערש תופס געווען, ער האָט געזאָגט:

— זיך אויסגעלאָזן מיט אַ „בכי טוב"...

שמואל פרימאַ האָט געביסן די שפּיץ באָרד, געווען פאַרטראַכט און שטיל געזאָגט:

— איר האָט אַ טעות, ר' ישראל... ס'איז ניט אַזוי ווי מ'מיינט... ס'איז ניט אַזוי פשוט. איך האָב מורא.

דער איד האָט אים אָנגעקוקט:

— פאַרוואָס האָסטו מורא, שמואל?

שמואל האָט מיט אַ שווערן געמיט גערעדט:

— די לאַגע איז אַזאַ: נחמיה וועט אַצינד אָפּגעפירט ווערן קיין אַנדריאַנאָפּאָל, מחמת דאָרטן האַלט זיך אויף דעם סולטאַנ'ס הויף. דער סולטאַן איז יונג, נאַריש, אָבער איז נייגעריק. ער וויל עפּעס אויפטאָן פאַר דער מדינה. נחמיה איז ביי די אידן אַן אָנגענומענער מאַן, אַ נביא, און דער סולטאַן האָט עפּעס אַ מאָדנע קינדישע שוואַכקייט פאַר נביאים. — אַבי אַ נביא, מאַכט ניט אויס פון וואָסער אמונה, בפרט נאָך פון דער אידישער... נביאים זיינען דאָס רוב נאָר פאַרבונדן מיט דער אידישער אומה... קורץ נחמיה

וועט גיך אויפגענומען ווערן און נחמיה וועט אַלץ דערציילן, און דאָס ערגסטע איז, וואָס דער סולטאַן וועט אים גלויבן... איר פאַרשטייט?...

ר' ישראל פון סמירנאַ האָט זיך פאַרטראַכט און צום סוף פּאַמעלאַך אַרויסגעזאָגט:

— ביזט גערעכט, שמואל...

## ג.

י"ג אלול זיינען רייטער און גאָלדגעשטריקטע קליידער אויף אַראַבישע הייסבלוטיקע פערד אַרומגעריטן פאַר די טויערן פון שלאָס אַבידאָס אין גאַליפּאָל, צוריקצושטויסן מיט העזה און זיכערקייט פון פערד און שטאָל דעם שטופּעדיקן און אויפגערעגטן המון, וואָס האָט זיך אין אַ לויפנדיקע כוואַליע געשפּאַרט צו די טויערן.

די נייס, אַז דער סולטאַן מחמד דער פערטער, האָט געשיקט שטאַפעטן צו ברענגען שבתי־צבי צו אים אין אַנדריאַנאָפּל, וואו ער האָט איצט געהאַלטן זיין הויף, האָט אויפגערודערט גאַליפּאָל און סטאַמבול, און טויזנטער אידן, אַלט און יונג, פרויען און קינדער, האָבן געשטראָמט צום שלאָס אַבידאָס.

דער באַפעל פון סולטאַן צו זיין שטרענג מיטן געפאַנגענעם איז פּינקטלאַך אויסגעפירט געוואָרן: די באַרימטע לויפער האָבן מיט רוגזה געטריבן, געשלאָגן די נייגעריקע און די מהומה איז געוואַקסן.

אינעווייניק איז שבתי־צבי אומגעגאַנגען אַ צומישטער, אַ צוטראָגענער, האָט פאַרגעסן צו ציילן די טריט, גייענדיק פון איין וואַנט צו דער צווייטער, ווי ער'ז געוואוינט געווען צו טאָן פאַר די לעצטע עטלאַכע חדשים. געוועזן בלייך, ניט אויסגעשלאָפן, מיט גרויסע שוואַרצע זעקלאַך אונטער די אויגן. זיינע ליפּן האָבן געצוקט און די צונג האָט זיך שוואַך באַוועגט, ווי אָפּגענומען. ער האָט ניט געקאָנט ריידן ווי געהעריק, אויף די רייד פון סולטאַנ'ס לייב־אַרצט מאַיאט זאַדי (אידישער נאָמען דידון) האָט ער קאָם געקאָנט ענטפערן אַזוינס וואָס זיל זיך קלעפּן. ער האָט געהאַלטן אין איין מורמלען צו זיך אַליין: געוואָלט אַלעמען דערלייזן, און זיך אַליין ניט געקאָנט דערלייזן!

דער לייבאַרצט מאַיאַט זאַדי, אָנגעטאָן אין פולער פּראַכט

פון אַ הויכגעשטעלטן טערקישן באַאַמטן, האָט געקוקט אויף שבתי־צבי מיט דער מינע פון אַ דערפאַרענעם. ווי איינער זאָגט: "ס'וועט זיך איבערדרייען, איבערמאָלן — און ס'וועט זיין מעל". ווען דער דאָקטאָר האָט צו אים גערעדט, האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיין שוואַרצן פאַרב און געמאָלן פאַר אים אַ שרעקנס בילד. דאָס אַלץ גערעדט, אויב ער וועט זיין איינגעשפאַרט, דעמאָלט וועט מען זיין לייב ברענען מיט אָנגעברענטע שפיזן, מ'וועט פון אים רייסן שטיקער, אָבער אויב ער וועט איבערגיין צום איסלאַם וועט ער ווערן אַ מקורב צום סולטאַן.

שרה, זיין ווייב, האָט זיך פאַרלאָרן, זי האָט זיך פאַרהאַלטן חוצפה'דיק, געבראַכט צו הילף די אַלע קלאָפּערגעצייג פון איר בליצנדיקער ווייבלאַכקייט, זיי אויסגענוצט און זיך מיט קעצישער ווייכקייט געקלעפּט צו די הויכגעשטעלטע פּערזענלאַכקייטן, זיך גע'חנ'ט צום לייבאַרצט מאַיאַט זאַדי, אים פאַרשפּראָכן, אַז „שבתי" וועט טאָן, וואָס זי וועט וועלן.

שבתי־צבי איז געווען פאַרצווייפלט, ס'האָט אים געקלעמט דאָס האַרץ. ער האָט מיט טרויער געקוקט אויף די רייך טאַפּעצירטע ווענט, אויף די גאָלדענע כלים, אויף די טייערע איידלשטיינער און ס'האָט זיך ביי אים אין האַלז עפּעס צונויפגעשטיקט: שוין אַזוי געוואוינט צו די קאַלטע ווענט, צום גאַנצן חדר, ווייסט וויפיל טריט פון איין עק צום צווייטן: אין דער לענג און אין ברייט.

ער האָט געפילט אַ טעמפּן ווייטאָק זיך שפּרייטן איבערן גאַנצן גוף. זיין האַרץ האָט שוואַך געשלאָגן, געפילט ווייטאָקן אַרום ברוסט, און געפילט מיט נאָגנדיקע בענקשאַפט, אַז ער ווערט אַלט. — און דאָס לעבן איז ביים סוף.

און וואָס וועט פאָרט זיין? און ס'האָט זיך אים דערביי געפילט ווי צו טרויערן מיט אַן איכה־ניגון: אַלץ פאַלט איין, אַלץ פּלאַצט ווי אַ זייפנבלאָז. — און וואָס? . . .

שרה האָט צו אים גערעדט, און איר קול סאַמעט גלאַט האָט זיך געגליטשט מיט אַזאַ קעצישע ווייכקייט און וואַרמקייט, און יעדע נאָט איז געווען פאַלש, באַטריגעריש. איבער זיין רוקן האָט געפּויזעט אַ שוידער. איר שטים האָט געפלאָסן:

— שבתי, נעם זיך צוזאַמען... מיין ניט, אַז ס'איז אַזוי קרום. די גרעסטע טובה קאָן דערפון אַרויסקומען. ס'עפנט זיך אַ

נייער וועג. דער סולטאַן איז יונג, האָט ניט קיין שטאַרקן ווילן. מ׳קאָן אים בויגן. ער קאָן זיין אין אונזערע הענט ווי וואַקס. מיר׳ן קאָנען פיל אויפטאָן, מער ווי ביז אַהער...

שבתי־צבי׳ן האָט ווייגעטאָן ביזן מאַרך פון דיביינער איר באַהאָניקטע פאַלשקייט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס זיינען אַלץ באַטריגערישע און פאַרפירנדיקע רייד. אַזוי ריידן אַלע די וואָס ווילן עפּעס געווינען. ער האָט אויך געוואוסט אַז אויפן סולטאַן קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן, ווי מ׳קאָן זיך דערהויפּט ניט פאַרלאָזן אויף די רייד און הבטחות פון הערשער. ער האָט מיטן גאַנצן וועזן געפילט, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ פאַלשע לאַגע און זיין סוף איז נאָענט. ער האָט דאַרום גערייצט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ווילסטו, שרה, זאָל איך טאָן?

און אַן ענטפער איז זאַכליך געקומען:

— טו וואָס דער סולטאַנ׳ס לייבאַרצט מאַיאָט זאַדי הייסט דיך טאָן!...

ער האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ:

— אַך, ריבונו דעלמא כולא!...

ער האָט געקוקט מיט צומישטע אויגן אויף די אַרומיקע: — פנימ׳ער האָבן זיך געקלעקט, רייד האָבן געהילכט ווי אין אַ טונעל:

— אַ ליידיגקייט. מ׳האָט שוין אַ סך כלים פון דאַנען אַרויסגעטראָגן. די ווענט ווערן הויל... און וואָס ריידן זיי? וואָס טוען זיי?... שמואל פרימאָ — וואָס טראַכט ער אַצינד?

דינער האָבן זיך געדרייט אַהער און אַהין: זיי האָבן אויסגעטאָן די ווענט, צונויפגעקייקלט פון דיל די קאַוויאָרן, צוזאַמען גענומען אַלע גאָלדענע און זילבערנע כלים. — אַ שטויב האָט זיך אויפגעהויבן. — און ווי אומעטיק ס׳ווערט אויפן האַרצן.

ער האָט זיך געווענדט צו שמואל׳ן:

— וואָס זאָגסטו, שמואל?

שמואל פרימאָ האָט זיך אָנגעשטייפט, זיך גענומען ביי דער באָרד, און יעדן וואָרט אַרויסגעלאָזט אויפן אופן ווי אַ קאַרגער ציילט אויס רענדלאַך:

— די צייט עפּעס אויפצוטאָן איז געקומען.

שבתי־צבי׳ן האָט אַ שלאָג געטאָן שרה׳ס רייד: פאַלש און ליידיק, אָבער האָט זיך מיט אַלע כחות איינגעהאַלטן און רואיק געפרעגט:

— ווי אַזוי? איך זע ניט איין...

שמואל האָט מיטן טאָן פון אַ זייער פּראַקטישן מענטשן גערעדט:

— די צייט עפּעס אויפצוטאָן איז געקומען. די גאַנצע משיח־באַוועגונג איז פאַרקראָכן אין אַ שטייענדיקן וואַסער. מיר זיינען צוגעקומען צו אַ בלינדער וואַנט. — ניטאָ קיין אויסוועג! דאָס פאָלק מוז געשפייזט ווערן, און אונזערע שפּייכלער זיינען ליידיק...

וואָס רעדט ער? — האָט זיך שבתי־צבי'ן געפרעגט, און ס'איז אים אויסגעקומען אַזוי טשיקאַווע.

ס'האָט זיך נביא'יש אַריינגעמישט אברהם היכיני:

— די גאַנצע וועלט קוקט אויף דער פּאַסירונג ווי אויף אַ ליכטיקע מעשה פון אויבן... זיין נאָענט צום סולטאַן, זיין זיין בעל־יועץ... אַלע אידישע הערצער וועלן שלאָגן מיט פרייד: — דער טאָג פון דער גאולה איז נאָענט!...

שבתי־צבי האָט זיך ביי זיך אין האַרצן גע'חידוש'ט: — וואָס, זיי טרייבן קאַטאָוועס?... זיי זיינען לצים... ווייסן זיי דען ניט, אַז דער סוף איז נאָענט? פילן זיי'ס ניט בחוש?... גאולה, גאולה, משיח, משיח — אַך, אַך...

און געצויגן די אַקסלען אין דער הויך.

דער שטויב, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן ביים צונויפנעמען די זאַכן, האָט אים אָנגעגריפן נאָז און האַלז און האָט גענומען ניסן און הוסטן. די אויגן האָבן געשמאַרצט, און ער האָט זיך דערפילט קליין און דערשלאָגן.

מאַיאַט זאַדי, דעם סולטאַנ'ס לייבאַרצט האָט אים זייער אָנגעשראָקן, געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט געזעסן ביי דער בעט פון אַ חולה מסוכן, און שבתי־צבי האָט אויף אים געקוקט, און געהאַט די גאַנצע צייט דאָס געוואָרזיין, אַז דער וואָס זיצט אַנטקעגן אים איז אַ משומד, און האָט אַן אָנגעבלאָזענעם פּנים, מיט גרויסע אויגן, איז אַצינד דעם סולטאַנ'ס הויפּט רופא, אַ גרויסער חשוב אין הויף... ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז ער קאָן אויך ווערן אַ חשוב ביים סולטאַן און דעמאָלט וועט ער אפשר באמת קאָנען וואָס אויפטאָן. ער וועט אַריינעמען דעם יונגן סולטאַן אין האַנט און מיט טאַקט און חכמה אַזוי מאַרקירן, אַז ער זאָל ווערן דער גאַנצער פירער, — ווי ס'איז געווען רישעליע אין פראַנקרייך. —

אַ שני למלך, ווי יוסף ביי פרעה'ן, און דער סוף וועט זיין אַ בעסערער, ווי ער האָט געקאָנט דערוואַרטן, — און „ימין ה' רוממה, ימין ה' עושה חיל"...

ער איז געוואָרן מוטיקער, זיין גייסט דערהויבענער, און ערגעץ פאַר אים ציט זיך נאָך אַ פעט שטיק לאַנד, באַגאָסן מיט ליכט און גרין — און ווענעדיק, פאַדואַ, קאַיראָ, אַלעמסאַנדריע און ירושלים...

אָבער וואָס איז'ס פאַראַ שטויב? — און האָט גענומען ניסן.

די פאָרצימערן זיינען געווען פול מיט נייגעריקע, און אין דרויסן איז דער געזעמל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, ניט קוקנדיק, וואָס די באַריטענע לויפער האָבן געטריבן דעם עולם. אַרום אים האָבן זיך עפּעס נאָכאַנאַנד געדרייט מענטשן. — קיין זאַך איז ניט געווען אויפן געהעריקן פּלאַץ.

און אַלץ האָט זיך געטאָן ווי אין אַ חלום: אַזוי אומבאַשטימט, אַזוי פאַרצויגן, — און אָט איז ער אין דרויסן, און גענומען דורש'טיק אין זיך ציען די פרישע לופט.

פאַר אים האָט זיך אויפגעוויקלט אַ בלענדנדיקער שטח פון מיט לופט, ווינט און בלויקייט. זיינע אויגן האָבן זיך צונויפגעצויגן, געזשמורעט, אַריינגעכאַפּט אין זיך די ליכטיקע בלענדעניש פון דער זון און פלעקן פאַרביקע האָבן זיך פון די אויגן געקייקלט. ער האָט זיי גענומען רייבן: — וואָס איז'ס?

טויזנטע אויפגערעגטע אידן מיט גלאַנציקע אויגן האָבן זיך געשטופּט און געשפּאַרט ווי אַן איבערגעפילטער טייך. אַלע קעפּ פאַריסן אַהין, וואו די רייטער און יאַניסאַרן האָבן אַרומגערינגלט שבתי־צבי'ן. יעדער באַזונדער איז שטאַרק אָנגעגריפן געוואָרן פון אָנזאָגנדיקן פאַרלאַנג צו כאַפּן אַ קוק אויפן משיח, ווייל צווישן עולם האָט זיך אַרומגעטראָגן אַ דערפרייענדיקער קלאַנג, אַז דאָס האָט דער סולטאַן נאָך אים געשיקט כדי זיך צו באַראַטן מיט אים וועגן דער גאולה. און פאָלגלאַך איז שוין טאַקי די העכסטע צייט, אַז שבתי־צבי זאָל ווערן דער מלך־המשיח.

אידן האָבן זיך ווי שעפּסן געדרענגט און די רייטער און יאַניסאַרן האָבן זיי אויף צוריק געשטויסן, דערביי באַנוצט זייערע הענט, זייערע קרומע שווערדן. די אָנלויפנדיקע מאַסע האָט זיך דאָ צעשאָטן, דאָ צוריק אויפגענומען. די געשרייען האָבן זיך גע־טראָגן איבערן גאַנצן שטח. איינער האָט אַ פאַרשמייעטער געשריען:

— גוואַלד, כאָטש איין קוק טאָן אויף זיין ליכטיקן פּנים!
אַן אַנדערער האָט באַגייסטערט אויסגערופן:
— אָט־אָ איז ער! אין רויטן אָנגעטאָן!
און געשרייען:
— יחי מלכנו ומשיחנו!
— אָט־אָ איז אויך זיין ווייב, — אַ יפת תואר...
— וואו, וואו, לאָזט מיך אויך אַ קוק טאָן!...
— מ'האָט מיך שיר אַ זייט אָפּגעריסן!
— און מיר די פיס צוטראָטן.
איינער האָט אויפן קול געשאָלטן די רייטער:
— זאָלן זיי איינגעבראָכן ווערן, די ישמאלים!
— אמת'ע היידאַמאַקן.
— ניט בעסער פון די קאָזאַקן.

שבתי־צבי האָט געקוקט אַ צוטומלטער אויף די טורעמס און מינארעטן און זיין קוק איז געבליבן שטיין אויף אַ באַגולטן קופּאָל, פון דאָרט ניט געוואָלט אָפּטרעטן. עפּעס האָט דער באַגולטער קופּאָל די גאַנצע צייט זיך געשפּילט אין זיינע אויגן, אים אַזוי פאַרפירעריש צו זיך געצויגן. וואָס איז'ס? און אַרום אַ ים מענטשן: רייטער מיט לאַנגע וואָנצעס, יאַניסאַרן מיט ברייטע רויטע פּלודערן און קרומע שווערדן און דאָרטן דער באַגולטער קופּאָל. ס'איז אים אויסגעקומען אַזוי טשיקאַווע, און ס'איז אים געווען, ווי ער וואָלט זיך פאַרלאָרן אין אַ וואַלד. — און דער קופּאָל? אין דער מינוט איז פאַר אים בטול געוואָרן די ריכטיקע אויפפאַסונג פון זאַכן: און וואָס איז'ס וואָס דרייט זיך אַזוי כסדר פאַר די אויגן?... קופּאָל, קופּאָלא...

ער האָט געזען מאַסן מענטשן אַרום: אַזוינע אָנגעשטרענגטע, נייגעריקע פּנים'ער, און ס'איז אים געווען ווי צו פילן, אַז ער זעט'ס אַלץ צום לעצטן מאָל.

אַרום האָט דער האַרבסט געשפּרייט פרומען אומעט, שאַרפע פאַרבן. בלייכער, קאַלטער הימל האָט זיך נאָכאַנאַנד געשפּרייט און געשפּרייט, און פון ערגעץ איז געקומען דער ריח פון וואַסער. דאָס האַרץ האָט אים געוויטאָגט: — אַלץ צעשווימט, אַלץ לייזט זיך אויף, — און אַרום זיינען אַזוינע פרעמדע פּנים'ער, וואוהין פירן זיי אים?...

יחזקאל דער שוסטער און ירוחם דער שניידער זיינען דאָ אַרום אויך געווען. זיי האָבן זיך ניט געשפּאַרט נאָר געהאַנגען אַרום די ברעגן. יחזקאל האָט זיך געפּילט ניט מיטאַלעמען, ס'האָט אים פּאַר עפּעס פאַרדראָסן, ס'איז אים וואָס אָפּגעגאַנגען: — פּאַרטיק, גע'פּטר'ט און אַראָפּ פון מאַרק! מער ניט קיין מהומה. מ'נעמט אים צו — און וואָס ווייטער? אויס טומל, אויס געשרייען, אויס קריגעריי, — דער סוף. אין דער רגע איז ער גענויגט געווען צו זיין ווייך געשטימט אַנטקעגן דעם יעניקן וועמען ער האָט אַזוי רוגזה'דיק תמיד באַשטריטן, און דעם, וועמען מ'פירט אַצינד ערגעץ אַוועק. אַ געפיל פון נאָגנדיקער ליידיגקייט האָט אים אַצינד געדריקט.

ירוחם דער שניידער האָט געהוסט און זיך באַקלאָגט:

— האָב קיין כח ניט צו שטופּן זיך... איך פיל, יחזקאל, אַ ווייטאָק אונטער דער לאָפּעטע.

יחזקאל האָט געזיפצט:

— יע, ירוחם, ס'איז די עלטער... אַ מיאוס'ע זאַך די עלטער...

ירוחם האָט אין קלאָגנדיקן טאָן גערעדט:

— און דאָ דאַרף איך פאַרטיק מאַכן אַ קאַפּאָטע אויף אַ חתונה.

— פאַר וועמען איז די קאַפּאָטע?

— פאַר שלום דעם מילכיקן.

— האָסט דאָך נאָך אַ פּאָר טעג.

— דער געזעל איז אַוועק.

— אַוועק?

— צו אפרים דעם שניידער.

און האָט זיך פאַרהוסט.

אידן זיינען געלאָפן, געסאַפּעט, געמאַכט מיט די הענט, זיך פאַרזאַמלט אין רעדלאַך. אַנדערע האָבן ווי צו דוכענען אים גע־בענטשט: „יברך ה' וישמרך", אַנדערע האָבן געשריען מיט באַ־נומענע קולות:

— לייז אונז אויס!

— פאַרלאָז אונז ניט!

— יחי מלכנו ומשיחנו!

— ה' יצליח את דרכיך!

— זאָל לעבן דער משיח!

— יחי המלך המשיח!

דוד־חיים איז געווען פאַרנומען, פאַר׳עסק׳ט, געלאָפן אַהער און אַהין, זיך צוגעהערט דאָ צו דער רעדל, דאָ צו אַ צווייטער, דאָ, דאָרטן אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַ פראַגע, אַ באַמערקונג, זיך אַרומגעדרייט, ס׳איז עפּעס פאַר אים געווען אַ באַגעבנהייט אַרום מ׳דאַרף זיך עסק׳ן. ער האָט צום סוף אָפּגעזוכט יצחק׳ן.

יצחק האָט זיך אין דעם טומל אַרומגעוואָגלט ווי אַ פאַרלאָרענע שאָף, ניט געקאָנט זיך געפינען קיין אָרט. דער טומל האָט געטויבט זיינע אויערן, די שאַרפע האַרבסטליכט האָט געשטאָכן זיינע אויגן, און איז עפּעס אין גאַנצן געווען אַרויסגעשלאָגן פון זיין גלייכגעוויכט, און אים אויך האָט פאַר עפּעס באַנג געטאָן: — און אַלץ קומט צו אַ סוף...

דוד חיים האָט גערעדט:

— אָוועקגעפּירט! אַזוי ווי אויף דער וועלט ניט געווען. זיך אָפּגעטומלט, אָפּגע׳רעש׳ט — און אַראָפּ פון מאַרק! יע, איטשע, אַזוי איז׳ס... אַזוי איז דער סדר־העולם. — ער האָט געזיפצט: — און די וואָס גייען אַהין קערן זיך מער קיינמאָל ניט צוריק... געדיינקסט ווי ס׳ווערט דאָרטן געזאָגט ביי דאַנטע׳ן?... איך זאָג׳ס דאָסזעלביקע אין מיינעם אַ שיר: לא ישובו כל ההולכים בצעדי מות... ס׳טגעלייענט?

— אָבער, דוד חיים, ער איז ניט געשטאָרבן.

— אַלץ איינס ווי געשטאָרבן!

יצחק האָט זיך פאַרקוקט אין דער ווייט, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט געזען אין דער ווייטן שפרה׳ן גייענדיק מיט נאָך אַ מיידל. — אַ פיינלאַכע בענקשאַפט האָט אים אָנגעגריפן.

## אַכטער קאַפּיטל

### א.

אין שול „אַנשי פוילן וליטא״ האָט זיך איינמאָל בין מנחה ומעריב געטומלט מער ווי געוויינלאַך. די גאַנצע שול אידן זיינען געווען אויף די פיס. די טישן, וואו מ׳האָט געלערנט משניות און מדרש זיינען געווען פאַרלאָזן. איינציקע לערנערס זיינען אַוועק פון די סטענדערס און זיך באַהעפט מיטן אַלגעמיינעם טומל. קולות,

גוואַלדן, איינציקע אויסרופן, האָבן אָנגעפּילט דעם חלל. די מער בייגעריקע זיינען אומגעלאָפן אַהער און אַהין: אַריינגעשטעקט די נאָז דאָ אין איין קופּקע, דאָ אין אַ צווייטער. דער שמש האָט געקלאַפּט פון דער בימה „ס׳זאָל זיין שטיל", דער גבאי יהודה־ליב דער וואָכערניק האָט מיט חשיבות געלאָזט פילן זיין אָנוועזנהייט און די רעכט פון זיין אַמט, אָבער דאָס מאָל האָט זיך אויף אים קיינער שטאַרק ניט אומגעקוקט: דער ענין איז געווען צו וויכמיק, צו שייכות׳דיק. מ׳האָט זיך געהיצט, גע׳חידוש׳ט, געשנעלט מיט די צינגער, געשאָקלט די קעפּ: — טסאַ, טסאַ, אַזוי גאָר?...

— לא יאומן כי יסופר...

— זיך גע׳שמד׳ט?... טסאַ, טסאַ, טסאַ...

— כ׳האָב געזאָגט אַז ס׳וועט זיין אַזאַ סוף! איך בין אַ חכם...

— אָבער וואָס, ווער, ווען?... פון וואַנען ווייסט מען?

— אַז מ׳קלינגט איז חגא...

— אין מיטען דערינען. פּריש, געזונט און משוגע!

— ווער זאָל זיך ריכטן, אַזאַ אומגליק!

— אָבער לאָמיר הערן וואָס ווען!...

— ס׳איז ניטאָ וואָס צו הערן, גע׳שמד׳ט און גע׳פּטר׳ט!...

— אָבער פאָרט?

— ס׳גלויבט זיך עפּעס ניט.

— טו אים עפּעס?! ער גלויבט ניט!...

יחזקאל דער שוסטער האָט איינגעלייגט וועלטן: ער האָט די גאַנצע שול אידן געשטעלט פאַר עדות, אַז ער האָט די גאַנצע צייט גע׳טענה׳ט, אַז דער „תכשיט" וועט זיך סוף־כל־סוף שמד׳ן. ער האָט מיט אַ נצחון־מינע גערעדט צו יהודה־לייב דעם וואָכערניק:

— נו, וואָס זאָגט איר אַצינד?... ווער איז געווען גערעכט?..

— אמת, ר׳ יהודה־לייב, — האָט ירוחם דער שניידער אונטערגעהאַלטן, — איך בין אַן עדות.

יהודה־לייב׳ן איז ניט אָנגעשטאַנען דער עסק און מיט רוגזה אַ זאָג געטאָן:

— מ׳דאַרף ניט דיינע עדות!

— אָבער וואָס, ווער, ווען? — האָט אורע דער בעקער געוואָלט קלאָר ווערן, — גוואַלד וואָס טוט זיך דאָ? מ׳קאָן קיין טאָלק ניט דערגיין... גאָרגלען פּונקט ווי געננז... לאָמיר הערן! וואָס איז, טאָדרעס?

טאָדרעס דער מעקלער, אַ מאַן מיט אַ הדרת־פּנים, האָט שוין צום דריטן מאָל דערציילט פאַר באַזונדערע רעדלאַך, ווי אַזוי די שמד־צערימאָניע איז צוגעגאַנגען. דערציילט האָט ער׳ס מיט אַזאַ זיכערקייט און איבערצייגונג, גלייך ווי ער וואָלט דערביי געווען. ער האָט׳ס דערציילט באַריכות, לאַגאָדנע, מיט אָפּשטעל און שטיי־גערונג ווען ס׳האָט זיך געפאָדערט, און מיט פאַרב לעבעדיק געמאָלן וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין סולטאַנ׳ס שלאָס אין אַדריאַנאָפּאָל.

— אָבער צווישן אונז גערעדט, טאָדרעס, מיר זיינען דאָך אייגענע מענטשן, פון וואַנעט וויסטו׳ס? — האָט אים יחזקאל געפרעגט און אים שטרענג אָנגעקוקט. — זאָג, ביזט דערביי געווען?

און שטימען פון די ברעגן:

— טאַקי, טאַקי?

— יע, ר׳ טאָדרעס, לאָמיר הערן.

— איינמאָל פאַר אַלע מאָל.

טאָדרעס דער מעקלער האָט געשמייכלט, געגלעט ביי דער באָרד, געקוקט אַרום מיט אַ פּיל באַדייטנדיקע מינע און צום סוף רואיק דערקלערט, אַז דאָס אַלץ האָט אים דערציילט אבדולא דער עפענדי, זיינען אַ גוטער באַקאַנטער. ער איז דעמאָלט געווען אין אַדריאנאָפּל און אַליין בייגעוואוינט די שמד־צערעמאָניע, און דערביי האָט ער גענומען שילדערן, ווי אין גרויסן חדר פון כסא־המלוכה האָט זיך פאַרקליבן די פּני פון דער מחמדנ׳ישער אמונה מיטן גרויס מופטי וואַנני בראש. דער סולטאַן מחמד דער פערטער איז געזעסן אויפן טראָן, לעם אים זיין באַליבטע ווייב. שבתי־צבי איז געשטאַנען אַ בלייכער, אַ צושראָקענער. דער מופטי וואַנני האָט גערעדט וועגן דער גרויסקייט פון דער מחמד׳אנישער אמונה. שבתי־צבי האָט געציטערט ווי אַ בלאַט. דערנאָך האָט צו אים גערעדט דעם סולטאַנ׳ס רופא מאַיאַט זאַדי, און שבתי־צבי האָט אַראָפּגענומען זיין אידיש הוט און ס׳אַוואָרף געטאָן אויף דעם דיל און אָנגעטאָן אַ וויסן טורבאַן און אַ גרינעם מלבוש און איז געוואָרן אַ מחמד׳אנער מיט אַ נייעם נאָמען קאַפּיגי באַשי אוטריק...

און יחזקאל האָט דערביי אויסגערופן:

— דער עוכר ישראל!

— אַזאַ משומד!

— זאָל זיין נאָמען אויסגעמעקט ווערן.

דער טומל איז געשטיגן, זיך פאַנאַנדערגעשפּילט אין אַ שטורם. אין באַזונדערע ווינקלען זיינען אויסגעבראָכן קריגערייען: ס'האָבן זיך ווי העגער איינער קעגן די אַנדערע אָנגערוקט שבתי־צבי'ס חסידים און מתנגדים. אין איין רעדל האָט יודל דער פערדהענדלער אויפגעהויבן די האַנט אויף יואל דעם מלמד. יחזקאל האָט אים אָפּגעהאַלטן, אַוועקגעשטייסן דעם צעהיצטן מלמד אָן אַ זייט און מיט כעס צו אים גערעדט:

— טראָג זיך אָפּ, לאַ־יצלח, וועסט כאַפּן קלעפּ!

יואל דער מלמד, אַן אויסגעדאַרט אידל, האָט זיך געריסן, געגוואַלדעוועט:

— כ'וועל ניט בייטן שבתי־צבי'ס נאָגל אויף אייערע אַלע־מענס קעפּ! גראָבע יונגען! עמי־ארצים!...

— לאָז מיר צו צו אים! — האָט זיך יודעל דער בעל־עגלה צו אים געריסן מיט כעס — כ'וועל אים דערלאַנגען אַ שמיר איבערן פּרצוף!

— ש־ש־ש־אַ, — האָט יהודה־לייב דער גבאי געמאַכט אַ פּאַרזוך פון דער בימה איינצושטילן דעם אויפגערעגטן עולם. — שאַ, גענוג!

דער שמש האָט געקלאַפּט מיט דער אָפענער האַנט אָן אַן אויפגעעפנטן ספר און געשריען:

— שאַ, רבותי, שטילער!

אימעצער האָט געשריען:

— ווילן אומברענגען אַלע אידן!

— שווייג!

— אָבער זאָל שוין נעמען אַ סוף — גענוג!...

דער איינציקער אין שול, וואָס האָט זיך באַקוועם געפונען אויסן טומל איז געווען יצחק "ליטוואַק". ער איז געזעסן אין אַ ווינקל ביי אַ שטענדער און געקוקט פאַרזיך מיט בלאַנקע אויגן אויף די צעהיצטע דאַוונער און זיין האַרץ און רעיונות זיינען אַצינד געווען ווייט פון זיי. זיין קאָפּ איז אַצינד געווען פול מיט דעם נאָמען פון אַ נייעם פילאָזאָף, וואָס האָט גענומען אַריינדרינגען און פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער וועלט פון חקירה: — דעקאַרט. ער האָט ווי ס'איז געקראָגן אַן אויבערפלעכלאַכע באַקאַנטשאַפט מיט זיין שיטה, וואָס דאָס האָט אים נאָך מער

גערייצט, ווי ס'רייצט דעם נאַשער דער שמעקעדיקער ריח פון אַ באַליבט נאַשעריי, וואָס איז נאָך דערווייל ניט אין זיין רשות. ער איז אַצינד געווען אָנגעפילט מיט אַ ברענענדיקן באַגער אַלץ צו איינזאַפּן אין זיך וואָס ס'איז נאָר שיין און דערהויבן אויפן געביט פון שירה און פילאָזאָפיע, אָבער אין דערזעלביקער צייט האָט ער מיט טיפן באַדויערן געפילט די אייגענע אומבאַהאָלפנקייט און ס'איז אים געווען צו מוט ווי פאַרבלייבן איינגעקבר'ט דאָ צווישן די פיר ווענט.

אַרום האָט זיך גע'רעש'ט: איין איד האָט געשריען אויפן צווייטן: ביזט נאָך ערגער פון אַ משומד! אַ צווייטער האָט זיך געקאָכט, געזאָדן, געכאַפּט שלאָגן. דער שמש האָט כסדר געקלאַפּט: שאַ, אידן, זאָל זיין געגוג! יהודה־לייב דער גבאי האָט געפאָכט מיט די הענט, אַרויסגעלאָזט באַפעלן צו וועלכע קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט. יחזקאל דער שוסטער האָט זיך געבייזערט אויף אורע דעם בעקער, און יואל דער מלמד האָט זיך נאָך אַלץ געריסן און געשריען: גראָבע יונגען! עמי־ארצים!...

יצחק האָט שטאַר געקוקט אויף די פאַרזאַמלטע און ס'איז אים אויסגעקומען פרעמד און ווייט: — וואָס טומלען זיי זיך? וואָס זיינען זיי אויסן? וואָס אַזוינס איז געשען?... שבתי־צבי איז איבערגעגאַנגען צום איסלאַם... נו, איז וואָס?...

דער גאַנצער ענין איז פאַר אים דערשינען אַזוי ווייט און ווילדפרעמד, אַז ער האָט באמת ניט תופס געווען די נייגעשאַפענע לאַגע צווישן די אידן פון סטאַמבול מיט דעם וואָס שבתי־צבי, האָט זיך גע'שמד'ט... שבתי־צבי, שבתי־צבי — וואָס שבתי־צבי?... אַ נאָמען, אַ קלאַנג אין חלל... שבתי־צבי — און דער נאָמען האָט זיך פאַנאַנדער גענומען אין זיבן: ש ב ־ ת י ־ צ ־ ב י, ש ב ־ ת י ־ צ ב ־ י! אויף אַ רגע האָט ער זיך פאַרלאָרן אין אַזאַ טעמפּע, זינלאָזע ליידיגקייט, און בשום אופן ניט געקאָנט זיך פאַנאַנדערקלייבן אין זין פון די אויסגעצויגענע זילבן. וואָס איז מיט אים?...

ער האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך די פאַרטעמפּעניש און דערנאָך געטראַכט, אַז אַ וואָרט, אַ נאָמען פאַרלירן מיין און באַדייט, ווען מ'קייקלט זיי כסדר אין געדאַנק... אָבער וואָס איז פאַרט דאָ די מהומה? וואָס זיינען זיי אַזוי צוקאָכט?... שבתי־צבי האָט זיך

געשמד׳ט, איבערגעגאַנגען... שבתי־צבי: אַ ליידיק קלינגנדיקע כלי... איבערגעגאַנגען פון איין אמונה צו אַן אַנדערער — און וואָס איז דער זיך? אויפן געדאַנק איז אַרויף אוריאל אַקאָסטא... אויך איבערגעגאַנגען — אָבער? און דאָס האַרץ האָט אים ווייגעטאָן פאַר דעם עלנט־פאַרלאָזענעם, וואָס האָט געלעבט אין אַזאַ העסלאַכער איינזאַמקייט, דערנאָך זיך אָנגעטאָן אַ מיתה...

דער שמש האָט פון בימה מיט כח געקלאַפּט און הייזעריק געשריען:

— אידן, צייט מעריב דאַוונען!...

— זאָל שוין נעמען אַ סוף! — האָט יהודה־לייב דער גבאי געשריען. — ס׳נעמט גאָר קיין סוף ניט, — ס׳געהערט?!...

דער טומל האָט זיך ביסלאַכוויס געגומען איינלייגן. באַלד האָט דעם בעל־תפילה׳ס קול זיך מיט אַ ניגון געריסן: „והוא רחום יכפר עון ולא ישחית״, און דער עולם איז מיטן געוויש פון אַ לויפנדיק וואַסער אַריינגעפאַלן אין טראָפּ פון בעל־תפילה.

אַלץ איז דערווייל פאַרגעסן געוואָרן, און אידן שאָקלדיקע מיט בייזע געמיטער האָבן אין דער שטיל געדאַוונט.

נאָך מעריב האָט זיך די שול אויסגעליידיקט, און אַ נאָדל־שטעכיקע שטילקייט האָט אַרומגעכאַפּט דעם שטח, און יעדער קלאַנג, יעדער שאָרך האָט געהילכט ווי אין אַ וואַלד.

שטיל: — אַ זידנדיקע, אויפבלעזנלנדיקע שטילקייט, און אַ גרויסער געפיל פון איינזאַמקייט.

יצחק האָט אָט די דאָזיקע שטילקייט און געפיל פון איינזאַמקייט געקאָנט באַנעמען מיט גוטן געמיט: די שאָטנגעוויקלטע ווענט זיינען געווען די עדות פון אינזיך פאַרדייעטע טעג און נעכט, — זיין היים.

דער פינצטערער סופיט איז געווען פון יאָרן און יאָרן זיין דאַך.

ער האָט געקוקט אין דער שטיק שול, וואָס איז פאַר אים געלעגן איינגעוויקלט אין פלעקן פון דער אָנקומענדיקער נאַכט, און ס׳איז אים אויסגעקומען, ווי ער וואָלט שוין אַזוי פון אייביק אַהין גע־קוקט: — אַ שיף שווימט אַרויס פון אַ געדיכטן נעפל, קומט אַרויס פון ערגעץ. פון וואַנען קומט זי און וואוהין ציט זי?... עת תבוא ונשכח זיכרי מלב, ולא נשאר איש אשר יוכל לאמר כי בלילה הזה ישב איש הלום והרגיש אשר לא הרגיש עוד אדם...

ער האָט זיך געכאַפּט, און געשמייכלט: — וואָס ס׳קאָן זיך אַמאָל טראַכטן?

דער געוויינלאַכער הונגער האָט אים אַצינד ווי תמיד אין דערזעלביקער צייט, גענומען פּלאָגן. ער האָט דערפילט אַ מאָגעניש און אַ נאָגנדיקע ליידיגקייט אַרום אויבערשטן מאָגן, און ס'האָט אים דערצו נאָך געביסן. ער האָט זיך געקראַצט.

ס'איז אונטערגעפאַלן אַ חלשות, און האָט גענומען גיין פון איין וואַנט צו דער צווייטער, דערביי איז אים איינגעפאַלן, וואָס ס'פאַלט אים אַלעמאָל איין, ווען ער הויבט אַזוי אָן צו גיין: פון סטאַמבול קיין פאַדואַ, — אַ שטיק מהלך...

יעדער טראָט האָט געהילכט, זיך געפּלעקט און פאַנאַנדער געקייקלט צווישן די שטומע ווענט. ער האָט זיך צוגעהערט און ס'איז אים אויסגעקומען טשיקאַווע: היימיש און אומהיימיש. ס'איז אים איינגעפאַלן: אַלץ געפינט אָפּקלאַנג. דיין אַרויסגעלאָזענער קול קומט צו דיר צוריק, אָבער אַ געענדערטער, ווי פון אַ ליידיקער פאַס אַרויסגעלאָזן. דאָס לעבן, וואָס הילכט אָפּ און פאַלט צו דיר צוריק איז אַ טויטער קלאַנג: אַן אָפּקלאַנג פון פאַרשוואונדענעם קיום, אַן אָנזאָג, אַ ווארנונג: אַצינד און מער קיינמאָל...

אַרום האַרצן האָט גענאָגט אַ מאָנענדיקע ליידיגקייט, געריסן צו אָנגעפילט ווערן מיט ברויט און וואַרם געקעכטס, — און וואָס?... אַזוי גייט ער, אַזוי גייט ער... פון סטאַמבול קיין פאַדואַ...

ער איז געבליבן שטיין ביים עמוד, אַ חלב'ן ליכטל האָט דערברענט דאָס לעצט. דאָס פייערל האָט זיך געשפּיגלט אין די צעפלאָסענע פעטקייט. אַ געקרייזלט בלוילאַך רויך האָט זיך אין דער הויך געשרויפט. אַ געשטאַנק האָט זיך אַרום געשפּירט.

ער האָט געקוקט אויפן טשיקאַווון באַמאָלענעם און פאַרשמאָל־צענעם עמוד, געזען דעם גרויסן רויטפאַרביקן ש ד י פון אויבן און זיך דערמאָנט אָן דער צייט, ווען ער פלעגט האָבן אַ תשוקה צו מאָלן „מזרחים", לייבן און הירשן... אַן אָפּקלאַנג, אַן אָפּקלאַנג...

מיטן אויסגיין פון ליכט איז אַרום געוואָרן נאָך פינצטערער, און דער ארון־קודש מיט גאָלד אויסגענייטן פרוכת האָבן זיך פאַרוקט טיפער אין שאָטן.

און ווי פריער האָט ער גענומען שפּרייזן פון איין וואַנט צו דער צווייטער.

דער נאָגנדיקער הונגער נאָך שפּייז האָט זיך פאַרשטאַרקט, און האָט געטראַכט, אַז ס'מוז זיין שפּעט: — ווען ער קומען?
ביים ראָג פון סטענדער האָט זיך אַ חלב'ן ליכטל געשמאָלצן, געשפּרייט אַן עגול פון געלבן שיין אַרום.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים סטענדער, אַרויסגענומען פון אַלמערל אַ קליין ביכל מיט לאַטייניש שריפט אויפן רוקן, עס אַן עפן געטאָן, אַ שפּאַציר געטאָן מיט די אויגן איבער די שורות, אויפגעכאַפּט אַ פּאָר פראַזן און ס'איז אים געוואָרן אַזוי ווייך און טרויעריק אויפן האַרצן. ער האָט דאָס ביכל צוריק אַריינגעלייגט און גענומען ווידער שפּאַצירן, און צו זיך גערעדט: — אַזוי איז'ס. מענטשן לעבן און לעבן... יע אַזוי איז'ס, פון סטאַמבול קיין פּאַדואַ...

ב.

הינטער דער בימה האָט געסקריפּעט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און איינגעהערט: — ס'מוז זיין אשר, — און ס'איז אים געוואָרן פרייער.
באַלד האָבן אימעצנס לייכטע טריט זיך ריטמיש געציילט און געהילכט. ער האָט פאַרטיפט זיינע אויגן אין פינצטערן חלל.
— אשר?
אַ יונג קול'כל האָט צופרידן געענטפערט:
— ס'בין איך, רבי.

פון די שאָטנס האָט זיך אַרויסגערוקט אַ בחור'ל פון אַ יאָר זעכצן אין אַ לאַנגע זופּיצע און שוואַרצן טורבאַן, פון וועלכן זיין פּנים פריש און גערויטלט האָט ליבלאַך און נייגעריק געקוקט אויף יצחק'ן. אונטערן אָרעם האָט ער געהאַלטן אַ קליין פּעקל.
יצחק האָט אים באַגעגנט מיט אַ שמייכל, דערהויפּט האָט ער מיט אַ דערפרייט האַרץ געקוקט אויפן פּעקל: ער האָט דערשמעקט „מזונות"...
— רבי, — האָט דעם בחורל'ס קול'כל געהילכט. — געבראַכט ברויט, קעז און אַ פּאָר אוגערקעס.
— גוט, אשר, איך בין טאַקי הונגעריק... איך גיי זיך וואַשן. און איז אַוועק צום האַנטפאַס.
יצחק האָט געגעסן מיט חשק, געגעסן און געשוויגן. דאָס

בחור'ל האָט מיט געטרייע אויגן געהיט אַלע תנועות פון יעניקן, ווען ער האָט געפֿן „רבי". זיין שיין אינגלשער פנים האָט דערביי געהאַט אַן אויסדרוק פון וועלן אַריינדרינגען אין רבינ'ס האַרץ און זען וואָס טוט זיך דאָרטן.

נאָכדעם ווי יצחק האָט פאַרשלונגען דעם לעצטן ביסן, האָט ער צונויפגעקליבן די ברעקלאַך און מיט אַ מינע פון זיין־פאַרטיק האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אָנגעפילט דעם חומר, — און גענומען בענטשן.

נאָכן בענטשן איז יצחק געוואָרן אויפגעלעבטער און פריילאַכער. ס'האָט אויף אים אַ בלאָז געטאָן אַ דערקוויקנט ווינטל, — און דאָס גאַנצע לעבן איז נאָך פאַר אים געלעגן אָפן, — קום און נעם!

דאָס בחור'ל האָט מיט אַמאָל אויפגעבראויזט:

— געהערט, רבי? שבתי־צבי...

ער האָט ניט געענדיקט... ס'האָט אים וואָס געשטיקט אין האַלז.

אָבער יצחק האָט געוואוסט וואָס ער וויל זאָגן. ס'האָט אים פאַרדראָסן פאַרן יונגן בחור'ל. ער האָט געזאָגט:

— יע, אשר, כ'האָב געהערט, — און פאַרטראַכט צוגעגעבן:

— יע, יע, דאָס איז דער סוף פון אַזוינע.

דאָס בחור'ל האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר צוטומלטע אויגן און געפרעגט:

— וואָס, רבי?

יצחק האָט אויף אים געקוקט מיט מיטגעפיל און ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס אינגל האָט מסתמא שטאַרק געמוזט גלויבן אין שבתי־צבי'ס שליחות, און ס'האָט אים אַצינד פאַרדראָסן, וואָס ער דאַרף צעטרייסלען זיין גלויבן. ער האָט צו אים געוואָלט זיין גוט, און דאַרום ווייך גערעדט:

— אשר, הער אויס: אַלע די, וואָס באַטרעטן דעם וועג אויף וועלכן שבתי־צבי איז געגאַנגען מוזן צום סוף געשטרויכלט ווערן... ס'איז אַ וועג, וואָס פירט סוף־כל־סוף צו שמד.

דאָס בחור'ל איז געבליבן אָן לשון מיט אַ געעפנט מויל און ליידיק קוקנדיקע אויגן. ער האָט געשטאַמלט:

יצחק האָט געשמייכלט, אים מעשה רבי אַ גלעט געטאָן און געזאָגט:

— עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, אשר, ניט כדאי...

אשר'ס אויגן זיינען פייכט געוואָרן.

— פאַרוואָס האָט ער זיך געדאַרפט שמד'ן?

יצחק האָט געזאָגט:

— ביזט צו יונג צו פאַרשטיין.

אשר'ס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן:

— זיבעצען יאָר, רבי — יונג?... ניין, איך בין גענוג אַלט אָט דעם ענין משיג צו זיין... בין שוין לאַנג טיף אַריינגעדרונגען אין דער קבלה...

יצחק האָט אָנגערוקט די ברעמען, זיין פנים איז געוואָרן שטרענג. ער האָט אַ ברוגז'ער גערעדט:

— ביזט אַריינגעדרונגען טיף אין דער קבלה, אשר... אָט דאָס טאַקי איז די צרה... אויף דעם קלאָגט דער נביא...

אשר האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— וואָס, רבי?!

יצחק האָט אים געשיקט אַ גלעטנדיקן קוק, אָנגענומען אַ מינע פון וועלן זאָגן עפּעס וויכטיקס. ער האָט שטיל אָנגעהויבן:

— אשר, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, איך מוז דיר זאָגן, וואָס איך האָב ביז אַהער אויסגעמיטן צו זאָגן, וואָרים נאָך אַלעמען גלויב איך אין בחירה חפשית, אָבער אין געוויסע פאַלן פאַרמייד'ס מיר ניט צו וועלן אָפּשטעלן אַ רצון אויב איך זע דאָס אָנקומען פון אַן אומגליק און אַ צווייטער ניט... איינמאָל פאַר אַלעמאָל מוז איך אויסליידיקן דאָס האַרץ פון דעם אַלעם, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן פאַר דער צייט, וואָס איך וואָגל זיך אַרום איבער די אידישע קהילות אין אַלע מדינות... הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן... ווילסט וויסן, אשר, דעם אמת, ווי איך זע אים?!... שבתי־צבי איז דורך קבלה געקומען צו שמד! — דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, גלייך ער וואָלט וועלן מיטן אָפּשטעל אונטער־שטרייכן די גרויסע וויכטיגקייט פון דאָס נאָר וואָס אַרויסגעזאָגט'ס. דערנאָך האָט ער ווייטער אין זעלביקן טאָן געצויגן: — קבלה איז סם. דער משיח רעיון איז פאַר אידן אַן אומגליק. קבלה — נעמט מיט גראָבע פינגער און צופלאָנטערט און פאַרמישט דעם קלאָרן און ריינעם רעיון גרויסער אחדות־אלקים, פלאָנטערט'ס אויף אין אַ גרויסן קנויל. דער משיח־רעיון פאַרפירט מענטשן אין לאַנד

פון פאַלשע האָפנונגען, מאַכט זיי געפאַלן און אָפּהענגיג. ביידע: אי די קבלה אי דער משיח־רעיון זיינען דורך אַן אומגליקלאַכן צופאַל ענג געשלאָסן: ביידע האָבן צו טאָן מיט דער שוואַכקייט און פאַלשע באַגריפן פון מענטש, וועלט און גאָטהייט... גאָט, אשר, איז די גוטע השפעה וואָס ווירקט אומבאַוואוסט אויף אַלע הערצער און מחות, ס'איז אַזאַ כח, וואָס ווירקט נאָר צוגוטן דעמאָלט ווען מ'איז ניט געוואָר פון דעם דאָזיקן כח, און טאָמער קריכסטו אַריין אין יענער פילאָזאָפיע, וואָס וויל ניט אַנדערש דערגיין דעם סוד פון יוצר, דעמאָלט איז דער אמת'ער גאָט טויט פאַר דיר, און פאַר דיינע אויגן וועט אויסוואַקסן אַ מין פאַרזעעניש, — אַ קבלה־גאָט. און אָט דער קבלה־גאָט האָט געפירט שבתי־צבי צו שמד...

ער איז אַנשוויגן געוואָרן, געקוקט אין דער וועבנדיקער פינצ־טערניש, און ס'איז אים פאָרגעקומען ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין אַ געדיכטן וואַלד דורך וועלכן מ'דאַרף דורכגיין, אָבער ס'פעלט דער חשק, ווייל פון דער טיף ווייעט אַן אומבאַשטימטער פחד.

דאָס בחור'ל האָט זיך אָנגענומען מיט ווינט ווי צו אַ קאַמף און אָנגעהויבן:

— רבי, איר האָט תמיד געלערנט, אַז וויסן און קלאָרקייט זיינען די הויפּט יסודות פון ריינעם דענקען: אַלעמאָל זען צו דער־גרייכן דעם תמצית, וויסן דעם אָנהויב, — און דאָ מיטאַמאָל עצה'ט איר ניט צו אַריינדרינגען אין תוך פון בורא...

דער רבי האָט, ווי ס'ווייזט אויס, הנאה געהאַט פון תלמיד, ער האָט גוטמוטיק געשמייכלט און דערקלערעריש גערעדט:

— טיפקייטן, אשר, ווערן דערגרונטעוועט מיט אַ מאָס, אַזוי ווערן אויך הויכקייטן דערגרייכט, אָבער קיינמאָל ניט מיט סברה און ליידיקן פלפול. די הויכקייט פון באַרג וועט ניט פעסטגעשטעלט ווערן מיט טרעפן און גלאַט־רייד, מוזט אויסגעפינען אַ וועג ווי צו מעסטן עס. אַזוי אויך איז דאָס ווען גאָט. מוזט אויסגעפינען דעם אמת'ן צוגאַנג פון באַנעמען דעם באַגריף־גאָט. טאָרסט ניט פילפולן, וואַרפן סברות סתם־בעלמא. אויב קאָנסט'ס ניט באַגרייפן איז דאָס איינציקע וואָס איז פאַרבליבן — צו באַוואונדערן. וועסט פינקטלאַך ניט וויסן די הויך פון באַרג — קיין אומגליק ניט. אָבער באַוואונדערן?... יעדע גרויסקייט צעוואַקסט זיך ריזיג ווען באַ־וואונדערט... טראַכט קיינמאָל ניט וועגן דעם וואָס גאָט איז,

פאַרשט ניט אויס די גרויסע השפּעה, מאַך ניט גאָט פאַר אַ באַ־שטימטן געגענשטאַנד...

דאָס בחור'ל האָט אויף אים געקוקט מיט גליאיקע אויגן און שטיל געזאָגט:

— איך פאַרשטיי ניט, רבי.

יצחק האָט אים געמונטערט:

— וועסט פאַרשטיין, וועסט פאַרשטיין, וועסט עלטער ווערן...

ער האָט געזשומעט אַ ניגון, געקוקט אין דער טיפער פינצ־טערניש פון בית־המדרש און אַ בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען. ס'האָט אים פאַרשמעקט מיטן ריח פון פעלד און וואַלד, ס'איז געווען ווי: — גייסט עפּעס און גייסט, שטויביקע ווייסע וועגן ציען זיך ווי שטענגעס קעגן דער זון, פון ביידע זייטן בוימער, גרינע, זאַפטיקע, אַ גמרא ניגון, און: — „מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה" — און פון סטאַמבול ביז פאַדואַ...

דאָס בחורל האָט געהאַט דאָס אויסזען ווי ער וואָלט פאַרלאָרן אַ זאַך וואָס איז אים טייער. ער האָט געפרעגט:

— רבי, וואָס וועט זיין דער סוף? וואָס איז דאָס גורל פון פאָלק ישראל אָן אַ משיח?...

יצחק האָט ניט גוט באַנומען אשר'ס שאלה, ווייל ער איז אַצינד געווען ווייט, ווייט אויף הינטער: — אין אַ שול אין אַמסטערדאַם: —

די שול איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. ס'איז געווען הייס און פאַרשטיקט, און ס'האָט געשמעקט מיט געשמאָלצענע ליכט. אַלעמענס פּנימ'ער זיינען געווען האַרט און שטרענג. אין דער געדיכטער ליכטגעוואַרמטער לופט איז איבער אַלעמענס קעפּ גע־האַנגען ווי אַ שטורמוואָלקן אַ שווערער גורל. אויף דער בימה האָבן שוואַרצע ליכט געברענט. דער ארון־קודש איז געווען אָפן, און דער רב מיט טלית איבערן קאָפּ האָט גערעדט מיט אַ קול וואָס האָט געקלונגען ווי געקומען פון אַ קבר. אַזוינע שרעקלאַכע, ביינער־דורכנעמענדיקע, גרויזאַמע רייד. — און אַ שופר האָט געבלאָזן: — דאָס האָט מען מחרים געווען אַ יונגן מאַן, ווען ער האָט גוט געקענט. אין דער רגע האָט ער אויפסניי איבערגעלעבט די גאַנצע אימה, וואָס האָט אים דעמאָלט מיט אויפזידנדיקע, בלעזלדיקע נאָדלשטעך דורך און דורכגענומען, — און אין מיטן האָט ער אויפגעכאַפּט די ווערטער, וואָס אשר האָט צו אים געשיקט. ער האָט פאַרטשאַדעט געפרעגט:

— וואָס האָסטו געפרעגט, אשר?

דאָס בחור'ל האָט איבערגעפרעגט:

יצחק האָט געשמייכלט און גערעדט:

— "דער גורל פון פאָלק ישראל אָן אַ משיח"? ווער ווייסט — און האָט געצויגן די אַקסלען. — און אפשר דאַרפן אידן ניט קיין משיח. אידן זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין געזעצט פאָלק. די ראמען פון אַ לאַנד זיינען געווען צו באַגרענעצט פאַר זיי. די אידישע אומה האָט געהאַט ממלא זיין אַ שליחות: אַריינברענגען צווישן די געצנדינער דעם רעיון פון אַ בורא־אחד. די שליחות האָט זיך געענדיקט. אַצינד האָט די אידישע אומה אַן אַנדער שליחות: איינפלאַנצן אין אַלע הערצער דעם דערהויבענעם רעיון פון דער גרויסער נביא'ישער פאַרברידערונג: די גאַנצע וועלט איין שטאָט, אַלע מענטשן ברידער. — פאַרשטייסט, אשר?... די אידישע אומה איז דער מאָגן פון דער וועלט... ער מוז תמיד קאָכן...

יצחק איז אַנשוויגן געוואָרן. אַ ווינטל פון פאַרגאַנגענע טעג האָט אויף אים געווייעט, און איז פול געוואָרן מיט דער שטימונג און ניגון פון אַמאָליקן תנ"ך לערנען, און: — "והיה באחרית הימים", — און פאַר אים האָט זיך אין דמיון געצויגן לאַנגע ווינטערנעכט, קליינע פאַרשנייטע שטיבלאַך, אַ פאַרשנייטער, באַרגיקער שול־הויף, אינגלאַך מיט פאַפירענע לאַמטערנעס, — און דער ניגון פון "והיה באחרית הימים".

דאָס בחור'ל האָט ניט געוואָלט אָפּלאָזן. זיינע אויגן האָבן געגליט, די באַקן געפלאַמט. ער האָט געפרעגט:

— איז טאַקי, רבי, אונזער גורל אייביק און אייביק געטריבן צו ווערן? מוזן מיר תמיד דערגנידעריקט ווערן פון יענע, וועמען מיר האָבן געגעבן אַן אמונה? ס'איז דאָך אַ גרויסע סתירה?!

און האָט געקוקט אויף יצחק'ן מיט אַזוינע פולע אויגן און פנים, וואָס האָבן דערוואַרט, אַז דער וועמען ער רופט רבי זאָל אים אַלץ קלאָר מאַכן.

יצחק איז געוואָרן מיט אַמאָל אומרואיק. ס'האָט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט אַן אָנלויף פון דערמאָנונגען און זיין האַרץ האָט מיט טרויער און בענקשאַפט געפילט דאָס פאַרגיין פון טעג און נעכט.

ער האָט נערוועז גענומען גיין הין און צוריק. שפּרייזנדיק האָט

זיך אים מיט געהעכערטער וואַרעמקייט געטראַכט וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן. אַ צוגוס פֿון לירישן טרויער איז אויף אים אָנגעקומען. ס'האָט אים פֿאַרדראָסן פֿאַרן אייגענעם לעבן, — אַ לעבן אָן וואַרעמקייט און ליבשאַפֿט פֿון אַ... — ער איז געבליבן אין מיטען, ניט געוואָלט צוקומען צו אַ באַשטימט פֿאָרם פֿון אויסדרוק, ניט געוואָלט אַרויס־ברענגען פֿאַר די אויגן אַ געשטאַלט, וואָס האָט אין אים אויפֿגערעגט זיין בלוט און אים אָנגעפֿילט מיט ווייטאָגדיקן באַגער. אין קאָפּ האָבן זיך געבאָמבלט שורות פֿון אַ שיר־אהבה:

חיי תלואים בעגיל אזניך
כי אחזה בו מעשה מצרים.
עוד אחזה בך תאוות עינים
על ככבי שחרך ברד שניך...

ער איז געוואָרן אויפֿגערעגט, און צו זיך אויפֿן קול אַ זאָג געטאָן: יע, דער רוח וועט גובר זיין דעם חומר! — און האָט זיך מיט אַ שאַרפֿן קירעווע אָפּגעשטעלט קעגן בחור'ל און גענומען ריידן:

— אשר, ערגעץ וואו אין האָלאַנד וואָגלט זיך אַרום אַ יונגער מענטש, מוז זיין אַצינד אַ יאָר פֿינף און דרייסיק. דער דאָזיקער מענטש איז פֿאַרשטויסן פֿון זיינע גלויבנס־ברידער: ער איז אין חרם, הערסט, אשר, אין חרם... איך בין אַליין געווען דערביי ווען מ'האָט אים מחרים געווען!... שרעקלאַך, איום ומאוים!... הערסט, אשר, קיינמאָל אין לעבן זאָל דיין פֿוס ניט אַריינטרעטן אין אַ שול, וואו מ'איז אימעצן מחרים... הערסט, אשר?... איך פֿאַרשווער דיר... קיינמאָל זאָל דיין פֿוס ניט אַריינטרעטן!...

ער איז געבליבן שטיין שטיל, וועגן עפּעס אַ טראַכט געטאָן און ווידער גערעדט:

— אָבער ניט געקוקט אויף דעם וואָס מ'האָט דעם מענטשן אַריינגעלייגט אין חרם, — זיין נאָמען איז ברוך שפּינאזא — איז ער באַשטימט געוואָרן פֿון גורל צו אָפּדרוקן זיין גייסטיק געשטאַלט אויף דער טאָוול פֿון דער מענטשלאַכער געשיכטע. און אין אַלע צייטן, ביזן סוף פֿון די דורות, וועט זיין גייסט זיין אַ באַווייז פֿון ריינעם לעבן און דענקען. דער אָפּדרוק וואָס ער וועט לאָזן אויף וועט אָבער פֿירן צו דער גרויסער דערנענטערונג פֿון אַלע מענטשן, דער צייט וועט קיינמאָל ניט אָפּגעמעקט ווערן. זיין לעבן אין איינ־זאַמקייט, אָן דער נאָענטקייט און פֿריינטשאַפֿט פֿון אייגענע ברידער,

ווייל קיינער קאָן אַזויפיל ניט אויפטאָן פאַר אַ זאַך, ווי דער וואָס לײַדט אַליין פאַר דעם. דער גייסט, וואָס געדייט אין התבודדות און צער האָט אין זיך די זעלטענע מעלה איינצופלאַנצן גלויבן אין ענדלאַכן נצחון פון הויכן, געאיידלטן גייסט, דער גייסט אָבער פון אַ מענטשן, וואָס איז אַלעמאָל געווען אויף אַ יאַריד, למשל, ווי דער פון שבתי־צבי, ברענגט אַריין צומישונג אין די הערצער און מחות, און דער פועל־יוצא איז גאָרניט קיין גוטער...

ווי אַן אָדלער, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון דער הויך צו זיכערקייט מיט ווערדע און חן, אַזוי האָט יצחק געבראַכט זיינע האַרציקע רייד צו אַ שטילן אויסלאָז. ער איז געבליבן שטיל, אַ פיינלאַך בענקשאַפט האָט אים ווי אין קלאַמערן אַריינגענומען, — און אַמסטערדאַם, ליוואָרנא, האַמבורג, פּראג, ווענעדיק, פּאַדואַ... געגאַנגען און געגאַנגען... שטעט און שטעט, פאַרשיידענע טראַכט, — און ס'ציען זיך אין די שולן איינגעבויגענע, לאַכמאַנע פיגורן מיט לעמער־פחד אין די אויגן... שאָטנס, שאָטנס ווערן פאַרשלונגען פון טריבע ווענט... ליכט און זון: ס'גליטשן זיך רואיק שיפלאַך איבערן וואַסער — ווענעדיק... אַ שאַרפער פאַרלאַנג צו וואַנדערן האָט זיך אין אים אַצינד דערוועקט: גיין איבער דער וועלט, גיין זיך זעען מיט ברוך שפינאָזא, גיין אין פּאַדואַ, אָנקומען אין אוני־ווערזיטעט, וואו יוסף דעלמעדיגאָ האָט געלערנט, — יוסף דעל־מעדיגא צו וועמען ער איז אַזוי ענלאַך אין פרט פון ליבשאַפט צו וואַנדערן.

דאָס בחור'ל האָט אויף אים געקוקט, געווען פול מיטן רבינ'ס פאַרטראַכטקייט, געהאַט אַ פאַרלאַנג צו זיין איינגעווייקט אין די וועגן פון זיין לעבן.

יצחק האָט זיך געווענדט צו אשר'ן:

— אשר, די טעג פאַרלאָז איך סטאַמבול.

אשר'ס אויגן זיינען געוואָרן גרעסער.

— וואָס, רבי?

— איך לאָז זיך אַרויס אויף דער וועלט.

אשר'ס פנים האָט אויסגעדריקט דאגה, ער האָט מיט אַ טרענדיקן קול געזאָגט:

— רבי, נעמט מיך מיט זיך.

יצחק האָט אויף אים געקוקט מיט גוטע אויגן און גערעדט:

— אשר, אויב דו פילסט אין זיך אַן אמת'ע נטיה צו וואַנדערן, און ווילסט דיין גורל וואַרפן אין דעם אמת'ן אידישן גייסט־זאַק, — אויף אַזאַ אופן נעם דעם שטעקן און וואַנדער, אָבער טאָמער האָסטו ניט אין זיך אָט דעם גייסט, האָב חתונה, ווער אַ קרעמער און ווער אַ חשוב אין שול...

און האָט געלאַכט.

אשר האָט זיך אויפגעהויבן, אויסגעצויגן, גלייך ווי ער וואָלט דערמיט וועלן ווייזן, אַז ער איז צוגעפּאַסט צו אַ וואַנדערלעבן. ער האָט מוטיק געזאָגט:

— רבי, איך לייג מיין גורל אין אייערע הענט.

יצחק האָט אים געגלעט איבערן קאָפּ און געזאָגט:

— אשר, נאָך שבת לאָזן מיר זיך אַרויס אין וועג.